נחמיה צוקער

# אויף נייע רעלסן

## דערציילונגען

פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע

יובילײ - אויסגאַבע

צווייטע אויפלאַגע



אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט
צום זעכציקסטן געבורטסטאָג פון מחבר

בוענאָס איירעס

1 9 5 8

# SOBRE RIELES NUEVOS

## NARRACIONES

DE LA VIDA JUDIA EN
LA ARGENTINA

POR

**NECHEMIAS ZUCKER**



---

Editado por el
**COMITE DE HOMENAJE AL AUTOR**
en el 60º Aniversario de su nacimiento
BUENOS AIRES, 1958

# אינהאַלט:

# מיין האַרציקסטן דאַנק

פאַר די אַלע חברים, פריינט און פאַרשטייער פון אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער מסיבה צו מיין 60סטן געבורטסטאָג און אַ ספּעציעלן דאַנק פאַר די חברים אַרטיסטן, וואָס האָבן באַשיינט מיין יום־טוב מיט זייער קינסט־לערישער לייסטונג.

אין אַוודאי — מיין האַרציקסטן דאַנק די אַלע אינסטיטוציעס און יחידים וואָס האָבן פּאַטראָני־זירט און געהאָלפן צום דערשיינען פון דעם בוך און אין דעם פּרט, מיין ספּעציעלן דאַנק דעם סעקרעטאַר פון קאָמיטעט, פאַר זיין אומדער־מידלעכער לייסטונג.

נחמיה צוקער

# די באַטייליקטע

אין געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט צו באַערן **נחמיה צוקער** מיט אַ חברלעכע מסיבה (דורכגעפירט דעם 22סטן נאָוועמבער 1956), — צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג און אַרויסצוגעבן צוויי ביכער פון זיינע שאַפונגען:

1) **אויף נייע רעלסן** (דערציילונגען)

2) **צו זינגען און צו זאָגן**

דער באַערונגס־קאָמיטעט איז פאַטראָניזירט פון יידישן שרייבער פאַריין ה. ד. נאָמבערג, פון צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער יידן און פון יידישן אַקטיאָרן פאַריין אין אַרגענטינע און אויך די פעדעראַציע פון גאַליציאַנער לאַנדסלייט־פאַריינען אין ב. איירעס: „צענטראַל־פאַרבאַנד", „ברית אברהם", „לעמבערגער" און „בראָדער".

פרעזידיום און עקזעקוטיוו:

**מאַקסימאָ קופּפערשמידט** (פרעזידענט)

**פעליקס הערשקאָוויטש** (1טער וויצע־פרעזידענט)

**גדליה בעזרוק** (2טער וויצע־פרעזידענט)

**יעקב שבח** (סעקרעטאַר)

**זלמן הירשפעלד** (פראָ־סעקרעטאַר)

**אָסקאַר שוואַב** (קאַסיר)

**הערמאַן טעפער** (פראָ־קאַסיר)

ביגעלמייער חיים, גרינשפּון מאַנועל, הירש דוד, וויטאמוואס קאַרלאָס, וויינשטיין אברהם, ווייסבלאַט אברהם, וויסבערג סימאָן, טאַראַסיוק א. (סאַן פערנאַנדאָ), פעלדשטיין מאַריאַנאָ, צאַנג ישראל, קנאָבעל באַריס, רובעל אַדאָלפאָ, רוזאַל יהושע, ריטאַר סימאָן.

פּלענום:

אַדלערשטיין מיגעל, איוואַן הערמאַנאָס, אייזענבערג דוד, אייכענבוים סימאָן, אינגער שבתי, אַלטער לעאָן (לאַ פּלאַטאַ), אַלטמאַן לואיס, אויפזעער יעקב,

אַרענזאָן לעאָן, באָטאָשאַנסקי יעקב, באַלאַבאַן א. (אָוועזשאַנעדאַ), ביאַלאָגאָרסקי הערש (וו. לינטש), בעכער הערמאַן, בערדיטשעווסקי בנציון, בערדיטשעווסקי זעליג (אָוועזשאַנעדאַ), גאָטליב מענדל, גאָטליב און מאָושאָווסקי, גהעניס כאַסע, גלאָגער מאיר, גלאַזער משה, גרושקאַ משה, דאַברי איסאַק, דאָלינסקי יעקב, הידערמאַן משה, הערמאַנאָוויטש שמחה, ווייס אברהם, וויינמאַן משה, ווייץ קלמן, זילבערבערג יעקב, ד״ר ל. זשיטניצקי, טאַבאַטשניק ראול, טאָוו ענריקע, ברידער טאָקער, טעפּער לעאָן, טקאַטש אברהם, טקאַטש משה, יאָליכ מרדכי, יאַקובאָוויטש יעקב, לייב בנימין, לאַסטער הערמאַן, לינדמאַן נחום, ליקער ישעיה, לעדערמאַן דוד, לעיוואַ משה, מאַורער יוסף, מאַורער פעליפּע, מאַלאַכאָווסקי פּיוול, מאַרגאָליס כאַסע, מונאַקער איסאַק, מיערס איסאַק, מענ־דעלסאָן יוסף, נעמיראָווסקי לוי, נעמראָווער שמואל, עליסקאָוויטש פּאַבלאָ, עסטעראָן דוד, עפּשטיין נח, פּאַבריקאַנט הערמאַנאָס, פּישער חיים, פּינקוס משה, פּעק נאַום, פּריזאַמענט שלמה, צאַנג משה, צוויאָוויטש שמואל, קאַמערמאַן ענ־ריקע, קאַסנער מאַוריסיאָ, קאָרענהייזער יוסף, קוואַטש זעליג, קוועלער מאַרקאָס קוועלער סאַלאָמאָן, קלאָס מאַקס, קעסלער לייזער, קריסטאַל נחום, ראָזשאַנסקי שמואל, ראָזענבערג סאול, רובאַכאַ כוליאָ, רייזבוים ז., רייטער סאַלאָמאָן, שבח אברהם, שיפּמאַן אהרן, שיקאָרסקי מאיר, שניידער גרעגאָריאָ, שפּאַק משה, שפּרינבערג מ. ב.

געלייסטעט מיט אַ ספּעציעלער מיטהילף אַרויסצוגעבן דאָס בוך האָבן די פּאָלגנדיקע פיר קאָאָפּעראַטיווע קרעדיט־קאַסעס, אונטער דער אַנפירערשאַפט פון זייערע רעספּעקטיווע פּרעזידיומס:

„פלאָרעסטאַ״ מיכל פּישמאַן (פּרעזידענט); חיים יפה (סעקרעטאַר); פּעדראָ קאָרטשמאַר (קאַסיר).

„בעלגראַנאָ״: אברהם וויינשטיין (פּרעזידענט); קאַדיש ווייס (סעקרעטאַר); מאיר פּרוסקין (קאַסיר).

„פלאָרידאַ״: בערל יקיר (פּרעזידענט); אָסיאַס באַרמאַק (סעקרעטאַר); משה גאָלדענבערג (קאַסיר).

„ווישאַ לוראָ״: משה קאַרנער (פּרעזידענט); כאַסע זיסלער (סעקרעטאַר); י. האָפמאַן (קאַסיר).

יעקב שבח

# אַ וואָרט וועגן אונדזער באַערטן שרייבער

ווען איך האָב אָנגענומען דעם אַמט צו זיין סעקרעטאַר פון באַערונגס־קאָמיטעט לכבוד נחמיה צוקער צו זיין ווערן אַ בן ששים, האָב איך געפילט, אַז איך נעם אויף זיך אַן אויפגאַבע וואָס איז גאַנץ דיפערענט מיט די אויפגאַבן פון מיין טאָג־טעגלעכער געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט.

איך האָב שוין לאַנג געטראַכט, אַז אין אונדזער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט וואָלט זייער נויטיק געווען, אַז מיר זאָלן אויך אָנהייבן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צו אונדזערע שרייבער און צו די שאַפער פון אונדזערע קולטור־ווערטן, וועלכע זענען נישט ווייניקער וויכטיק פאַר אונדזער ישוב, ווי די אַלע געזעלשאַפטלעכע פינאַנציעלע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.

איך בין דעריבער געווען זייער צופרידן, וואָס בעת אַ שמועס מיט דעם פּרעזידענט פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער ייִדן, הער אַדאָלפאָ רובעל, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אונדזער באַקאַנטער שרייבער און קולטור־טוער נחמיה צוקער, ווערט אין חודש נאָוועמבער אַ בן ששים און מיר איז איינגעפאַלן, אַז מיט אַ ברייטערע געזעלשאַפטלעכע פייערונג פון צוקערס געבורטס־טאָג, קאָן זיין דער גוטער אָנהויב.

און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז איך האָב אויף זיך גענומען די איניציאַטיווע צו פייערן צוקערס געבורטסטאָג און עס האָט מיר הנאה געטון, וואָס אויף מיין ערשטער אָפיציעלער בריוולעכער ווענדונג צו די דריי אינסטיטוציעס פון וועלכער צוקער איז געווען גרינדער און מיטגרינדער, איז באַלד געקומען דער ספּאָנטאַנער פּאָזיטיווער ענטפער: — יאָ, מיר זענען צופרידן צו פּאַטראָניזירן די פאַרדינטע באַערונג לכבוד נחמיה צוקער צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג.

די דריי אינסטיטוציעס זענען: — דער ייִדישער שרייבער פאַריין ה. ד. נאָמבערג, דער צענטראַל פאַרבאַנד פון גאַליציאַנער ייִדן און דער ייִדישער אַקטיאָרן פאַריין.

האָבנדיק שוין אַזעלכע דריי וויכטיקע אינסטיטוציעס אַלס פּאַטראָ־ניזירער, איז מיר בלויז געבליבן צו ווערבירן מענטשן וואָס זאָלן פאָרמירן דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און לויט מיין פּלאַן, האָב איך זיך דאָס ערשטע געווענדעט צו עטלעכע פון מיינע פריינט, וואָס געהערן צו די אָנגע־זעענסטע געזעלשאַפטלעכע טוער אין בוענאָס־איירעס און צו מיין גרויסן פאַר־גענינגן האָב איך איבעראַל באַקומען דעם פּאָזיטיוון ענטפער: — יאָ! אַ באַ־ערונג לכבוד נחמיה צוקער? יאָ, ער פאַרדינט עס אָן ספק!...

אויף מיין ווענדונג האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן די פריינט מאַקסימאָ קופּפערשמידט, דוד הירש און באַריס קנאָבעל און לויט זייער ווונטש, האָט די יידישע האַנדלס־קאַמער דערלויבט אַז אין אירע סאַלאָנען זאָלן קענען פאָרקומען די זיצונגען פון באַערונגס־קאָמיטעט און צו דער איניציאַטיווע האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן די באַוווסטע כלל־טוער פעליקס הערשקאָוויטש, גדליה בעזרוק, סימאָן ריטאַר, אברהם וויינשטיין, אהרן טאַראַסיוק פון סאַן פערנאַנדאָ, מאַנועל גרינשפּון, מאַריאַנאָ פעלדשטיין און אַנדערע און שנעל האָט זיך פאָרמירט אַ בכבודער קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון א מאה אָנגע־זעענע יידן פון אַלע ריכטונגען אין אונדזער געזעלשאַפט און ביי דער ערש־טער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די פייערונג פון צוקערס זעכציקסטן געבורטסטאָג זאָל באַגלייט ווערן מיט דעם אַרויסגעבן צוויי ביכער פון זיינע שאַפונגען אַלס מתנה פאַרן יובילאַר.

נאָך אַ באַוויז פון צוקערס שרייבערישער פּאָפּולאַריטעט קאָן זיין דער פאַקט, וואָס ווי נאָר עס איז דערשינען דער נאָטיץ, אַז דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן צוויי ביכער פון זיינע שאַפונגען, זענען באַלד אָנגע־קומען אָנשליסונגען פון אינסטיטוציעס וואָס האָבן באַשטעלט די ביכער און איך דערמאָן עס מיט סאַטיספאַקציע, אַז אויף מיין ווענדונג, האָבן זיך באַלד אָנגעשלאָסן די קאָאָפּ. קרעדיט־קאַסעס „פלאָרעסטאַ", „בעלגראַנאָ", „וויזשאַ לוראָ" און „פלאָרידאַ", וועמענס אָנפירערשאַפט האָט באַשלאָסן נישט נאָר דעם אָנשלוס, נאָר צו „אויספּיצירן" די דערשיינונג פון ערשטן בוך — מיט ספּע־ציעלע ביישטייערונגען.

טראָץ פאַרשידענע שוועריקייטן און אויסערלעכע שטערונגען, האָט אונדזער קאָמיטעט באַוויזן אין צייט, (דעם 22סטן נאָוועמבער פ. י.) דורכ־צופירן די חברלעכע באַערונגס־מסיבה, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאַלאָן פון „ברית אברהם" אויף אַנטעסאַנאָ, אָבער צוליב די שוועריקייטן האָבן די צוויי ביכער ביז היינט נישט געקאָנט דערשיינען און איך פריי זיך, וואָס אויב דאָס ערשטע בוך איז שוין כמעט פאַרטיק, האָף איך אַז אויך דאָס צווייטע וועט באַלד אַריין אין דרוק און אונדזער קאָמיטעט וועט האָבן דערפילט די אויפ־גאַבע וואָס מיר האָבן אויף זיך גענומען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם פריינט נחמיה צוקער קען איך שוין אַ סך יאָרן, כמעט פון דעמאָלט ווען ער האָט נאָך געשטעלט די ערשטע טריט אין דער אַרגענטינער נייער היים, און עס זענען מיר גוט באַקאַנט סיי זיינע שרייבערישע ווי זיינע גזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַקטיוויטעטן.

עס וואָלט דאָ אָבער פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַפילו בלויז אין אַ סינטעטישער פאָרם די וויכטיקע לייסטונגען זיינע, וויל איך בלויז אָנווייזן, אַז וויכטיקע אַרטיקלען וועגן צוקערס לייסטונגען זענען דערשינען אין אַ ספּעציעלער יובליי־אויסגאַבע „טעאַטער", דערשינען יוני־יולי 1942, צו נ. צוקערס 25סטן אַניווערסאַר פון זיין שרייבערישער טעטיקייט און אַ סינטעטישע שילדערונג וועגן צוקערס טעטיקייטן געפינט זיך אין שמואל ביאַלים (ע"ה) אַ פאָרוואָרט צו די צוויי ביכער („צווישן נעכטן און מאָרגן" און „מוטער און קינד") וואָס זענען דערשינען אין 1946, אַלס מתנה פון דער געזעלשאַפט צו צוקערס פופציקסטן געבורטסטאָג.

איך וויל דאָ בלויז צוגעבן, אַז זייט 1946, האָט צוקער פאַרגרעסערט מיט דערזעלבער אינטענסיווקייט זיינע שרייבערישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, פון וועלכע איך וויל דאָ בלויז דערמאָנען זיין אויפטו מיטן קויפן דעם אַפּרו־פּלאַץ פאַרן אַקטיאָרן־פאַריין, וועלכן ער האָט באַצייכנט אַלס זומער־היים פאַר יידישע אַקטיאָרן — „אַרטיסטיש ווינקעלע" אין לאַ רעכאַ און אַלס שרייבער — אַ חוץ די הונדערטער פאַרעפנטלעכטע שאַפונגען וואָס זענען וואָך־אויס און וואָך־איין דערשינען אין „די יידישע צייטונג" און וועלכע זענען אַזוי גערן געלייענט געוואָרן, האָט נחמיה צוקער אַרויסגעגעבן דעם צוויי־בענדיקן אינטערעסאַנטן ראָמאַן „שיף אַטלאַנטאַ", פאַקטיש דער ערשטער ראָמאַן וואָס שילדערט אויף ברייטע ליוונטן דעם קאַמף און ליידנסוועג פון די אָנגעקומענע יידישע אימיגראַנטן, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַ דאַנק שווערער אומדערמידלעכער אַרבעט פאַמעלעך אַנטוויקלט און אַרויסגעהויבן צום בעסערן ווילשטאַנד. „שיף אַטלאַנטאַ" איז נישט בלויז אַ ראָמאַן וואָס לייענט זיך מיט שפּאַנונג, נאָר איז אויך אַ בוך אין וועלכן עס זענען פאַרצייכנט וויכטיקע פאַקטן און דאַטן פון דער יידישער געשיכטע אין אַרגענטינע.

---

דער איצטיקער בוך צו וועלכן איך שרייב די דאָזיקע איינלייטונג אַנטהאַלט אין זיך 19 דערציילונגען, צוויי גרעסערע (פון צען און עלף קאַפּיטלען) און 17 קורצע, אָבער אַלע זענען זיי פון היגן יידישן לעבן און צוקער באַטיטלט דאָס בוך מיט דעם נאָמען „אויף נייע רעלסן".

אויף מיין פראַגע צום מחבר, האָט ער מיר געענטפערט, אַז מיט דעם נאָמען „אויף נייע רעלסן" וויל ער סימבאָליזירן די אַנדערשקייט פון דעם יידישן לעבן אין די נייע אַמעריקאַנער היימען און אַז וועגן אַט אַ דער אַנ־

דערשקייט ווערט דערמאָנט אין אַ דיסקוסיע צווישן פּאָטער און זון אין איינער פון די דערציילונגען מיטן טיטל: „גרויסער גאָט, ווייז מיר דעם וועג!...“

איך פריי זיך, וואָס דאָס בוך גייט שוין אַרויס פון דרוק און מיט דער האָפענונג אַז דאָס צווייטע בוך וועט באַלד אַריין אין דרוק און אונדזער קאָמיטעט וועט דערפילן דאָס צוגעזאָגטע, טראָג איך דעם פאַרדינסטפולן מחבר דערוויל צו דאָס ערשטע בוך אַלס מתנה אין נאָמען פון גאַנצן קאָמיטעט, צו זיין ווערן אַ בן־ששים, ווינטשנדיק אים נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן פון לעבן און שאַפן!...

# דאָן ענריקעס נייסטיקער גנעראַנגל

ערשטער קאַפּיטל

## פון הערשל ווערט ענריקע

.1

נאָך אין דער אַלטער היים, ווען הערשל איז אַרויס פון זיין קליין פרום שטעטל און איז געקומען אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער זיך געוואָלט פּראָלעטאַריזירן און שטעלן אין די רייען פון די „קעמפנדיקע אַרבעטער־מאַסן".

ער האָט נאָך אין זיין קליינעם שטעטל, אין קלויז, צוזאַמען מיט שטיקער גמרא, פון בלעטלעך און ביכער אַרויס, זיך אָנגעזאַפּט מיט „פּראָלעטאַרישן באַוווסטזיין" און ער האָט געפילט, אַז זיין פּסיכאָלאָגיע איז אַ פּראָלעטאַרישע און אַז זיין פּלאַץ אויף דער גרויסער וועלט דאַרף זיין אין די רייען פון קעמפנדיקע אַרבעטער.

אָבער, נישט אַזוי לייכט איז עס הערשלען אָנגעקומען זיך איינצוגלידערן אין אַ רייע צווישן אַרבעטער; אַליין אָן אַ פאַך, האָט ער דאָך קודם געמוזט זוכן די וועגן ווי אַזוי זיך צו פּראָלעטאַריזירן און ער האָט אָנגעהויבן אויספּרווון פאַרשידענע איידעלערע מלאכות, ווי זייגער־מאַכעריי, פּריזירעריי און גאָלד־שמידעריי און ווייל די דאָזיקע אַרבעטן האָבן געפאָדערט עקזאַקטקייט מיט גע־דולד ביים איבערחזרן כסדר די זעלבע אַרבעט לויט דעם זעלבן אָנווייז, האָט עס זיין שאַרפזיניקער מוח נישט געקענט פאַרטראָגן און ער איז געוואָרן אַ דם־שונא די אַלע דריי פאַכן.

ער האָט אויך געהאַט געפּרוווט צו ווערן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געשעפט; דאָ, האָט ער געפילט, וואָלט ער שוין יאָ געקענט עפּעס אויפטון, אָבער — דאָס איז דאָך האַנדל און האַנדל, איז דאָך שווינדל און וואָס וועט זיין מיט זיין פּראָלעטאַרישן באַוווסטזיין?...

אָט אַזוי איז עס געשען, וואָס הערשל האָט אַ צייט לאַנג געמוזט אַריבערגיין פון איין ריי צו דער אַנדערער, ביז ער האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ ביב־ליאָטעקאַרן פון אַן אַרבעטער־ביבליאָטעק און זי, די חברטע זעלדע, האָט אין זיין „אינטעלעקט" נאָך מער אויסגעברייטערט זיין „פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע",

מיט דער פֿאָדערונג, אַז ער דאַרף ווערן אַן אמתער פּראָלעטאַריער און זי אַליין, זעלדע, האָט אים געשיקט צו אַ שניידער אויף דער לער און זי האָט אים גע־האָלפֿן איבערקומען די שווערע צייט, ביז ער האָט זיך אויסגעלערנט אויפֿנייען און אויספּרעסן אַ פּאָר הויזן...

איצט, האָט זיך הערשל געפֿילט ווי אַן אמתער פּראָלעטאַריער, אָבער די דורכפֿאַלן ביי די פּריִערדיקע פּרוּוון ביי די איידעלערע פּראָפֿעסיעס, האָבן אין אים איבערגעלאָזן אַ האַס צו די דאָזיקע „געפּאַטשקעטע מלאכות" און צו די „מכלומרשטע פּראָלעטאַריער" וואָס גיבן זיך אָפּ מיט זיי...

כדי צו באַפֿרידיקן זיין נקמה־־געפֿיל צו די „מכלומרשטע פּראָלעטאַריער", האָט זיין שאַרף גמרא־קעפּל צוגעטראַכט פּאַר זיי ספּעציעלע נעמען, וואָס האָבן זיך זייער שנעל פֿאַרשפּרייט צווישן די אַרבעטער פֿון זיינע קרייזן און ביי פֿאַר־זאַמלונגען און דיסקוסיעס האָט מען געהערט די עפּיטעטן: „די שטיי־קראַגן־פּראָלעטאַריער" אָדער „די מאַניקירטע נעגל"...

די „שטיי־קראַגן־פּראָלעטאַריער" האָט מען געמיינט די פֿאַרשידענע אָנ־געשטעלטע אין גרויסע געשעפֿטן, אין בענק, אין ביוראָען, די בוכהאַלטערס און בכלל די אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער געמוזט זיין אָנגעטאָן ריין און מיט שטייפֿע ווייסע קעלנער.

מיט דעם נאָמען „שטיי־קראַגן־פּראָלעטאַריער" זענען די דערמאָנטע אָנ־געשטעלטע געקרוינט געוואָרן נאָך איידער הערשל האָט זיך באַוויזן אויפֿן פּראָ־לעטאַרישן האָריזאָנט, נאָר „די מאַניקירטע נעגל", איז אינגאַנצן געווען הערשלס דערפֿינדונג.

ער האָט נישט געקענט פֿאַרגעסן, ווי דער באַלעבאָס פֿון דער זייגערמאַכעריי האָט אים אָנגעוויזן אויף זיינע פֿינגער מיט די נישט־גערייניקטע נעגל, פֿון וועלכע עס קען פֿאַלן שטויב אין די איידעלע זייגער־געווערקן... און ער איז רויט געוואָרן פֿון חרפּה ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַן גאָלדשמיד, וואָס האָט אים געקוקט אונטער די נעגל, צי האָט ער דאָרט נישט אַריינבאַהאַלטן קיין גאָלד־שטויב און ער האָט אים געהייסן קומען מיט אָפּגעשניטענע נעגל און ער האָט נישט גע־קענט פֿאַרגעסן דעם באַרבירער, וואָס האָט אים געמוסרט, אַז פֿינגער וואָס באַ־רירן כסדר די פּנימער פֿון געסט, מוזן האָבן אַרומגעפּיילטע נעגל, ווען נישט, מיינען די געסט, אַז מען גייט זיי אַרומראַזירן מיט די נעגל אָנשטאָט מיט אַ ראַזיר־מעסער...

## 2.

ווען הערשל מיט זעלדען זענען געקומען קיין אַרגענטינע, האָט הערשל מיט־געבראַכט מיט זיך, בעסער געזאָגט — אין זיך, זיין ווידערווילן צו די „שטיי־קראַגן־פּראָלעטאַריער" און צומאָל האַס — צו די „מאַניקירטע נעגל".

הערשל מיט זעלדען זענען דאָ שנעל אַריין אין נאָדל־פֿאַך, געאַרבעט, גע־

קעמפט, געשטרייקט און אויסגעקעמפט בעסערע באַדינגונגען און דערביי זענען ביידע געווען טעטיק, זי, זעלדע, טאַקע אויך אַלס ביבליאָטעקאַרן אין דעם קליי־נעם ביבליאָטעקל וואָס די האָרעפּאַשניקעס האָבן מיט זייערע מאָגערע סענטן איינגעאָרדנט און ער, הערשל, איז דאָ נישט בלויז געווען אַן עכטער פּראָלעטאַ־רישער קעמפער, נאָר ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט, אַלס אַקטיווער „בעז־באַזשניק”, וואָס האָט מיט חסידישן ברען און התלהבות געקעמפט קעגן רבונו־של־עולם, וועלכן עס האָבן אויסגעטראַכט די גיריקע מאַכטהאָבער און די באַ־לעבאַטים, די עקספּלואַטאַטאָרן...

אָבער, אָט איז געשען, אַז זעלדע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן; הערשל האָט געטענהט, אַז אַ באַוווסטזיניקער אַרבעטער דאַרף נישט באַשאַפן קיין בייע שקלאַפן פאַר די אויסבייטער, נאָר זעלדע האָט אַרגומענטירט, אַז זי וויל בשום־אופן נישט אָפּזאָגן זיך פון אירע רעכטן צו ווערן אַ מוטער און טאַקע פּונקט פאַרקערט, מען דאַרף באַשאַפן און צוגרייטן אַ נייעם דור, וואָס זאָל פאַרזעצן אונדזער אָנגעהויבענעם קאַמף און אים דערפירן ביז צום זיג!

אויסגעפירט האָט זעלדע.

זי האָט געבוירן אַ שיין יינגעלע און עס איז טאַקע באַלד שיעור נישט גע־קומען צו אַ קריג צווישן זיי, ווייל זעלדע האָט געוואָלט דעם קינד געבן אַ נאָמען נאָך איר פאַרשטאָרבענעם טאַטן, ירוחם, און אויב שוין נאָך אַ טאַטן, האָט הערשל געהאַלטן, אַז זיין טאַטע, וואָס איז געווען אַ בכבודיקער ייד אין שטעטל איז ביל־כער און יעקב איז, אגב, אַ שענערער נאָמען ווי ירוחם. נאָר שנעל האָבן זיך ביידע געכאַפּט, אַז דאָס געבן אַ נאָמען דווקא נאָך פאַרשטאָרבענע עלטערן, איז אויך אַן איבערבלייב פון דעם אַלטן רעליגיעזן שימל און אָבערגלויבן און, אגב, איז דאָך פּשוט אַ לעכערלעכקייט צו געבן אַ נאָמען נאָך אַ פרומען טאַטן, ווען דאָס קינד ווערט נישט געיידישט...

הערשל און זעלדע האָבן זיך געאייניקט, אַז דאָס קינד זאָל הייסן יאָסעף; דאָס איז דער ווירדיקסטער נאָמען פאַר אַ קינד פון אמתע האָרעפּאַשנע פּראָ־לעטאַריער!...

.3

מיט דעם געבוירן ווערן פון זייער קינד, האָט פאַמעלעך זיך אָנגעהויבן ענדערן דער לעבנס־שטייגער אין דער שטוב פון הערשלען מיט זעלדען.

זעלדע האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון איר אַקטוואַציע אַלס ביבליאָטעקאַרן, זי האָט געמוזט בלייבן אינדערהיים ביים קינד און ווייל הערשלס פאַרדינסטן אַליין, האָבן נישט געקלעקט אויף די פאַרגרעסערטע הוצאות, האָט זי געמוזט זוכן אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אַרבעט וואָס זי זאָל מאַכן אינדערהיים און צו דעם איז זייער נייטיק געווען אַ ניי־מאַשין און הערשל איז אַוועק צו זיינע לאַנדס־לייט, געזוכט פּראָטעקציעס און ענדלעך האָט ער באַקומען אַ מאַשין צום אויס־

צאָלן אין ראַטעס און זעלדע האָט געאַרבעט אין דער היים, אויסאַרבעטנדיק גאַנצע שטויסן וועש יעדן טאָג און זי האָט זיך נאָר „אַרויסגעכאַפּט" אין גאַס אַריין ווען זי האָט באַדאַרפט אָפּטראָגן אַ פּאַק פאַרטיקע אַרבעט און צוריקברענגען אַ פּאַק צוגעשניטענע סחורות צום אויפניייען.

אַרבעטנדיק אינדערהיים, האָט זעלדע פאַרגעסן אָן דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, זי האָט אַריבערגעאַרבעט ביז הערשל איז צוריקגעקומען, און ווייל דאָס באַדערפעניש איז געוואָרן גרעסער, האָט זי נאָך אַריינגעכאַפּט אַ שעה און צוויי, ביז הערשל איז צוריקגעקומען פון זיינע „אידעיִשע אַקטואַציעס".

און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז די שווערע אַרבעט האָט זיך שלעכט אָפּגערופן אויף זעלדעס געזונט, זי איז קראַנק געוואָרן, די מאַשין איז געשטאַנען ליידיק און שטיל, די ראַטעס האָט מען נישט געקענט צאָלן און הערשלען איז איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז אַ מאַשין טאָר נישט שטיין ליידיק און אויב זעלדע קען דערווייל נישט אַרבעטן, קען זי דאָך אפשר אַכטונג געבן אַז אַן אַנדערע נאָדל־אַרבעטערן זאָל מאַכן די אַרבעט...

מיט דעם האָט עס זיך אָנגעהויבן.

פון איין מאַשין איז געוואָרן צוויי, די געדונגענע נייטאָרן האָט געאַרבעט ביי איינער און זעלדע ביי דער צווייטער, און ווידער איז זעלדע קראַנק געוואָרן און עס זענען שוין געוואָרן צוויי געדונגענע אַרבעטס־הענט און שפּעטער, ווען מען האָט גענומען טראַכטן וועגן אַ דריטער מאַשין, ווייל מען קען דאָך גלאַט אַזוי נישט נעמען און אָפּזאָגן אַן אַרבעטערן פון דער אַרבעט... האָט מען געמוזט דינגען אַ גרעסערע דירה פון צוויי צימערן, איינע פאַרן „טאַזשער" און איינע צום וווינען און אַזוי ווי ביי טויזנטער אַנדערע אימיגראַנטן־פאַמיליעס, האָט זיך דער עקאָנאָמישער מצב ביי הערשלען מיט זעלדען געהויבן העכער און העכער, מען האָט זיך שוין איבערגעקליבן אין אַ נאָך גרעסערער דירה, ס'איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער וואַרשטאַט אין וועלכן מען האָט שוין אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אייגענע סחורות און הערשל איז אַריינגעדרייט געוואָרן אין דער מאַשין פון אינדוסטריע און סוחרעריי. די צייט איז ביי אים געוואָרן „אַ מינוט אַ רענדל" און פון זיין גאַנצן פּראָלעטאַרישן באַוווסטזיין איז בלויז געבליבן ווי אַן עכאָ. זיין „פּראָלעטאַרישע אידעאָלאָגיע" פאַר וועלכער ער האָט געגעבן ביישטייערונגען צו זיינע אַמאָליקע האָרעפּאַשנע חברים, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט אַקטויִרן...

**.4**

הערשל איז אַריין אין די פּעדערן.

אוף! ווי שנעל דאָס איז דערנאָך געגאַנגען!

ער איז געוואָרן אַ שותף צו עטלעכע מעכאַנישע וועבשטולן, אַרבעטער האָבן געאַרבעט אין דריי טורנעס און יעדע טורנע האָט אַריינגעבראַכט כך וכך; אַ

פאַבריק איז אויפגעבויט געוואָרן און באַלד האָט הערשל זיך באַוויזן צו באַ־פרייען פון די שותפים און איז געוואָרן דער איינציקער באַלעבאָס; זיין נאָמען איז שוין נישט הערשל, ער הייסט שוין דאָן ענריקע און ער פליט מיט זיין קאָטש פון זיינע גרויסע טאַזשערן אין צענטער, צו זיין וועבעריי־פאַבריק אויסער דער שטאָט און בוכהאַלטערס און אינזשיניערן ענטפערן אים אויף זיינע אָנווייזונגען מיט רעספּעקט: — סי, דאָן ענריקע! און קאַפּאַטאַזן ענטפערן אים: — סי פּאַטראָן!

דאָן ענריקע איז געוואָרן רייך, זייער רייך און אָנגעזעזן און אין זיינע וואַר־שטאַטן פון מענער און פרויען קאָנפעקציע און אין זיין וועבעריי־פאַבריק, איז ער געוועזן אַ שטרענגער באַלעבאָס, נאָר בלויז אינדערהיים, ווען ער איז גע־בליבן מיט זיך אַליין, איז אין אים צומאָל דער אַמאָליקער הערשל אויפגעשטאַנען תחית־המתים און אָנגעהויבן רעוואָלטירן קעגן דעם דאָן ענריקע...

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט שוין דער היינט־פּראַקטישער דאָן ענריקע גע־ווּסט, אַז ער וועט זיך פון זיין ערשטן אַמאָליקן איך, פון זיין הערשל נישט אַרויסדרייען גלאַטיק, האָט ער נישט דערלאָזן אַז דער קאַמף אין אים זאָל זיך פאַרציִען, ער איז צו צום טעלעפאָן, אָפּגערופן עטלעכע פון זיינע אַלטע פּאַרטיי־חברים און געבעטן מען זאָל אים באַזוכן, ער וויל מען זאָל עפּעס אויפטון, ער וויל זיך לאָזן קאָסטן, און וויסן זאָל מען, אַז הערשל האָט זיין פּראָלעטאַרישע אידעאָ־לאָגיע נישט פאַראַטן.

ווען די אַמאָליקע פּאַרטיי־חברים זענען צוזאַמענגעקומען צו אים אין פאַבריק אַריין, האָט ער נישט אַלעמאָל געהאַט צייט זיי אויפצונעמען, הערשל האָט מער נישט עקזיסטירט און דאָן ענריקע האָט מער נישט געהאַט קיין צייט פאַר אַזעלכע זאַכן...

.5

דאָן ענריקע איז נישט געוועזן קיין פרוידיאַנער; ער האָט די טעאָריעס פון זיגמונד פרויד נישט שטודירט, אָבער עפּעס פרוידיאַנישעס האָט אין אים געלעבט.

דאָס פרוידיאַנישע אין אים, איז געוועזן דער אַמאָליקער הערשל וואָס האָט אין אים געוועקט דערמאָנונגען פון זיין אַמאָל, פון זיינע פרווון ביי די פאַרשי־דענע פאַכן און אָן זיין האַס צו די „מאַניקירטע נעגל" און די „שטייף־קראַגן־פּראָלעטאַריער" און אין זיין היינטיקער מעכטיקייט, האָט זיך אים עפּעס געוואָלט בוקם זיין אין זיי...

עס איז אין אים געוועזן עפּעס פון דעם פרוידיאַנישן „אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס" וואָס האָט הערשלען אַמאָל באַהערשט, בעת ער האָט זיך געמוזט צוריקציִען פון די איידעלערע פּראָפעסיעס און אין זיין היינטיקער מעכטיקייט, האָט ער עפּעס אָנגעהויבן פילן אַ דראַנג, זיך צונעמען אויך צו די איידעלערע פּראָפעסיעס און אויב נישט צו די אַלע פּראָפעסיעס מיטאַמאָל, איז כאָטש —

צו גאָלדשמידעריי, וואָס זיין הינטער־באַוווסטזיין האָט אים נאָך פון פריער געשטויסן, אַז ער זאָל זיך אינפאָרמירן און אינטערעסירן ווי עס האַלט דער קורס פון אַזעלכע אונטערנעמונגען און ער האָט שוין געוווּסט, אַז גאָלד־שמידעריי איז היינט איינע פון די בעסטע אינדוסטריעס און אַזוי ווי געלט האָט אים נישט געפעלט, און אין אַ שיינעם טאָג, האָט זיך געעפנט אַ נייע גרויסע גאָלדשמידעריי אונטער דער פירמע פון דאָן ענריקע און קאָמפּאַניע...

דאָן ענריקע האָט שוין געהאַט גענוג שעפן און אויפזעער אין זיינע װאַרשטאַטן און פאַבריקן און ער האָט זיך געקענט אויף זיי פאַרלאָזן; האָט ער זיין גאַנצע צייט אָפּגעגעבן בלויז פאַר דער גאָלדשמידעריי און מער פון אַלץ, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט די שלייף־מאַשינען, ביי וועלכע עס זענען געזעסן יונגע אַרבעטער, מענער און פרויען, מיט דיקע טונקעלע ברילן־גלעזער אויף די אויגן, כדי צו באַשיצן זיי פון דעם פליענדיקן גאָלד־שטויב און פון דעם שטאַרקן ליכט וואָס האָט געבלענדט די אויגן.

און כאָטש די אַרבעט איז דער היינטיקער מאָדערן־איינגעאָרדנטער פאַבריק איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש פון דער אַמאָליקער גאָלדשמידעריי ווו ער האָט באַדאַרפט פיילן מיט אַ האַנט־פיילעכל, האָט ער אָבער פאָרט גע־זען ווי עס שפּריצט פון דעם מעכאַנישן שלייף־שטיין מיט גאָלד־שטויב און זיינע בליקן זענען דאָס ערשטע געפאַלן אויף די פינגער פון די אַרבעטער און ער האָט געפילט אַ באַזונדערע סאַטיספאַקציע, ווען ער האָט דערזען עמעצן פון די אַרבעטער מיט צו־לאַנגע נעגל און מערסטנס האָט ער דאָס געטראָפן ביי די פרויען און אויפן מאָמענט, האָט זיך אין זיין מוח אויסקאַל־קולירט דער חשבון וויפל גאָלד־שטויב מען קען פאַרבאַהאַלטן אונטער די מאַניקירטע נעגל יעדן טאָג און וויפל דאָס קען אויסמאַכן דורכן חודש...

נאָך אַ קורצער נאָר פעסטער פאַראָרדענונג צום קאַפּאַטאַז, איז אַזאַ אַר־בעטער אָדער אַרבעטערן גערופן געוואָרן אין ביוראָ, מען האָט אויסגעצאָלט דעם באַטרעף פאַר דער אָפּגעאַרבעטער צייט און אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

נאָך אַזאַ געשעעניש, זענען געבליבן צופרידן סיי דער דאָן ענריקע און סיי דער אַמאָליקער הערשל.

דאָן ענריקע, מיט זיין באַוווסטזיין, אַז אַלס קאַפּיטאַליסט ווייסט ער ווי אַזוי אָפּצוהיטן זיין האָב און גוטס און אַלס הערשל, — וואָס ער איז זיך נוקם אָן די „מאַניקירטע נעגל“...

בעת אַזאַ דאָפּלטע צופרידנקייט האָט אַרומגענומען זיין גאַנצן איך, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין דעם טיפן שטול נעבן דעם נידעריקן טישל אין זיין שיינעם סאַלאָן, גענומען דאָס טעלעפאָן־טרייבל צום אויער, אָנגעדרייט אַ נומער און גערופן צו זיינס אַן אַלטן האָרעפּאַשנעם חבר און פאַרבעטן אים אויף מאָרגן אין פאַבריק, ווייל ער וויל זיך גלייכשטעלן מיט זיינע „אידעאָ־לאָגישע אָבליגאַציעס“...

## צווייטער קאַפּיטל

# פון זעלדע ווערט סולעמאַ...

.1

גענוג לאַנג האָט געדויערט די מעטאַמאָרפאָזע פון זעלדען, ביז זי איז געוואָרן „דאַניאַ סולעמאַ".

עס האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט גענומען אַ פלאַנץ און זי איבערגע־פלאַנצט אויף אַן אַנדערן באָדן ווו עס הערשט אַן אַנדער קלימאַט און עס געדויערט ביז די פלאַנץ באַקומט לעבן אויף דעם נייעם באָדן וואָס ווירקט, אַז זי זאָל אָננעמען אַן אַנדער קאָליר און באַקומען אַנדערע אייגנשאַפטן...

די ערשטע יאָרן פון וואַקסנדיקן ווווילזיין, האָט זעלדע אַלץ מורא געהאַט צו שטעלן אַ פעסטן טראָט אויף די געוועקסטע פאָלן פון אירע כסדר שענערע ווויינונגען.

שוין אַ מאַמע פון דריי קינדערלעך, אַ זונדל און צוויי טעכטערלעך, האָט זי נאָך אַלץ אַליין באַדינט דאָס הויז און זי האָט אַלס באַלעבאָסטע מיט פיל מער זיכערקייט אַליין געוועקסט און געגלאַנצט די פאָלן, ווי זי איז געטראָטן אויף זיי.

זעלדע האָט נאָך אַ לאַנגע צייט אַלץ מורא געהאַט, אַז דאָס ביסעלע מזל האָט זיך נאָר אַ שפּיל־געטון מיט איר און אָט־אָט, אויב מען וועט עס נישט אָפּהיטן, קאָן עס חלילה אויסרינען, און מען וועט מוזן אָנהייבן פונדאָסניי...

האָט זיך זעלדע נאָך אַ לאַנגע צייט, אַ חוץ אירע שטוב־אַרבעטן, גע־פּרוווט מישן אין די טאַזשערן, אָבער זי האָט גוט געזען ווי די וואַרשטאַטן וואַקסן, מאַשינען קומען צו און אַז דאָס אַלץ מיט וואָס איר הערשל פירט היינט אָן, איז גאָרנישט פאַר איר באַנעם, אַז דאָס אַלץ איז ווייט איבערגע־וואַקסן איבער אירע באַגריפן און כדי נישט צו דרייען זיך ווי אַ פאַרלוירענע און אַ פרעמדע אין די וואַרשטאַטן, האָט זי זיך גענומען מאַכן אָנזעעוודיק מיט דעם צירונג מיט וועלכן זי האָט זיך כסדר מער אַרומגעהאָנגען און זאָלן די אַרבעטער זען, אַז ווען מען אַרבעט ערלעך און געטריי, קאָן מען זיך אַ־ו־פּ־אַרבעטן, אָט אַזוי, ווי זי, זעלדע, טאָקע צוזאַמען מיט איר הערשלען האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט... אָבער, ווען זי האָט געזען, אַז די אַרבעטער, אָנשטאָט זיי זאָלן זיך פון איר אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל, קוקן זיי גאָר אויף איר מיט שפּיזיקע בליקן, האָט זי זיי אָנגעהויבן פיינט באַקומען און זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט קומען אין זייערע ד' אמות...

.2

ערשט ווען אַ חוץ די צוויי דינסטן, איז אין דער רייך־איינגעאָרדנטער היים געקומען אויך אַ מיידל צו די קינדער, אַ „ניניעראַ", דעמאָלט האָט זיך זעלדע פּראָקלאַמירט אַלס דאָניאַ סולעמאַ.

מיט די דינסטן, האָט זי זיך נישט געמאַכט קיין עסק; זיי האָבן נישט באַדאַרפט וויסן קיין נאָמען; זיי האָבן זי גערופן „סעניאָראַ" און שוין.

אָבער אַ „ניניעראַ" ,נאָך דערצו, אַזאַ אידעלע אינטעליגענטע, אַ טעכטערל פון דייטש־יידישע פּליטים, וואָס דאָרט וואָלט זי זיכער שוין געהאַט אַ דאָקטער־טיטל, ווען זי וואָלט נישט געמוזט זיך ראַטעווען דאָס לעבן און אַנטלויפן פון די רשעים, פאַר אַזאַ, קאָן זי דאָך נישט בלייבן סתם אַזוי, עפּעס אַ סעניאָראַ... און זי ווייס אַליין נישט ווי אַזוי עס איז געשען, קאָן זיין, אַז זי האָט זיך שוין געהאַט געגרייט דערפאַר, און דאָך, האָט זי געפילט אַזוי, ווי עס וואָלט געקומען פּלוצים, ווען די דייטש־יידישע גובערנאַנטקע האָט זי אַ פרעג־געטון ווי זי הייסט, האָט זי שנעל געענטפערט: — סולעמאַ און דאָס מיידל האָט זיך געטון אַ פאַרנייג און מיט אַ שמייכל געענטפערט: — זייער שיין, דאָניאַ סולעמאַ!...

דאָס איז געווען אַלץ. פאַר איר, פאַר סולעמאַ־זעלדע, איז געווען גענוג אַט־אָ דער איינער מאָמענט, אַז זי זאָל אַ שמייס־טון, אַ וואָרף־טון איר נאָמען זעלדע אַזוי ווי מען וואַרפט אַוועק אַ בלעטל פון אַ נעכטיקן טאָג אין אַ קאַלענדאַר, נישטאָ מער זעלדע, היינט האָט אויפגעלויכטן אַן אַנדער בלעטל, פון וועלכן עס שיינט אַראָפּ דער נאָמען סולעמאַ!...

די זעלדע־פּלאָנץ האָט אונטער די נייע לעבנס־באַדינגונגען אָנגענומען אַנדערע קאָלירן און איינגעזאַפּט אין זיך אַנדערע זאַפטן און גענומען אויף זיך דעם נאָמען סולעמאַ, פאַר וועלכן זי איז איצט גרייט געווען צו קעמפן, אויב עמעץ זאָל וואַגן זי צו ווען רופן אַנדערש.

און ווי מורא־האָבנדיק, אַז זי אַליין זאָל חלילה נישט פאַרגעסן אַז זי איז שוין פון היינט אויף ווייטער סולעמאַ, האָט זי אין דעם טאָג, צי זי האָט עס נייטיק געהאַט צי נישט, גערופן די סעניאָריטאַ ניניעראַ, און יענע איז באַלד צוגעקומען, פאַרנייגט זיך מיט אַ שמייכל און געענטפערט:

— סי, דאָניאַ סולעמאַ!...

.3

כאָטש הערשל האָט אין גאַס שוין לאַנג געהייסן דאָן ענריקע, האָט ער נישט געוואָלט אַזוי שנעל נאָכגעבן און רופן זיין ווייב „סולעמאַ" און נישט איינמאָל, ווען ער האָט זי ווי אויף להכעיס אַ רוף־געטון „זעלדע", אָדער אַפילו „זעלדעניו קרוין", האָט עס אין אירע אויערן געקלונגען ווי אַ מין חוזק און זי האָט זיך אויף אים אַ לאָז־געטון מיט טענות:

— וואָס פאַר אַ זעלדע בין איך דיר? ווער איז די זעלדע? זעלדע איז שוין לאַנג נישטאָ! זעלדע איז גוט געווען פאַר דאָרט, פאַר די אַמאָליקע צייטן, אויף יענער זייט ים, ווו מען האָט געפּעכבניעט אויפן פּיסק... אָבער דאָ, דאָ איז אַמעריקע! אַנדערש איז דאָ דאָס לעבן און מיר מוזן זיך צופּאַסן און אויך ווערן אַנדערש...

אָ, אַז ביי דער געוועזענער זעלדע האָט זיך צעשפּילט דאָס צינגל, האָט זיך דעם דאַן ענריקע נישט אַזוי לייכט איינגעגעבן אָפּצושטעלן עס און כדי אַ סוף צו מאַכן צו אירע אַרגומענטאַציעס, האָט ער געפּלעגט אָנשטעלן דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט אויף די העכסטע טענער כדי זיי זאָלן פאַרטויבן זיין אשת־חילס קול, אָדער ער האָט אויף זיך צורעכט־געמאַכט די קליידער און אַרויס פון שטוב.

די היציקע דאָניאַ סולעמאַ האָט אָבער אַלץ נישט אויפגעהערט אַרגו־מענטירן; אויב די ראַדיאָ האָט איר געשטערט צו הערן איר אייגן קול, איז זי אַריין אין אַ צווייטן צימער און הינטער דער פאַרמאַכטער טיר האָט זי ווייטער גערעדט צו זיך אַליין; אָדער ווען ענריקע איז אַוועק, האָט זי געקוקט צו דער טיר און ווייטער גערעדט צו אים, אַזוי ווי ער וואָלט געבליבן שטיין אין טיר און זיך צוגעהערט צו איר מבול מיט רייד...

— האָסט געהערט אַזוינס? מען ווערט רייכער פון טאָג צו טאָג, קינדער וואַקסן אונטער, מען האַלט צו זיי אַ ניניערא, וואָס זאָל זיי דערציִען ווי עס פּאַסט פאַר לייטן, נאַדיר גאָר אַ זעלדע אינמיטנדרינען!...

און זעלדע האָט באַשלאָסן, אַז ענריקע זאָל זיך דאָרט פירן זיינע גע־שעפטן מיט די פאַבריקן מיט אַלץ מיטאַנאַנדער, נאָר די שטוב, די דערציִונג פון די קינדער, דאָס זאָל ער לאָזן פאַר איר, פאַר דאָניאַ סולעמאַ, וואָס ווייס און פאַרשטייט ווי אַזוי עס דאַרף זיך פירן אַ מאָדערנע רייכע פרוי...

און כאָטש אין דאָן ענריקע האָט אַ סך מאָל אויפגעלעבט די אומרו פון אַמאָליקן הערשל, וואָס האָט אים ווי געשטויסן ער זאָל זיין ווייב דווקא אָנ־רופן ביי איר אַלטן נאָמען, האָט ער זיך ענדלעך אונטערגעגעבן און ער איז געווען צופרידן, וואָס זי מאַטערט אים נישט מער מיט אירע נאַרישע „קליינ־בירגערלעכע" און „פיליסטערישע" אַרגומענטאַציעס...

ענריקע האָט זיך ווי פלוצים אַרומגעזען, אַז עס זענען פאַראַן אויף דער וועלט אַזויפיל שיינע זאַכן, וואָס מען דאַרף זיי דערגרייכן און הנאה האָבן פון זיי, אַז עס לוינט נישט צו פאַרלירן די טייערע צייט מיט קריגן זיך מיטן ווייב; זי וויל „סולעמאַ", זאָל זיין סולעמאַ, אַבי שאַ־שטיל...

.4

איינע פון די פילע שיינע זאַכן וואָס די וועלט פאַרמאָגט, איז פאַר דאָן ענריקע געווען — דאָס יונגע, שלאַנקע בלוי־אויגיקע דייטש־יִדישע מיידל, די „ניניערא".

ער האָט נישט געהאַט קיין זינדיקע געדאַנקען. ער האָט בלויז געפילט צו איר אַזאַ פֿאַרערנדיקע פֿריינטלעכע באַציִונג, וואָס האָט אים באַוויגן, אַז ער זאָל איר שענקען זיין אויפֿמערקזאַמקייט מיט עפּעס אַ מתנה, נאָר ער האָט נישט געקאָנט געפֿינען די געלעגנהייט די זאַך צו רעאַליזירן.

איינמאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, האָט ער, זיצנדיק אין אָפֿיס פֿון זיין שיין־איינגעאָרדנטער גאָלדשמידעריי, זיך פּלוצים דערמאָנט אָן זיינע קינדער און אַ שטאַרקע בענקעניש צו זיי האָט אים אָנגעהויבן נאָגן און מאָנען ביי אים פֿאָטערלעכע וואַרעמקייט צו זיי...

עפּעס האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז די פֿאָטערלעכע ליבע צו זיינע קינדער וואָס האָט זיך פּלוצים אין אים אַזוי צעפֿלאַקערט, איז צוליב עפּעס און כאָטש ער האָט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם עפּעס, האָט ער זיך פֿונדעסטוועגן אַרומגעקוקט איבער די עטלעכע טישן ווו עס האָבן פֿון אונטער קרישטאָלענע שויבן אַרויסגעפֿונקלט פֿאַרשידענע גאָלדענע צירונג, אָבער, ווי כדי צו ווייזן זיך אַליין, אַז ער איז גאָרנישט מער אויסן ווי בלויז די ליבשאַפֿט צו זיינע קינדער, האָט ער גאָרנישט אַרויסגענומען פֿון אונטער די שויבן, נאָר שנעל צורעכט־געמאַכט אויף זיך דעם אָנצוג, איינגעצויגן בעסער דעם קראַוואַט און איז אַרויס פֿון אָפֿיס, אַריין אין זיין אויטאָ און זיך שנעל אַ לאָז־געטון אויפֿן וועג צו זיך אַהיים, צו זיינע קינדער.

.5

רוט לעווי, דאָס גאָלד־בלאָנדע, בלוי־אויגיקע דייטש־ייִדישע פֿריילן, וואָס האָט אָנגענומען דעם פּאָסטן אַלס גובערנאַנטקע פֿון דאָן ענריקעס קינדער, האָט נישט געקאָנט פֿאַרמאַסקירן איר גרויסע פֿאַרוווּנדערונג, ווען דאָן ענריקע האָט זיך פּלוצים געיאַוועט און זיך מיט אַזאַ אימפּעט אַ וואָרף־געטון צו די קינדערלעך און זיך צעקושט מיט זיי.

זי איז געשטאַנען אָן אַ זייט און מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן צוגעקוקט ווי דאָן ענריקע כאַפּט אויף די הענט צוערשט די קליינע אַכט־יעריקע ראָסיטאַ און דריקט זי צו זיך און קושט זי און דערנאָך, ווי ער האָט זיך דאָס דער־פֿרייט מיט זיין צען־יעריקער עסטערסיטאַ און אויפֿסלעצט — מיט דעם שוין באַלד דרייצן־יאָריקן כאָסעסיטאָ, וועלכער איז גראָד געזעסן איבער זיין שרייב־העפֿט ביים טיש און געמאַכט זיינע לעצטע לעקציעס פֿאַר דעם זעקסטן גראַד פֿון די אָנפֿאַנג־שולן.

אויך די קינדערלעך זענען געווען איבערראַשט פֿון זייער פֿאָטערס פּלוצ־צימדיקן ליבעס־אויסברוך און דאָס, אין אַזאַ צייט, ווען זיי האָבן אים קיינ־מאָל פֿריִער נישט געזען אינדערהיים און עס האָט אויסגעזען, אַז בלויז כאַ־סעסיטאָ, האָט זיך געפּרוּווט עפּעס אָנשטויסן אויף דער סיבה פֿון זיין פֿאַ־טערס פּלוצימדיקער געטריישאַפֿט און ליבע, ווייל ווי נאָר דער פֿאָטער האָט

אים באַפּרייט פון זיין אומאַרמונג, האָט ער געוואָרפן אַ פאַרשנדיקן בליק צו פריילן רוט און ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע, אַזוי ווי ער וואָלט אָפּגעוואָרט עפּעס אַן אומאַנגענעמע געשעעניש...

עס איז אָבער גאָרנישט געשען.

דאָס יינגל האָט אַפילו באַוויזן אויפצוכאַפּן דעם פּאָטערס בלאָנדזשנדיקע בליקן, וואָס האָבן צוערשט געוואַנדערט פון אים צו די קליינע שוועסטערלעך און דאַן פאַרבלאָנדזשעט, ווי צופעליק, צו דער גובערנאַנטין, אָבער דער פּאָטער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימן פון עפּעס אויסן־זיין און דאָס יינגל האָט זיך ווי אַ פאַרשעמטער צוריק אַוועקגעזעצט צום טישל פאַרענדיקן מיט זיין לעקציע.

אויף אויף דער פריילן רוטס פּנים האָט זיך שנעל געלאָשן די פאַרוווּנדערונג, פון וועלכער עס האָט אויך אַרויסגעשיינט אַ פונק פון פאַרדעכטיקער דערוואָרטונג, אָבער, עס איז גאָרנישט געשען אַזעלכעס וואָס זאָל באַרעכטיקן איר פאַרדאַכט. דאָן ענריקע האָט זיך אַנטשולדיקט וואָס ער איז געקומען אַזוי פּלוצים, עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַזאַ צופאַל, ער דאַרף דאָ אַרויסנעמען געוויסע דאָקומענטן... און ער האָט זיך טאַקע גענומען פאַרקען און זוכן עפּעס אין די שופלאָדן און ענדלעך האָט ער זיך געזעגנט און איז אַוועק.

און זינט דעמאָלט, האָבן זיך גאַנץ אָפּט אָנגעהויבן איבערחזרן די צופאַלן און כאָטש דאָן ענריקע האָט נאָך אַלץ נישט געוואַגט צו ענדערן זיין רעספּעקטפולע האַלטונג לגבי דער שיינע גובערנאַנטקע, האָט אָבער דער בכור זיינער, דער קנאַפּ־דרייצן־יאָריקער בניאַק, כאָסעסיטאָ, גוט באַמערקט זיין פּאָטערס גלייענדיקע בליקן, וואָס האָבן אַזוי ווי די קאַץ וואָס ער זעט אָפּט אויף די טרעפּ — מיט פּאָספּאַריזירטע שפּיזלעך זיך אַריינגעשטאָכן אין פריילן רוטס גראַציעזע באַוועגונגען און יעדעס מאָל ווען דער פּאָטער איז אַוועק, האָט כאָסעסיטאָ אים נאָכגעקוקט מיט ברוגזע און האַלב־איראָנישע בליקן, אַזוי ווי זיי וואָלטן אים נאָכגעשריגן: — וואַרט אויס, איך פאַרשטיי שוין וואָס דו ווילסט, דו „וויעכאָ ווערדע"...

און עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז פּונקט אין דעם טאָג, ווען דאָן ענריקע האָט שוין געוואָלט וואַגן און ער האָט מיטגענומען מיט זיך פון זיין גאָלדשמידעריי אַ פיינע ווערטפולע מתנה, מיט וועלכער ער האָט געגלויבט צו געווינען די פריינטשאַפט פון דעם גאָלד־בלאָנדן מיידל מיט די הימל־בלויע אויגן וואָס האָבן אים פאַרכישופט; ער האָט שוין איבערן גאַנצן וועג צו זיך אַהיים געטראַכט, אַז נישט נאָר די קליינע מתנה, נאָר נאָך און נאָך וואָלט ער געוואָרפן צו אירע פיס, אַבי אַ וואַרעמען קוק פון איר... אָ, וואָס ער האָט אַלץ נישט געטראַכט, איבערן וועג, דער דאָן ענריקע! און דערפאַר איז געווען פאַר אים פיל, פיל גרעסער די אַנטוישונג און פיל פילבאַרער דער קלאַפּ,

ווען אָנקומענדיק אַהיים, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מיט צוויי שעה צוריק, האָט די דאָניאַ סולעמאַ „אָן אַ פּאַרוואָס" אָפּגעזאָגט דער פריילן פון פּאָסטן, באַצאָלט איר וואָס זי האָט געמאָנט און געהייסן גיין...

דאַן ענריקע האָט שוין דאַסמאָל פאַרגעסן צו קושן די קינדער און ווען ער איז אַן אויפגערעגטער אַרויס פון שטוב, האָבן אים באַגלייט זיין בנ'אָקס חוזקדיקע און נקמהדיקע בליקן...

## דריטער קאַפּיטל

## אָך, ווען נישט דער „וועקזייגער"...

1.

עס קאָן זיין, אַז ווען נישט דאָס שלאַנקע גאָלד־בלאָנדע דייטש־ייִדישע מיידל מיט די שיינע הימל־בלויע אויגן, די שיינע גובערנאַנטקע פון זיינע קינדער, וואָלט דאָן ענריקע נאָך יאָרן און יאָרן אויסגעלעבט צוזאַמען מיט זיין זעלדע — סולעמאַ, לויטן שאַבלאָנעם שטייגער, מיט צעקריגן זיך און איבערבעטן און ווידער צעקריגן זיך און ווידער איבערבעטן, און אַזוי, לויט דעם שאַבלאָנעם שטייגער, צוזאַמען, ווי מען זאָגט עס, זיך געעלטערט מיט איר אין פריידן.

און עס קאָן אויך זיין, אַז ווען סולעמאַ וואָלט נישט געווען אַזוי פּלוצים אָפּגעזאָגט, ממש אַרויסגעוואָרפן די גובערנאַנטקע „אָן אַ פּאַרוואָס", וואָלט זיך דער דאָן ענריקע טאַקע געפּרווּוט אַ טשעפּע־טון מיט איר, אָבער נאָך אַ גוטן אָפּשניט וואָס האָט אים דערוואַרט פון איר פאַר נישט רעספּעקטירן איר כבוד, וואָלט ער זיך צוריקגעצויגן אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט און אַלץ וואָלט וויי־טער געגאַנגען אַזוי ווי פריִער; דאָן ענריקע וואָלט אַרומגעהאַוועט און אַרומ־געשמייעט פון זיין פאַבריק צו זיינע וואַרשטאַטן און פון די וואַרשטאַטן צו זיין גאָלדשמידעריי, דאָ וואָלט ער אויפגענומען נייע אַרבעטער און דאָרט וואָלט ער אָפּגעזאָגט אַלטע און וואָלט זיך עפּעס אַ ריר־געטון אין זיין גע־וויסן, וואָלט ער באַלד גערופן טעלעפאָניש צו איינעם פון זיינע אַמאָליקע אידעאָלאָגישע חברים און מיט אַ באַשטייערונג וואָלט אַלץ ווידער געוואָרן גוט...

אָבער דווקא סולעמאַס שנעלע „באַזייטיקן די געפאַר פון שטוב", האָט אויף אים געווירקט אַזוי ווי אַמאָל, אַמאָל, ווען ער האָט נאָך אַלס הערשעלע, באַקומען אַ פּאַטש פון זיין טאַטן, אַ פּאַטש, וואָס הערשעלע האָט אים באַטראַכט פאַר אומ־באַרעכטיקט...

דאָס פּלוצימדיקע אַרויסוואַרפן פון שטוב דאָס שיינע מיידל האָט אינגאַנצן צעטרייסלט זיין געמיט און ערשט איצט, האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זי, דאָס

שלאַנקע גאָלדענע מיידל, איז געווען דער איינציקער אָביעקט אין שטוב, אויף וועלכן עס איז געווען כדאי אַ קוק צו טון...

אַלץ אין זיין שיין־איינגעאָרדנטער היים איז איצט געוואָרן גרוי און וואָכע־דיק און ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיין זעלדע איז שוין גאָרנישט זעלדע, דאָס איז אַ סולעמאַ, וואָס האָט זיך געלאָזט אָנוואַקסן אַ זיבן־גאָרנדיקן גוידער; דאָס איז עפּעס איינע פון יענע פעטע יידענעס, וועלכע ער האָט אין די אַמאָליקע צייטן געשאָלטן אין טאַטנס־טאַטן אַריין, פאַר זייער „דעספּאָטישן" קאָ־מאַנדעווען מיט די דינסטן, אַריינגעגומען און אַרויסגעוואָרפן, און איצט, מוז ער דאָס טאָלערירן אין זיין אייגענער שטוב!...

— איך מוז? ניין! טויזנט מאָל ניין! איך מוז נישט און איך וועל עס נישט טאָלערירן!...

און זיין גאַנצן אַמאָליקן „אידעאָלאָגישן באַוווסטזיין" האָט ער איצט אַריינ־געלייגט אין דעם קאַמף קעגן זיין ווייב, פאַרוואָס זי האָט אָן אַ שום מאָטיוו אַרויסגעוואָרפן דאָס אָרנטלעכע מיידל, וואָס האָט די קינדערלעך געלערנט אַזעל־כע שיינע מידות...

— דו וועסט זיך ביי מיר נישט פירן ווי די פאַרשמאָלצענע בורזשואַזנע ווייבער און וואַרפן מיט מענטשן אָן אַ פאַרוואָס! דו וועסט...

אַזוי האָט ער נישט אויפגעהערט קעמפן מיט סולעמאַן פאַר דער „גערעכ־טער זאַך" און ער האָט זיך אין דעם קאַמף געפילט ווי אַ קעמפער און מאַר־טירער פאַר זיין אידעאַל, פון וועלכן די „אומשטענדן" רייסן אים כסדר אַוועק צום „אָפּנייגן זיך פון דער ליניע"...

.2

דאָן ענריקע, איז ביי זיך כסדר געווען זיכער, אַז ער איז געבליבן דער זעלבער בונטאַר, דער זעלבער באַוווסטזיניקער אָנהענגער פון דעם שיינעם וועלט־באַפרייערישן אידעאַל, נאָר וואָס דען? די אומשטענדן, די אומשטענדן רייסן אים אַוועק און מאַכן אים גאַנץ אָפּט פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך...

אין תוך גענומען, איז דאָן ענריקע נאָך אַלץ געבליבן דער אַמאָליקער הערשל און זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז, ווען ער גיט אַ באַגריסונג אין בלאַט און שרייבט זיך אונטער „כאַוער הערשל" און עס קומט ביי אים אַ סך מאָל אויס, אַז דער דאָן ענריקע איז גאָר אָן אַנדערער, אַ מין צוטשעפּעניש, וואָס פּאַסט זיך גאָרנישט פאַר אים, נאָר וואָס זאָל ער טון, די „אומשטענדן" האָבן עס גע־מאַכט אַזוי, אַז ער דאַרף שפּילן די ראָל און אויב ער שפּילט שוין די ראָל, דאַרף ער זי שפּילן מיט אַ טאַלק, ווייל נאָך אַלעם, טוט ער עס היינט שוין נישט אַזוי ווייט פאַר זיך, פאַר זיינע אייגענע נוצן, ווי צוליב די אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע, וועלכע מען קאָן נישט אַזוי, מיר־נישט, דיר־נישט, לאָזן אָן ברויט...

„כאַוועך הערשל" האָט גוט געוווּסט, אַז דאָס זענען בלויז אַזעלכע מאַנעוו־רעס אויף צו באַרויִקן דאָן ענריקעס געוויסן, אָבער די „אומשטענדן" האָבן עס שוין אַזוי ווייט אַוועקגעפירט, אַז „הערשל" ווערט כסדר מער אַרויסגעשטויסן און ער האָט שוין באַלד קיין וואָרט נישט מער...

דאָס ערגסטע איז געווען, ווען דאָן ענריקע האָט אָנגעהויבן אָפּטון זאַכן אין הערשלס נאָמען; ווען ער האָט אָנגעהויבן אַריינלייגן, ווי זיין פאָטער האָט עס אים אַמאָל געזאָגט: — די שמדקייט אין דער יראה...

עס איז געווען אַ שבת אינדערפרי, ווען דאָן ענריקע איז געשטאַנען הינטער דעם לאַנגן „מאָסטראַדאָר" און איבערגעקוקט די אויסגעפּאַרטיקטע הויזנס און וועסטן, וואָס אַ היפּשע גרופּע אַרבעטער־פרויען, בייערינס, האָבן אָפּגעבראַכט.

אין זיין גרויס הורט־געשעפט, זענען געווען גענוג אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן געקאָנט מיט געניטשאַפט איבערקוקן די געבראַכטע סחורות, אָבער דאָס מאָל האָט דאָן ענריקע דווקא געוואָלט אַליין זען פאַרוואָס ער צאָלט געלט און אָט האָט עס פּאַסירט, אַז ער האָט געפּאַקט אַ וועסטל, וואָס אַ קנעפּל איז דערויף געווען שלעכט צוגענייט, אַביסל אָפּגערוקט פון דער גראַדער ליניע און ר׳האָט דאָס וועסטל אַ וואָרף־געטון צום גאַנצן פּאַק: — נעמט עס שוין צוריק! איך צאָל געלט און איך פאָדער דערפאַר גוטע אַרבעט!...

די פרוי, וואָס האָט געבראַכט דעם פּאַק, איז געווען אַ גענוג יונגע, זי האָט געטראָגן אַזאַ ברייטן כאַלאַט, ווי געוויינלעך עס טראָגן פרויען אין איר צו־שטאַנד, זי איז נעמלעך געווען שוואַנגער, שוין אין די הויכע חדשים און הערנ־דיק, אַז זי דאַרף צוריקטראָגן אַהיים דעם גאַנצן פּאַק, זענען איר געקומען טרערן אין די אויגן און זי האָט געפּרוווט אַפּעלירן:

— סעניאָר ענריקע... אָט האָב איך אַ נאָדל־פאָדעם, גיט מיר אַרויס דאָס וועסטל און איך וועל עס דאָ, אויפן פּלאַץ פאַרריכטן... איבערשטעלן דאָס קנעפּל...

— דאָ איז מיין געשעפט און נישט קיין טאַזשער... דאָ דאַרף מען אַריינברענ־גען פאַרטיקע אַרבעט און גוטע אַרבעט, ווייל איך באַצאָל גוט געלט...

— אָבער... זעט, דאָן ענריקע... איך... איך... עס איז מיר שווער ווידער צוריקצופירן דעם גאַנצן פּאַק...

אויפן מאָמענט, האָט זיך דאָן ענריקעס פּנים ווי אָנגעצונדן פון כעס און ער האָט שוין געהאַט גרייט די שטאַרקע ווערטער, וואָס זי מיינט זיך דאָס, אַז אין איר שוואַנגערשאַפט איז ער נישט שולדיק... אָ, ער האָט איר געוואָלט זאָגן און זאָגן, אָבער פּלוצים האָט הערשל אין אים אַ טרייסל־געטון מיט זיין געמיט און ער האָט אָנגעהויבן בעבען, נישט אַהין און נישט אַהער, ער האָט זיך נישט גע־קאָנט דעצידירן און ענדלעך האָט ער געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס מיט וועלכן סיי הערשל און סיי דאָן ענריקע האָבן געמוזט זיין צופרידן, ער האָט צוגענומען דעם פּאַק, נאָר בלויז דאָס וועסטל האָט די פרוי געמוזט נעמען צוריק און געלט — וועט זי באַקומען ערשט מאָנטיק, ווען זי וועט ברענגען די אַרבעט אין אָרדענונג...

ווען די פרוי איז אַוועק, האָבן זיך אין געמיט פון דעם רייך־געוואָרענעם ייִדן נאָך אַ לאַנגע צייט געראַנגלט דער דאָן ענריקע מיטן „כּאַווער הערשל״. דאָן ענריקע האָט געשריגן צום אַמאָליקן הערשל: — דו, ליג איינגעלייגט! דאָ, אין מיינע פאַבריקן און געשעפטן, האָסטו נישט קיין וואָרט; ליג איינגעלייגט און וואַרט, אַז דיין דאָן ענריקע זאָל אַזוי שטאַרק עקספּלואַטירן די אַרבעטער, ביז זיי וועלן זיך צעבונטעווען און דעמאָלט וועסטו קענען גיין מיט זיי צוזאַמען!...

**.3**

בעת דאָן ענריקעס קריגערייען מיט זיין ווייב צוליב איר אומבאַרעכטיקטן אַרויסוואַרפן דאָס פּריילן רוט, איז ער זיכער געווען, אַז אין דעם קאַמף וועט הערשל זיך שטעלן אינגאַנצן אויף זיין זייט; ער איז געווען זיכער, ווייל אייגנט־לעך קעמפט ער דאָך איצט הערשלס קאַמף; ער נעמט זיך דאָך אָן פאַר אַ באַ־ליידיקט אָרעם מיידל, וואָס אַ רייכע באַגוידערטע באַלעבאָסטע האָט זיך איבער איר איזדעקעוועט און אַרויסגעוואָרפן...

אָבער אויך אין דעם פּרט האָט הערשל אים נישט נאָכגעגעבן. ווען דאָן ענריקע האָט זיך געהיצט און געבייזערט און אויסגעשאָסן אַלע פאַרוווּרפן קעגן סולעמאַן, האָט הערשל געשוויגן, נאָר ווען דאָן ענריקע האָט זיך באַרויִקט, האָט הערשל גענומען דאָס וואָרט און אים קודם אָנגעהויבן צו דעמאַסקירן און גע־בעטן אים, ער זאָל נאָר נישט רעדן אין זיין נאָמען, ווייל ער איז דאָ גאָרנישט אויסן דאָס איינשטעלן זיך פאַר דעם באַליידיקטן מיידל, נאָר עס פאַרדריסט אים און עס טוט אים בלויז וויי, וואָס סולעמאַ האָט מיט איר האַנדלונג צעשטערט זיינע אַן אילוזיע...

און נאָך האָט הערשל געטענהט צו דאָן ענריקעס באַוווסטזיין, צו זיין האַרץ און צו זיינע געפילן, אַז אייגנטלעך איז עס געשען אַזוי ווי עס האָט באַדאַרפט געשען און בעסער, וואָס עס איז געשען באַצייטנס, איידער עס האָט זיך געקאָנט קאָמפּליצירן אַן ענין, וואָס וואָלט געקאָנט דערפירן צו צרות און צרות...

אמת איז, אַז דאָן ענריקע האָט אויך נישט געשוויגן; ער האָט אויך געהאַט זיינע אַרגומענטן, אַז אים איז נמאס די שטוב, ער האָט נישט אין איר קיין ברעקל פאַרגעניגן, וואָס זאָל אים אָנוואַרעמען זיין געמיט, אַז סולעמאַ איז נישט זעלדע און אַפילו זעלדע, איז וואָס? איז זי דען נישט עלטער פון אים מיט אַ פינף יאָר? האָט זי אים דען נישט אַמאָל, אַ.דעמאָלט, ווען זי איז געווען ביבליאָטעקאַרן, נישט אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין?...

— זעסטו, — פּרוווט הערשל טריִומפירן, — דאָס אַליין באַווייזט, אַז רוט האָט געמוזט אַוועק פון דעם הויז; איידער זי איז דאָ געווען, האָסטו נישט געזען דיין ווייבס גוידער, האָסטו נישט געציילט אירע יאָרן, האָסטו געהאַט קינדער מיט איר, האָסט הנאה געהאַט פון איר און אַלץ איז דיר געווען גוט און וואָס

פּלוצים... מיינסט טאַקע עפּעס?... ווילסט דיר דווקא זוכן צרות? ווילסט זיך דווקא אַריינפּלאָנטערן אין עסקים וואָס וועלן דיר אפשר געבן פּאַרגעניגן אויף אַ מאָ־מענט, אָבער וואָס וועט דיך דערנאָך קאָסטן אַ פּערמאַנענטן קאַפּוויטיק...

און דאַן ענריקע מוז זיך אונטערגעבן.

ער איז נישט צופרידן; ער ווייסט, אַז הערשל באַהאַנדלט אים ווי אַ שונא, אַ נישט־פאַרגינער; ער לאָזט אים נישט געניסן קיין ברעקל פאַרגעניגן, אָבער ער קען זיך נישט קיין עצה געבן מיט אים. עפּעס זיצט ער אין זיין געמיט אַזוי ווי אַ וועק־זייגער און וואָס נאָר עפּעס גיט ער זיך אַ צעקלונג און ער וועקט זיין וואַכזאַמקייט און אַז עס קומט עפּעס אַ גרעסערער ענין, צעקלינגט זיך אין אים דער וועק־זייגער אַזוי ווי אַן אַליאַרעם־גלאָק און סטאָפּ! ער לאָזט אים ווייטער נישט גיין...

וויפל מאָל, בעת ער האָט געהאַט טענות צו זיינע אַרבעטער, אַפילו בעת זיינע נקמה־קאַפּריזן קעגן די איידעלערע אַנגעשטעלטע, די מיט די האַרטע קראַגנס, אַפילו דעמאָלט האָט אים דער „וועקזייגער" גערופן „צו אָרדענונג" און ער האָט זיך געמוזט מעסיקן זיינע „קאַפּיטאַליסטישע אימפּולסן" און איצט, ווען הערשל דער „וועקזייגער" האָט זיך אין אים צעליאַרעמט וועגן דעם צאַרטן מיידל, וואָס זיין ווייב האָט אַזוי אומברחמנותדיק אַרויסגעטריבן פון שטוב, האָט ער זיך דערמאָנט אין די אַלע צרות וואָס דער „וועקזייגער" האָט אים שוין אָנגעטון און ער האָט געוואָלט באַשליסן, אַז גענוג! אויב אַ מענטש דערגרייכט אַ ווילשטאַנד אין לעבן, דאַרף ער קענען געניסן פון לעבן מיט פולע לעפל און מען טאָר זיך נישט לאָזן פון ליאַדע נאַרישע עמפּינדונגען אַרויסרייסן דעם לעפל פון האַנט...

אַזוי האָט דאַן ענריקע געוואָלט באַשליסן, אָבער נאָך איז דאַן ענריקע געווען צו שוואַך און נאָך האָט הערשל אין אים גערינגט ווי אַ מעכטיקער וועקזייגער, וואָס האָט צו מאָל ווי אַן אַליאַרעם־גלאָק געוועקט זיין באַוווסטזיין און זיין געוויסן און נאָך יעדן אינערלעכן קאַמף, וואָס האָט זיך אין אים אָפּ־געשפּילט, האָט זיך דאַן ענריקע צעקרעכצט און געמורמלט צו זיך אַליין:

— אָך, ווען נישט דער נאַרישער וועקזייגער!...

## פערטער קאַפּיטל

## ר׳ צבי־הירש בן ר׳ יעקב הלוי...

.1

„די געוווינהייט איז די צווייטע נאַטור".

אַזוי זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרטל, אָבער דאָס מיינט בשום אופן נישט, אַז די ערשטע נאַטור האָט געמוזט אינגאַנצן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר דער

צווייטער, אָדער אַז די צווייטע נאַטור האָט באַוויזן איבערצונעמען די גאַנצע העגעמאָניע איבער דעם גייסטיקן צושטאַנד און אויף אַן אַבסאָלוטן אופן אַרויסשטויסן די ערשטע נאַטור.

די געוווינהייט איז טאַקע אַ צווייטע נאַטור, אָבער די ערשטע נאַטור האָט נאָך אויך עפּעס וואָס צו זאָגן און זי וואַרט נאָר און לויערט אויף דעם מאָמענט, ווען די צווייטע נאַטור, בעסער געזאָגט — די נייע געוווינהייט גיט זיך עפּעס אַ וואַקל, דעמאָלט איז דאָ די ערשטע נאַטור און זי נעמט באַווייזן, אַז זי לעבט נאָך און האָט נאָך עפּעס וואָס צו זאָגן.

אין דאָן ענריקעס געמיט האָבן זיך די צוויי נאַטורן, די אַלטע און די נייע, געראַנגלט אַ שיינע פּאָר יאָר און קיין איינע האָט נישט באַוויזן אויף אַן אַבסאָלוטן אופן צו באַזיגן די צווייטע.

די יאָרן זענען געגאַנגען און עס האָט אויסגעזען, אַז די געשעפטן לויפן פאַר דאָן ענריקען אין פּאַראַויס. ער איז געוואָרן רייכער און רייכער, נייע אָנגעשטעלטע, קאַפּאַטאַזן, אינזשעניערן און קאָנטאַדאָרן, כעמיקער און טעכ־ניקער, אַלע האָבן אים געדינט און מען האָט כסדר געהערט דאָן ענריקע און דאָן ענריקע, און פונדעסטוועגן, איז דאָרט ערגעץ, אין אַ ווינקעלע פון דאָן ענריקעס האַרץ, געלעגן איינגעקורטשעט אַזוי ווי באַהאַלטן, דער אַמאָליקער הערשל, וועלכער האָט געלויערט אויף אַ ברעקל שעת־הכושר צו קענען קומען צום וואָרט, און אַבי ער האָט זיך שוין דערוואַרט אויף אַזאַ שעת־הכושר און גע־קומען צום וואָרט, האָט ער שוין אַזוי גערעדט, אַזוי געפּייערט, אַז דער דאָן ענריקע איז געוואָרן מבולבל און געמוזט הכנעהדיק בייגן דעם קאָפּ פאַר הערשלען; די צווייטע נאַטור האָט זיך געמוזט בייגן פאַר דער ערשטער...

אמת איז, אַז וואָס ווייטער, וואָס רייכער און מעכטיקער עס איז געוואָרן דער דאָן ענריקע, שוואַכערע זענען געוואָרן הערשלס שאַנסן צו קענען קומען צום וואָרט, אַלץ לענגער איז אים אויסגעקומען צו ליגן איינגעקורטשעט אין דעם זייטיקן ווינקל פון דאָן ענריקעס געמיט און לויערן אויף דעם ברעקל שעת־הכושר, אָבער געקומען זענען פאָרט אַזעלכע מאָמענטן און ווייל זיי זענען שוין געווען זעלטענע געסט אין דאָן ענריקעס געמיט, האָט הערשלס וואָרט דערפאַר שאַרפער אָפּגעקלונגען און צומאָל אַפילו אַזוי שאַרף, אַז עס האָט ווי געמאַכט אַ קווער־שניט איבער דאָן ענריקעס גאַנצן מהות און אים ממש „צוגעשטעלט צום ווענטל"...

.2

וואָס רייכער עס איז געוואָרן דער דאָן ענריקע, אַלץ איינגעפונדעוועטער איז אין אים געוואָרן די צווייטע נאַטור.

צווישן זיינע אַרבעטער און העכערע אָנגעשטעלטע, האָט מען זיך נאָר געוווּנדערט, ווי אַזוי אָט דער דאָזיקער אויפגעקומענער קאַפּיטאַליסט, האָט

אַזוי שנעל אויסגעלערנט די תורה פון כיטרער עקספּלואַטאַציע און נאָך מער האָט עס זיי געוווּנדערט, ווי אַזוי אָט אָ דער דאָן ענריקע, באַווייזט אַלע מאָל זיך אַרויסצודרייען פון אַ שווערער סיטואַציע מיט זיינע אַרבעטער, ווי אַזוי ער האָט עס באַוויזן צו מאַכן, אַז אַ געוויסע צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע זאָלן אים באַשיצן און בעת אין אַ סך אונטערנעמונגען זענען די אַרבעטער אַרויס אין שטרייק, איז אין זיינע אונטערנעמונגען אָנגעגאַנגען די אַרבעט, ווייל ער האָט אַמשנעלסטן באַוויזן (מיט דער הילף פון אַ רייע אָנגעשטעלטע) צו דערליידיקן די קאָנפליקטן אויפן ביליקסטן אופן.

דאָן ענריקע האָט געוווּסט, אַז מען וווּנדערט זיך איבער אים און דאָס האָט אים הנאה געטון. ער אַליין האָט געוווּסט דעם סוד, אַז קיינער, קיינער קומט אים נישט אַזוי צו הילף, ווי זיין אַמאָליקער הערשל, צו וועמענס תורה ער הערט זיך צו, כדי ער זאָל זי קענען פאַרקריפּלען אויף אַזאַ אופן, וואָס קען אים זיין וואָס מער לוינבאַר...

קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז ער האָט הערשלען איינגעשלאָסן אין זיך אין אַ שטילן זייטיקן קעמערל און נאָר דעמאָלט ווען עס דאַכט זיך אים, אַז ער קען אים אין עפּעס העלפן, גנבעט ער זיך צו צום קעמערל, קלאַפּט אָן אין טירל, יאָ, הערשל איז דאָ, ער וואַרט אויף אים און נאָך אַ קורצן שמועס ווייסט שוין דאָן ענריקע ווי אַזוי צו פאַרדרייען הערשלס תורה, אַז זי זאָל אים ברענגען וואָס מער נוצן...

שלעכט איז אָבער דעם דאָן ענריקע, ווען נישט ער גייט צו הערשלען, נאָר ווען הערשל צעבונטעוועט זיך פּלוצים און רייסט זיך אַרויס פון זיין תפיסה־קעמערל און וואַרפט זיך אויף אים מיט אַ הייליקער רציחה: — דו אַזוינער און אַזעלכער! דו, גייך! איך וועל עס נישט דערלאָזן!...

.3

אַזאַ פאַל פון אַ שאַרפער מלחמה צווישן דאָן ענריקע מיט הערשלען איז געווען, ווען די היטלער־חיילות האָבן אינוואַדירט ראַטן־רוסלאַנד און עס האָט געהערשט די לאָזונג, אַז איצט דאַרף מען טון צו הילף דעם ראַטנפאַר־באַנד אין דעם גרויסן געראַנגל קעגן די היטלער־בעסטיעס.

דאָן ענריקע, וועלכער האָט ביז איצט מיט גאָרנישט רעאַגירט קעגן דעם פּאַקט, וואָס סטאַלין האָט געשלאָסן מיט היטלערן, האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אין דעם פּאַקט און מיט דעם תירוץ פון פּאַקט, האָט ער זיך גע־גרייט אַרויסצודרייען פון געבן די גרויסע באַשטייערונגען, וואָס מען האָט ביי אים געפאָדערט...

און כאָטש ער איז נישט אַרויסגעטראָטן קעגן, אַזוי ווייט האָט ער נישט געוואַגט, האָט ער אָבער פאַר זיך געניצט דעם תירוץ מיטן פּאַקט און ער

האָט געפּאַלשעוועט מיט זיין הילף. ער האָט אָפּגעגעבן זיינע מאַשינען פאַר אַ נאַכט־טורנע פאַר אַרבעטער, וואָס האָבן געניייט אומזיסט מאַנטלען, וואָס מען האָט באַדאַרפט שיקן קיין רוסלאַנד און ער האָט עס מאַניפּולירט אַזוי, אַז די אַרבעטער האָבן טאַקע געאַרבעט אומזיסט, נאָר ער האָט נאָך עפּעס פאַרדינט ביי דעם עסק און דעמאָלט האָט הערשל אים „געכאַפּט ביי דער האַנט" און עס איז געוואָרן לעבעדיק...

הערשל האָט אים אַזוי שאַרף אַטאַקירט, אַז ער האָט זיך געמוזט אונ־טערגעבן און וואָכן־לאַנג האָבן אַרבעטער געלויבט דעם „גרויסן זשעסט" פון דאָן ענריקע, נישט וויסנדיק, אַז דאָס האָט נישט דער דאָן ענריקע באַ־וויזן דעם זשעסט, נאָר גאָר דער שוין לאַנג פאַרשוווּנדענער הערשל...

יעדעס מאָל, ווען הערשל האָט אַטאַקירט דעם דאָן ענריקע מיט זיין לינקיזם און דאָן ענריקע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן, האָט ער זיך דער־נאָך צעקרעכצט און באַדויערט, פאַרוואָס ער האָט דעם הערשלען נישט פאַר־טריבן פון זיך מיט יאָרן צוריק, ער האָט אים באַלד, ווי ער איז אַריין אין די פעדערן, באַדאַרפט אַוועקשיקן אין אַלדי שוואַרצע יאָר. נישטאָ מער קיין הערשל, איצט לעבט אַ דאָן ענריקע און דרך־ארץ, רעספּעקט פאַר דעם אָנ־געזעענעם אינדוסטריאַל, גרויסער סוחר און אייגנטימער פון הייזער!...

אַ סך אַזעלכע „לינקיסטישע אַטאַקעס" איז דאָן ענריקע איבערגעקומען און כאָטש ער האָט זיך געפּרווט פאַרטיידיקן מיטן „פּאַקט", האָט אָבער הערשל באַקומען וויכטיקע אַרגומענטן: די היטלעריסטישע רציחות ספּעציעל קעגן יידישן פאָלק, די ידיעות וועגן גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס און דאָן ענ־ריקע האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און לאָזן זיך קאָסטן פאַר די פאַרשידענע הילפס־צוועקן. און האָט ער שוין געגעבן, האָט ער עס געמאַכט אַזוי, אַז די שטאָט זאָל כאָטש קלינגען און אין פאַרשידענע קרייזן האָט מען געמורמלט, אַז דען דאָן ענריקע האָט שוין ווידער געליטן פון אַ „לינקיסטישער אַטאַקע"...

### 4.

ענדלעך איז אויך געקומען אַ צייט, ווען הערשל האָט שלום געמאַכט מיט דעם דאָן ענריקע.

עפּעס האָט עס אויסגעזען, ווי ביידע וואָלטן אָפּגעוואַרט, ביידע וואָלטן זיך געריכט אויף עפּעס און אין דער צייט האָבן ביידע אויסגענוצט יעדע פרייע מינוט אויף אַריינצוטראַכטן אין זיך, אין די אייגענע מעשים.

קיין סך פרייע מינוטן אויף צו טראַכטן האָבן זיי נישט געהאַט, און ווען עס האַנדלט זיך בלויז וועגן דאָן ענריקע, וואָלט ער באַשטאַנען איבערהויפּט נישט צו טראַכטן. ער האָט געגנוג געשעפטן אויף זיין קאָפּ און ער ווייסט שוין פאָראויס, אַז יעדעס טראַכטעניש, לאָזט זיך אויס מיט קאָסטן, מיט געבן

געלט. אָבער הערשל איז אַלע מאָל געווען דער, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט דער טראַכטעניש און אַריינגעריסן אין איר אויך דעם דאָן ענריקע:

— הער נאָר אויס, דו גרויסער צעלייגער מיינער, דו מעכטיקער און רייכער דאָן ענריקע; דו דאַרפסט נישט פאַרגעסן, אַז דו האָסט געהאַט אַמאָל שווערע און ביטערע צייטן, ווען דו האָסט געטראַכט ווי אַזוי צו פאַרדינען אַ פּעזע; היינט פאַרדינסטו טויזנטער יעדן טאָג און אומגעטראַכט; נו, איז געקומען די צייט, ווען דו מוזט טראַכטן ווי אַזוי די פאַרדינטע געלטער צו פאַרווענדן, ווי און ווו זיי אויסצוגעבן, כדי דו זאָלסט נישט מוזן סוף־כל־סוף פּלאַצן פון האָבן צו פיל...

אַזוי האָט געטענהט הערשל און דאָן ענריקע האָט אים געפּרווט צו פאַררעדן די ציין, אַז ער גיט גענוג, ער טוט וואָס ער קען, און אגב, וואָס איז דען איצט פאַראַן צו טון. אַדרבא זאָג, די מלחמה איז אויס, דער ראַטנפאַר־באַנד איז אַרויס העלדיש און עס זענען דאָך דאָרט געבליבן אַזוי ווייניק ייִדן, אַז עס איז כמעט נישטאָ פאַר וועמען עפּעס צו טון...

(ווען פאַקט האָט שוין איצט דאָן ענריקע מער גאָרנישט געוואָלט דערמאָנען...)

אָבער הערשל האָט כסדר געפונען עפּעס נייעס, עפּעס אַנדערש און הגם נישט אַזוי אָנגרייפעריש, אָבער ער האָט נאָך געהאַט גענוג זאַכן וועגן וועלכע ער האָט גערעדט צו דאָן ענריקע „אין דער גאַל אַריין", ביז עס איז גע־קומען די גרויסע געשעעניש, די אָפּשטימונג פון דער „אונ", וואָס האָט באַ־שלאָסן צוצוטיילן פאַרן ייִדישן פאָלק אַ טייל פון ארץ־ישראל...

ערגעצוווּ איז אין דעם דאָן ענריקע געלעגן באַהאַלטן אַ געוויסע מורא, אַז דאָס גרויסע פאַרמעגן, וואָס ער האָט פאַר זיך אָנגעהויפט, איז נישט זיכער און אַז בכלל איז דער ייִד אַפילו מיט זיין לעבן נישט זיכער, ווייל... נו, דאָס האָט שוין דער ראַטנפאַרבאַנדישער מיניסטער גראָמיקאָ זייער גוט געזאָגט... און פון היינט און ווייטער וועלן ייִדן אויך שוין האָבן זייער אייגן שטיקל לאַנד און עס וועט דערהויבן ווערן דער ייִדישער כבוד קעגנאיבער אַנדערע פעלקער פון דער וועלט...

דאָס דערמאָנען גראָמיקאָס רעדע איז פון דאָן ענריקע געקומען ווי אַ „באַקשיש" צו הערשלען און הערשל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גוטע מטבע און געשלאָסן מיט אים שלום.

נאָך שטאַרקער האָט זיך צווישן זיי מאַניפעסטירט דער שלום, ווען ישראל האָט באַוויזן אינגאַנצן זיך צו באַפרייען פון פרעמדן יאָך און זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ פריי לאַנד.

דער יובעל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַ־פעלקערונג אין דעם גרויסן בוענאָס איירעס, האָט אויך באַהערשט גלייכ־

צייטיק דעם רייכן דאָן ענריקע צוזאַמען מיט זיין אייביקן לעבנס־באַגלייטער, זיין געוויסן, דעם אַמאָליקן הערשל.

הערשל האָט אַפילו נישט געפּרוווט באַקעמפן די רעמיניסצענצן פון זיין אַמאָליקער פרומער יידישקייט אין דער אַלטער היים, וואָס האָבן אָנגע־הויבן אויפטויכן אין דאָן ענריקעס געמיט. פאַרקערט, עס קען זיין, אַז הערשלס נייע געדאַנקען און געפילן האָבן דאָס געבראַכט דערצו, אַז אין דאָן ענריקען זאָל אויפלעבן אַ דעראינערונג פון אַמאָליקער יידישקייט און אפשר האָבן זיי אין זייער אונטערבאַוווסטזיין צוזאַמען שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז אויב שוין אַ פאָלק מיט אַן אייגענער מדינה, דאַרף מען אַמאָל אַ קוק געבן אין דעם אַמאָליקן סידורל, פון וועלכן מען האָט אַמאָל מיט אַזוי פיל הארץ אַרויסגעלייענט תפילות וועגן ווידעראויפבוי פון ציון און ירושלים און עס קען גאָר זיין, אַז זיי האָבן זיך פּלוצים דערזען אַריבערגעגאַנגענע איבער די פופציק יאָר און עפעס האָט זיי אַן אומדערקלערלעכער געפיל אַ צי געטון צום סידורל און אַזוי איז עס געשען, אַז נאָך צענדליקער יאָרן אין אַרגענ־טינע האָט זיך דער דאָן ענריקע פאַרזאָרגט מיט אַ בכבודיקער „שטאָט" און צום ערשטן מאָל געווען יום־כּיפּור אין שול...

און דאָס וויכטיקסטע, וואָס האָט דעם דאָן ענריקע געפרייט איז געווען דער פאַקט, וואָס הערשל האָט אים באַגלייט. ער האָט געפילט, אַז הערשל טוליעט זיך צו אים און זאָגט אים אונטער די תפילות, וועלכע ער האָט שוין שווערלעך אַרויסגעלייענט פון דעם קליינעם נייעם מחזורל...

און אַזוי איז עס אויך געשען, אַז ביידע, סיי הערשל און סיי דאָן ענריקע, האָבן אָפּגעטראָטן זייער פּלאַץ פאַר אַ ניי־געבוירענעם, אַ דריטן, וועלכן מען האָט אויפגערופן צו דער תורה: — יעמוד מור׳ ר׳ צבי־הירש בן ר׳ יעקב הלוי!...

## פינפטער קאַפּיטל

## דאָן ענריקעס אומרו...

.1

קיין אבסאָלוט דורכשניטלעכער אויפגעקומענער גביר איז דאָן ענריקע בשום אופן נישט געווען.

די טעג זענען ביי אים נישט געפלאָסן אין גלייכע ליניעס ווי ביים פיליסטערישן אויפגעקומענעם גביר, נאָר זיי האָבן זיך עפּעס ווי אָנגעשטויסן אָן סענקעס, בערגלעך און גריבלעך פון גייסטיקע לאַבירינטן, פון וועלכע ער האָט דעם טאָג נישט געקענט אַרויסשלעפּן און לאָזן אים אָפּגיין אויף אַ גלאַ־טיקן וועג.

די ערשטע טעג נאָך יום־כיפור, ווען ער איז געווען אין שול, האָט ער געפילט אַ מאָדנע צופרידנקייט. עס האָט אים שטאַרק הנאה געטון צו טראַכטן וועגן דעם כבוד, וואָס מען האָט אים צוגעטיילט אין שול, דאָס אויפרופן אים צו דער תורה, און ער האָט זיך געפילט גדולדיק ביים דערמאָנען זיך, ווי ער האָט „געפּלעפּט" דעם עולם מיט זיין „בעביר שנדר", וואָס האָט באַוויזן ווער און וואָס ער איז אַזוינס, דער דאָן ענריקע.

נאָר ווען עס האָבן אָנגעהויבן קומען די אויפמאָנער פון דער שול און פון די אינסטיטוציעס, פאַר וועלכע ער האָט מנדר געווען גרעסערע און קלע־נערע סומעס, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן יאָווען צו אים ייִדן מיט בערד און זיי האָבן אים אָנגעהויבן בענטשן פאַר זיין גוטער ייִדישקייט, האָט ער עפּעס אָנגעהויבן פילן אַ פּריקרע טעם אין מויל און נאָך ערגער איז געווען, וואָס זיין ווייב, דאָניאַ סולעמאַ, האָט געדרייט מיט דער נאָז און געחוזקט פון אים, פון דעם אַמאָליקן „בעזבאָזשניק", וואָס וועט נאָך אפשר וועלן אָנשלאָגן מזוזות אויף זיינע טירן...

נאָר, מילא, מיט זיין זעלדען, וואָס וויל נישט אַנדערש, נאָר ער זאָל זי רופן סולעמאַ, וואָלט ער זיך שוין אַן עצה געגעבן; זי זאָגט אים טאַקע אָפּט אין דער גאַל אַריין, אָבער ער בלייבט איר גאָרנישט שולדיק; נאָר ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט די באַבערדיקטע ייִדן און אַנדערע „קאָבראַדאָרן", וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן יאָווען און זיי בעטן געלט פאַר דעם צוועק און פאַר יענעם צוועק און מען חנפעט אים און מען רעדט וועגן זיין גוט האַרץ, וועגן זיין וואַרעמען ייִדישן געפיל... ער ווייסט, אַז דאָס זאָגט מען אים, כדי אים צו „דערוואַרעמען", כדי אים צו פאַרשיכורן מיט לויבווערטער, ער זאָל פאַר־געסן, וואָס, ווען און ווו און זאָל זיך נעמען צו דער קעשענע און ער הייבט־אָן, צוערשט מיט אָפּזאָגן איינעם און נאָך איינעם און שפּעטער גיט ער גאָר אָן „אָרדען" אַז מען זאָל די „שלעפּער" צו אים נישט צולאָזן...

ער האָט שוין אָנגעהויבן באַדויערן זיין מאָמענטאַנעם סענטימענט, וואָס האָט אים פאַרפירט צו גיין אין שול אַריין אַן ער האָט שוין אָנגעהויבן באַ־רעכטיקן סולעמאַס חוזקן איבער זיין נאַרישן אָפּנייג. אָבער ווידער איז אין אים פאַרגעקומען אַן ענדערונג, ווען ער האָט זיך פּלוצים אָנגעהויבן פילן „נישט מיט אַלעמען"...

.2

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט אַ קליינעם שטאָך אין דער רעכטער זייט. ער האָט עס אַפילו נישט גענומען אין אַכט. אַ קליינער „צוויק" און שוין; אַוודאי נישט מער ווי אַ צופאַל און אפשר האָט זיך אים גאָר אויסגעדאַכט...

אָבער שוין אויפצומאָרגנס האָט עס אים אויפן זעלבן פּלאַץ אין דער רעכטער זייט געגעבן אַ שאַרפן שניט עפּעס אַזוי, ווי עמעץ וואָלט אים אַריינ־

געשטעקט אַ מעסער אין לייב און אַ פיר־געטון דערמיט איבער דער גאַנצער ברייט און טיף, פון בויך ביז צום רוקנביין... דער שניט האָט נאָר געדויערט אַ רגע, אָבער ער איז געווען אַזוי ווייטיקלעך, אַז דאַן ענריקע האָט אין דער רגע געזען פאַר זיך דאָס גהינום. און כאָטש עס איז אים באַלד בעסער גע־וואָרן, האָט ער שוין כסדר געפילט די שרעק, אַז אָט־אָט און ער וועט זיך ווידעדרד „זען מיט דער עלטדעדרבאָבע״.

דער דאָקטער האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז די לעבער; אַ קליינע אָנט־צינדונג. עס לוינט, ער זאָל זיך אויף עטלעכע טעג אַוועקלייגן אין בעט...

—אַ קליינע אַנטצינדונג זאָגט איר, דאָקטער? איך האָב דאָך פאַר זיך דערזען יענע וועלט!...

דער דאָקטער שמייכלט און פאַרשרייבט אַ רעצעפּט און ביי דאָן ענריקען הייבט זיך ממש דער מוח, טראַכטנדיק ווי אַזוי ער וועט עס נעמען און זיך גאָר אַוועקלייגן אין בעט, בעת די געשעפטן און די פאַבריקן ברענען ממש מיט פּראָספּעריטעט און מען דאַרף שטיין אויף דער וואַך, מען דאַרף אויסנוצן, מען דאַרף אַריינכאַפּן און ווי נאָר ער גייט אַוועק פון דאָקטער, טראַכט ער זיך, אויב דער דאָקטער זאָגט אים „אַ קליינע אַנטצינדונג״, איז עס אַוודאי גאָר־נישט. אָט טוט דאָך אים איצט גאָרנישט וויי. ער קוועטשט מיט דער האַנט אויף דעם פּלאַץ, וווּ ער האָט מיט עטלעכע שעה צוריק דערפילט דעם שניט, — גאָרנישט; קיין סימן אַפילו פון אַ ווייטיק, און ער לאָזט זיך ווידער צו זיינע געשעפטן, ער קאָן עס נישט דורכלאָזן, ווייל ער דאַרף היינט לערנען דרך־ארץ מיט דעם נייעם קאַפּאַטאַז, דעם „בעל־רחמנות״... — האָסט שוין געהערט אַזוינס, אַז אַ קאַפּאַטאַז זאָל וועלן זיין אַ בעל־רחמנות?... ער האָט אים באַפוילן אָפּזאָגן פיר אַרבעטער. האָט ער דריי אָפּגעזאָגט און דעם פערטן, ווייל ער איז אַ שפּייזער פון אַ היפּשער פאַמיליע, האָט ער געלאָזן...

דערמאָנענדיק זיך אָן דער אומגעהאָרכזאַמקייט פון זיין נייעם קאַפּאַ־טאַז, האָט זיך אין אים געגומען הייבן זיין געמיט און ער האָט געלאָזן זיין אויטאָ אין שנעלן לויף. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָנצוקומען אין זיין פאַבריק, האָט ער ווידער דערפילט אַזאַ שניט; מיט אויסערגעוויינלעכער אָנ־שטרענגונג האָט ער באַוויזן צו פאַרהאַלטן דעם קאָטש. דער רעש פון דעם פּלוצימדיקן פאַרהאַלטן די מאַשין האָט צונויפגעבראַכט אַ היפּשן געווימל מיט מענטשן. מען האָט דערזען, אַז דער אָנפירער פון קאָטש קאָרטשעט זיך אין ווייטיקן, האָט מען געעפנט דעם קאָטש און ווען דאָן ענריקע איז געקומען צו זיך, איז ער געזעסן אויף אַ שטול אין אַ הינטערשטיבל פון אַן אַפּטייק, ווו דער פאַרמאַצעווט האָט אים געמאַכט אַן אינזשעקציע.

אַנשטאָט אין פאַבריק איז שוין דאָן ענריקע דאָס מאָל געפאָרן אַהיים און גלייך אין בעט אַריין.

.3

מעג עס קלינגען ווי אַן אויסטערלישער פּאַראַדאָקס, אָבער אַזוי איז עס געווען:

ליגנדיק אין בעט, האָט עפּעס דעם דאָן ענריקע געגומען עקבערן אַ געדאַנק, אַז די ווייטיקלעכע אַטאַקעס זענען אויף אים געקומען ווי אַ שטראָף פּאַר זיין לאָזן זיך פאַרפירן פון אַ מאָמענטאַנעם סענטימענט צו גיין יום־כיפּור אין שול אַריין.

עפּעס איז אויפגעשוווּמען אין זיין זכרון אַ וואָרט, וואָס זיין פּאָטער האָט אים געזאָגט נאָך אין יענע אַמאָליקע פרומע צייטן... יאָ, דער פּאָטער האָט אים געמוסרט און געזאָגט, אַז ערגעץ שטייט געשריבן, אַז איבער אַ גע־גנבעטן אתרוג טאָר מען נישט קיין אתרוג־בענטשן...

דער פּאָטער האָט אים דעמאָלט געגעבן די אויפקלערונג, אַז פּונקט אַזוי טאָר מען נישט מאַכן קיין ברכה, ווען מען גייט עסן טריפהנע מאכלים אָדער ווען איינער גייט, חלילה, עסן אום יום־כיפּור...

ערשטנס, הייסט דאָס חוזק־געמאַכט פון גאָט און פון זיינע געבאָטן, און צווייטנס, טאָמער וואָלט מען אין הימל פאַרגעסן אָן אים, דערמאָנט דער פּושע־ישראל מיט זיין ברכה, אַז ער איז דאָ און אַז ער וואַרט מען זאָל אים פון הימל „מקיים פּסק זיין”...

ליגנדיק אין בעט אין טויטשרעק פּאַר אַ נייער אַטאַקע, וואָס קאָן אים אין איין „שמע־ישראל” אַוועקלייגן ווי אַן אונטערגעזעגטן בוים, האָט ער אָנגעהויבן פילן, אַז ווער־ווער, נאָר ער, דאָן ענריקע, דער אַמאָליקער הערשל דער אפּיקורס, האָט נישט געטאָרט גיין אין שול אַריין דאַווענען און לאָזן זיך אויפרופן צו דער תורה אַזוי, אַז עס זאָל הויך אָפּקלינגען זיין נאָמען: — זע, רבונו־של־עולם, דאָס בין איך! איך, הערשל בעזבאָזשניק, וואָס איך האָב אַמאָל דורכגעפירט אַנטירעליגיעזע אַקטן און איך האָב אַ זון, וועלכן איך האָב נישט אַריינגענומען „לבריתו של אברהם”, איך האָב אים נישט געמלט...

ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט מאַכן אַזוי, אַז הערשל עקזיסטירט נישט מער, אַז דאָן ענריקע איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָן ענריקע איז אַ רייכער אָנגעזעענער ייִד, וואָס מעג זיך לאָזן קאָסטן, נאָר נישט שפּילן זיך מיט פרומ־קייט, וואָס קאָן דערמאָנען אַלע זיינע אַמאָליקע חטאים...

און באמת, ווען דאָן ענריקע וואָלט געווען באַוויזן אין משך פון די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט זיך געדראַפּעט באַרג־אַרויף אויף דעם לייטער פון וויל־זיין, צו באַזייטיקן פון זיך דעם „שלעפּער”, דעם גאָרנישט שבגאָרנישט, דעם הערשל, וועלכער האָט נאָר ביי יעדער געלעגנהייט געוווסט צו זאָגן: — „עס טויג נישט”... ווען ער וואָלט נישט געווען דערלאָזט, אַז דער הערשל זאָל אים באַגלייטן ווי אַ שאָטן איבער זיין גאַנצן לעבנסוועג, וואָלט דאָך דעם דאָן

ענריקע געקאָנט זיין ווייל און ליכטיק!... ער וואָלט געקאָנט לעבן אַ משו־גענעם טאָג צוגלייך מיט אַ סך אַנדערע אין זיין שטאַנד. די טעג פון זיין לעבן וואָלטן זיך געלאָפן אַזוי גלאַטיק, אָן סענקעס, אָן בערגלעך און אָן גריבער און דאָן ענריקע וואָלט נישט בלויז אין גאַס, נישט בלויז פאַר דער וועלט געהאַט דעם גרויסן אָנזען, נאָר אויך אין דער היים, פאַר זיך, פאַר זיך אַליין, וואָלט ער געפילט און געוווסט, אַז ער איז גרויס און מעכטיק; אַז ער איז דער רייכער מאַן דאָן ענריקע!...

אָבער דווקא, ווייל ער האָט, ליגנדיק אין בעט, אָנגעהויבן טראַכטן, אַז די אַטאַקעס זענען אַ שטראָף פון גאָט, ווייל ער האָט מיט זיין גיין אין שול דערמאָנט אין הימל, אַז ער איז דאָס הערשל דער בעזבאָזשניק, האָט הערשל ווידער אין אים אָנגעהויבן נעמען דאָס וואָרט און ווי אַלעמאָל, ווען הערשל האָט גענומען אַ וואָרט, האָט ער שנעל באַוויזן צו מאַכן דעם דאָן ענריקע „בידעריקער פון גראָז״...

.4

— און אפשר איז עס גאָר געווען אַ ווונק פון גאָט, אַז דו זאָלסט כאָטש פרווון ראַטעווען דיין נפש, איידער עס לעשט זיך אויס דיין גוף?...

אַזוי האָט הערשל אַריינגעוואָרפן זיין וואָרט אין געמיט פון ליידנדיקן דאָן ענריקע און דאָס וואָרט האָט דאָרט אויפגעריסן ווי אַ באָמבע.

— געדענקסט? אַמאָל, אַלס קינד, האָסטו דאָך געלערנט: — „אויב נישט איצט, ווען דען״?... יאָ, אין „פרקי־אבות״ שטייט עס. קאָנסט דאָך נישט ווען גלאַט אַזוי אָפּלעבן אַ וועלט, אַזוי ווי אַ בהמה, וואָס מען האָט אַרויפגעלאָזן אויף אַ פעטער פאַשע... וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס, בלויז פאַשען זיך און מיסטיקן? דאָס פאַסט פאַר אַ בהמה, אָבער נישט פאַר אַ מענטש...

— וואָס־זשע ווילסטו? — האָט דער קרעכצנדיקער דאָן ענריקע גע־פרעגט ביי זיין צווייטן איך, — וואָס זאָל איך טון? אַהאַ, טון גוטס, אפשר וועל איך דערמיט דערמאָנען גאָט, אַז ער דאַרף מיר שנעלער צושיקן דעם טויט? דו ווייסט דאָך יאָ: איבער אַ געגנבעטן אתרוג טאָר מען נישט בענטשן... און איך וויל דאָך לעבן, לעבן, לעבן!...

— פאַרריכט וויפל דו קאָנסט פון דעם, וואָס דו האָסט אין דיין לעבן קאַליע־געמאַכט, און פאַר דעם רעשט וועט דיר דער הימל מוחל זיין...

— וואָס, הימל שמימל און שימל!...

אַזוי האָט דאָן ענריקע, נאָך עטלעכע טעג ליגן אין בעט, ווען די ווייטיקן האָבן געהאַט אינגאַנצן אויפגעהערט, אויסגערופן צו הערשלען און אויסגע־רופן האָט ער עס מיט אַזאַ רוגזה, אַז הערשל האָט זיך איינגעקאָרטשעט און פאַרשטעקט דאָרט ערגעץ אין אַ שטילן ווינקל, מיט מורא, אַז דאָן ענריקע זאָל אים נישט אינגאַנצן אַרויסטרייבן פון זיך...

— איך וויל לעבן! לעבן! לעבן!...

אַזוי האָט דאַן ענריקע גערעדט צו זיך, בעת ער האָט ווידער פאַרלאָזן דאָס בעט און זיך געלאָזן אין גאַס אַריין צו זיינע גרויסע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען...

## זעקסטער קאַפּיטל

## ער כאַפּט אַריין דעם היינט...

### 1.

געוויינלעך איז אָנגענומען די מיינונג, אַז ווען אַ מענטש הייבט אָן ליידן אויף געוויסע מחלות, פאַלט ער אַריין אין תשובה־שטימונגען.

צוערשט הייבט עס זיך אָן מיט געדאַנקען וועגן הבל־הבלים און די געדאַנקען פירן דאַן אַרויף אויף אַ חשבון־הנפש, ביז מען קומט צו דער פעסטשטעלונג אַז אייגנטלעך איז דאָס גאַנצע לעבן נישט מער ווי אַ קורצע שפּילעריי וואָס דער אָרעמער מענטש ווייס נישט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן און נאָך טרויעריקער איז, וואָס ער ווייס אויך נישט ווען עס וועט זיך פאַרענדיקן...

אויב דער מענטש האָט אַ נשמה האָט דאָך די נשמה שוין עקזיסטירט פריִער, איידער זי איז אַריין אין דעם פאַר איר באַשטימטן גוף און זי וועט נאָך לעבן שפּעטער, יאָרן און יאָרן שפּעטער, אייביק — נאָכדעם, ווי זי וועט דאַרפן פאַרלאָזן דעם גוף...

טאָ פאַר וועמען דאַרף דער מענטש זאָרגן? פאַר זיין גוף, וואָס איז נישט מער ווי אַן עפּיזאָדישע שפּילעריי וואָס האָט איר באַשטימטע קורצע אָדער לענגערע צייט? אָדער פאַר זיין נשמה, וואָס איז געווען פריִער און וועט פאַרבלייבן אויך שפּעטער — אייביק!...

אַזוי איז די אָנגענומענע מיינונג און מען פאַרשטייט אַפילו די גראַדואַציעס, די פאַרשידנאַרטיקייט פון שטימונגען וואָס ווערן געבוירן אין מענטשן לויט זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג, לויט וויפל זיי קענען אויפנעמען און טראַכטן וועגן גייסטיקע ענינים.

זיכער וואָלט דאַן ענריקע זיך געקאָנט פאַררעכענען צו דער קאַטעגאָריע מענטשן וואָס קענען זיך גריבלען אין אַזעלכע גייסטיקע ענינים; זיין דערציִונג אין דער פרום־יִדישער היים; זיין ווערן אַ פאַרטיי־מאַן; זיין ווערן זיך פּראָלעטאַריזירן, זיין חתונה מיט דער זעלדען, די ביבליאָטעקאַרשע, זיין קאַמף פאַר עקזיסטענץ, זיין אויסוואַנדערן קיין אַרגענטינע; זיין אַקטיוויטעט ביים דורכפירן אַנטי־רעליגיעזע אַקטן; זיין — אַזוי צו זאָגן — אַמאָליקע „באַ־

ווסטזיניקייט״ וואָלט זיכער איבערגעלאָזן געננוג פּלאַץ אין זיין באַוווסטזיין, אַז ער זאָל קענען דורכפירן איבער זיך אַ חשבון־הנפש און באַשטימען, פעסט־שטעלן פאַר זיך אַ וועג, אַ מין פּראָגראַם, פאַר די ווייטערדיקע נישט־באַ־שטימטע טעג, וואָכן, חדשים אָדער יאָרן וואָס זענען אים נאָך געבליבן צום לעבן.

איז אָבער דער דאָן ענריקע געווען צו־רייך, צופיל געשעפטן געהאַט אויפן קאָפּ, צופיל גאָלד איז טאָג־טעגלעך אַריינגעפלאָסן אויף זיינע קאָנטעס פון אַלע זיינע אונטערנעמונגען און ער האָט פּשוט נישט געהאַט קיין צייט זיך אָוועקצוזעצן טראַכטן וועגן נעכטיקע טעג און ווען אַפילו עס האָט אים אַמאָל אָן עגבער־געטון אַ געדאַנק און עס זענען דורכגעלאָפן אין זיין מוח די אויבנדערמאָנטע מעדיטאַציעס, האָט ער עס באַלד צוגעשריבן, אַז דאָס איז דער אויפטו פון „הערשלען״, פון זיין אַמאָליקן קבצנישן איך און ער האָט די געדאַנקען געגומען פאַרטויבן, דערשטיקן מיט מעשים וואָס זענען געווען פּונקט דער קעגנטייל פון דעם וואָס עס האָט אים פריִער אַ פּיק־געטון...

.2

און עס קאָן זיין, אַז ווען דאָן ענריקע וואָלט אַמאָל, אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען הערשל דער הויזן־נייער, דער באַוווסטזיניקער אַרבעטער, נישט געווען באַגאַנגען דעם נאַרישן פעלער, וואָלטן די ערשטע אַטאַקעס וואָס ער האָט אָנגעהויבן ליידן אויף דער לעבער, אים געווען אַרויפגעפירט אויף גאַנץ אַנדערע וועגן אין לעבן.

איז ער דאָך שוין אַפילו אָן די אַטאַקעס געווען אין שול, אַפילו געהאַט אַן עליה, אויפגערופן געוואָרן צו דער תורה און ער ווייסט דאָך, אַז עס האָט אים פאַרשאַפט אַזויפיל הנאה, אַזויפיל גייסטיקן תענוג...

אָבער ווי אַ געשפּענסט איז איבער אים געהאַנגען דער אַמאָליקער פעי־לער, וואָס האָט צו אים ווי געשריגן: — מען טאָר נישט בענטשן איבער אַ געגנבעטן אתרוג און איבער אַ חזירישע סעודה טאָר מען קיין ברכה נישט מאַכן!...

זיין זוכן צו פאַרענטפערן זיך אַז אין דער אַמאָליקער צייט האָט ער נישט געקאָנט אַנדערש האַנדלען, ווייל ווי וואָלט ער, דער „בעזבאָזשניק״ געווען אויסגעזען ביי זיינע „כאַוויירים״ ווען ער לאַדט זיי איין צו אַ סעודת ברית־מילה פאַר זיין ערשט־געבוירן זונדל?...

ער ווייסט און פאַרשטייט, אַז אַנדערש האָט ער דעמאָלט נישט געקאָנט האַנדלען, אָבער דאָס ענדערט בשום־אופן נישט די לאַגע. זיין זון איז נישט געמלט און ער פילט זיך מיט גאָרנישט, אָבער טאַקע אַבסאָלוט מיט גאָרנישט צוגעבונדן צום יידישן פאָלק. אַפילו איצט, ווען עס איז געשען דער גרויסער נס, אַז נאָך דער ברוטאַלער אויסראָטונג פון זעקס מיליאָן יידישע נפשות, זאָל

דאָס יידישע פאָלק צוריק אויפגעריכט ווערן מיט אַן אייגענער מדינה, אַפילו די גרויסע געשעעניש איז פאַר זיין נישט־געמלטן זון אַריבער אַן דער קלענס־טער ווירקונג. ער איז נישט קיין ייִד.

ערגעץ האָט ער אַמאָל געלערנט צי האָט עס אים נאָך זיין פרומער טאַטע געזאָגט, אַז — אַ „מצווה באַשאַפט אַ גוטן מלאך און אַן עבירה — אַ שלעכטן מלאך, אַ לאַפּיטוט פאַרן אשמדאי...

דאָן ענריקע האָט איצט אָנגעהויבן פילן אַ מין איבערצייגונג, אַז זיין אַמאָליקער פעלער וואָס ער האָט נישט אַריינגעבראַכט זיין זון „לבריתו של אברהם", האָט געבוירן אַזאַ מין שלעכטן מלאך־לאַפּיטוט, וואָס מאַכט חוזק פון אים און מאַכט צונישט זיין יעדן פרווו פון אויפטון אַ בעסערע זאַך...

זיין געשאַפענער מלאך־לאַפּיטוט האָט צו אים ביי יעדער געלעגנהייט אויסגעשריגן:

— אומזיסט דיינע נאַרישע טראַכטענישן; וואָס דו זאָלסט נישט טון, וועסטו מער דיין זון פאַר קיין ייִד נישט מאַכן און מיט דיר ענדיקט עס זיך!...

— יאָ, מיט מיר ענדיקט עס זיך... אַזוי האָט דאָן ענריקע אַמאָל אַ זאָג־געטון צו זיך אַליין, דערמאָנענדיק זיך אָן די פאַרשידענע „שטיקלעך" וואָס זיין זונדל האָט אים אָפּגעטון נאָך פון זיין קינדהייט אָן און פון די צרות וואָס ער האָט פון אים היינט. ווען ער איז שוין גרויס און עס ווערט ביי אים רעאַליזירט דער זאָג: — קליינע קינדער — קליינע צרות, און גרויסע קינדער — גרויסע צרות...

3.

מיט דעם זעלבן אייפער, מיט דער זעלבער ענערגיע מיט וועלכער ער האָט זיך פריִער געפלעגט אַריינוואַרפן אין זיינע אונטערנעמונגען, האָט זיך דער דאָן ענריקע איצט אַ נעם־געטון רעאַליזירן זיין באַשלוס — אַז לעבן זאָל זיין געלעבט!...

עס איז עפּעס ביי אים אויסגעקומען אַזוי ווי דער באַשלוס וואָלט גע־ווען אַ באַשלוס פון פאַרצווייפלונג; מיט זיין גאַנצן גרויסן רייכטום, מיט זיין גאַנצער מאַכט איבער אַזויפיל מענטשן פון פאַרשידענע קאַטעגאָריעס וואָס באַדינען זיינע אונטערנעמונגען, האָט ער זיך געזען אַרומגערינגלט מיט צרות און צרות; זעלדע־סולעמאַ איז ביי אים געווען דאָס מינדעסטע; ער האָט שוין וועגן איר אַפילו נישט געטראַכט; זאָל זי זיך שוין אַזוי לעבן איר לעבן, אים אינטערעסירט עס נישט... נאָר די קינדער... די טעכטער מילא, אַ האַלבע צרה... ער וועט פאַר זיי קויפן דאָקטוירים און פטור אַן עסק... אָבער דער זון, דער לעבעדיקער באַוויז פון זיין אַמאָליקן „אַטעיִסטישן אני מאמין"... נו, דער באַשלוס „אַז לעבן זאָל זיין געלעבט" איז ביי אים געווען ווי אַ באַשלוס פון פאַרצווייפלונג און ער האָט זיך טאַקע אַזוי אַ וואָרף־געטון אין

לעבן אַריין, אַזוי ווי אַ פאַרצווייפלטער וואַרפט זיך אַריין אין וואַסער כדי אַ סוף צו מאַכן צו זיינע צרות...

אויב עס אַטאַקירט אים שוין די לעבער, אויב עס הייבן זיך שוין אָן די מעשות מיט קראַנק־זיין, מיט ליידן, דאַרף מען אַריינכאַפּן אײדער עס ווערט צו־שפּעט און נישט אַזוי ווייט דאָס „אַריינכאַפּן״ צוליב דעם אַריינכאַפּן גופא, נאָר פיל מער, כדי אויסצוגעבן געלט, כדי צו פאַרברויכן פון דעם אָנגעהאָ־רעוועטן פאַרמעגן וואָס מערער, כדי אָפּצוטון זיין זונדל כאָטש איין שפּיצל, ער זאָל אים לאָזן אַביסל וויניקער אויסצוברענגען אָן אַ טאָלק, האָט ער אַליין אָנגעהויבן אויסגעבן ריזן־סומעס געלט אָן אַ טאָלק.

אין זעלבן טאָג, ווען אין די צייטונגען האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ, אַז אַ פאַרצווייפלטער מאַן האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין די אומריינע וואַסערן פון „ריאַטשועלאָ״ און איז אומגעקומען, אין זעלבן טאָג האָט זיך דער דאָן ענ־ריקע אַריינגעוואָרפן מיט אימפּעט אין אַ נאַכט־לעבן פון חיי־שעה אין אַ קליינעם נאַכט־סאַלאָן אויף דער גאַס 25 דע מאַזשאָ, ווו עס ווערט סערווירט וויסקי מיט ליבע...

**4.**

דער שפּרונג איז געווען געמאַכט, קיין אַרויס איז מער נישט געווען און דאָן ענריקע האָט אָנגעהויבן אַרומשווימען אין די נישט־ריינע וואַסערן פון לומפּיקן נאַכט־לעבן.

עס איז געווען ביי אים אַ מין אַזאַרד, צו לאָזן זיך קאָסטן וואָס מער געלט און פאַרשטייט זיך, אַז סיי די קעלנער און נאָך מער, די פרויען פון גאַרנישט צווייפלהאַפטער מאָראַל, האָבן אויפגעכאַפּט דעם נייעם יאָלד ווי אַ גרויס געווינס און זיי האָבן אַרומגעפּאַדיעט אַרום אים און נאָך די ערשטע צוויי וויסקיס, האָט ער צו די „מיידלעך״ וואָס האָבן זיך געזעצט אויף זיין שויס און זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים, אָנגעהויבן רעדן „פאַרניפּטיקע רייד״, אַז ער איז אייגנטלעך קעגן פּראָסטיטוציע, ער האַלט, אַז די מענער וואָס קויפן פאַר געלט די ליבע פון אַ פרוי, זענען פאַרברעכער און ער וויל דערפאַר נישט קויפן קיין ליבע, נאָר ער וויל פאַרדינען די ליבע פון פרויען דורך זיינע גוטע מעשים פאַר זיי...

און ער האָט אַרויסגענומען דעם טייסטער און אָנגעהויבן טיילן באַנק־נאָטן צו די פרויען וואָס האָבן צו אים ממש געקלעפּט...

זעענדיק ווי ער טיילט געלט איז די קליינע קאַפּעליע, די פיר מוזיקער וואָס האָבן באַדינט דעם לאָקאַל, צוגעקומען מיט זייערע אינסטרומענטן צו דאָן ענריקעס טיש און זיי האָבן אויפגעשפּילט „פאַר זיין כבוד־וועגן״ אַ „געפּילפּול״ שטיקל און דאָן ענריקע האָט אויך זיי צוגעוואָרפן עטלעכע באַנקנאָטן און געהייסן זיי דערלאַנגען וויסקיס; די מיידלעך האָבן אַפּלאָדירט

זיין דזשענטלמענישקייט און אים געגלעט און געקושט פון אַלע זייטן און אַזוי האָט דאָס שפּיל אָנגעהאַלטן שעהן־לאַנג, ביז די ריחות פון די פּאַר־שידענע פּערפומען וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די פּרויזישע נאַקעטע לייבער, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ריחות פון שווייס און מידקייט און דעמאָלט האָט זיך דאָן ענריקע אויפגעהויבן, אַוועקגעלייגט אַ שפּאַר ביסל באַנקנאָטן אויפן טישל, קעלנער האָבן זיך טיף געבויגן און חניפהדיק געדאַנקט און די מיידלעך האָבן דעם דאָן ענריקע באַגלייט ביז צום אַרויסגאַנג; אויך דער לאָקיי ביי דער טיר האָט באַקומען זיין טרינקגעלט און דאָן ענריקע האָט זיך געלאָזט מיט וואַקלדיקע טריט לענגאויס די גאַס, נישט קענענדיק זיך אַזוי שנעל דערמאָנען ווו ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין אויטאָמאָביל און גייענדיק אַזוי, האָט ער זיך דערמאָנט אין אַ לידל וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אין יידישן טעאַטער:

— טראַכט נישט וועגן נעכטן, זאָרג נישט וועגן מאָרגן, ס'איז נאָר דאָ אַ ברעקעלע היינט, לייג נישט אָפּ אויף מאָרגן...

און מיט אַ געבויגענעם שווערן קאָפּ האָט דאָן ענריקע ווי אונטערגע־טענצלט מיט די וואַקלדיקע טריט און הנאה געהאַט וואָס ער האָט אַריינגע־כאַפּט אַ ברעקעלע היינט!...

## זיבעטער קאַפּיטל

# ווען דיין זון וועט דיך פרעגן...

.1

וואָס־וואָס, נאָר קיין דאָן זשואַן איז דאָן ענריקע נישט געווען. ער איז נישט געווען קיין צדיק און אויב עס האָט זיך אים אונטערגערוקט אַ געלע־גנהייט, האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון איר, אָבער זוכן די געלעגנהייט, פאַרנאַכלעסיקן געשעפטלעכע ענינים צוליב פרויען, ניין; דאָס נישט; קיין קראַנקהאַפטער ווייבערניק איז ער קיינמאָל נישט געווען; אויב קראַנקהאַפט, איז ער נאָר געווען אַ קראַנקהאַפטער סוחר. פאַבריקאַנט און אונטערנעמען.

זיינע אַלע יאָרן, זינט ער איז מיט זעלדען געקומען קיין אַרגענטינע, האָט ערגעץ אין זיין געמיט אים „געקוועטשט" אַ געפיל, אַז זעלדע האָט אים גוט „אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין"; ערשט ביים אויסאַרבעטן די רייזע־פּאַפּירן, פּאַספּאָרטן מיט וויזעס, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז זעלדע איז מיט עטלעכע יאָר עלטער פון אים און דאָס האָט ער איר דורך אַלע יאָרן נישט געקענט מוחל זיין, כאָטש זי האָט גלייך מיט אים געאַרבעט שווער און ביטער ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ שטיקל תכלית; אַפילו ווען זי האָט שוין באַדאַרפט

ביאַנטשען זייער זינדל, יאָסיפן, האָט זי נאָך אַלץ געאַרבעט, זיצנדיק אויף דעם נידעריקן בענקעלע אין דרייען געבויגן...

אַוודאי, דעמאָלט, ווען מען האָט זיך שווער געמוטשעט כדי צו קומען צו אַ בעסערן מעמד, האָט דער דעמאָלטיקער הערשל אַפילו נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַנדערע ווייבער, אָבער אַפילו דערנאָך, יאָרן שפּעטער, ווען זעלדע איז שוין געווען סולעמאַ און ער האָט זיך שוין ממש אָנגעהויבן „באָדן אין גאָלד“, אַפילו דעמאָלט האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַנדערע ווייבער, ווייל זיינע אַלע טראַכטענישן, זענען נאָר געווען מכוח געשעפט, מכוח פאַרגרעסערן און פאַרמערן די אונטערנעמונגען און אַבי איין געשעפט, איין וואַרשטאַט, איין פאַבריק האָט נאָר אָנגעהויבן פּראָגרעסירן און גיין גוט, האָט ער שוין געטראַכט וועגן אַ נייע אונטערנעמונג און זיין אונטערנעמונגס־גייסט האָט באַהערשט און אונטערדריקט אין אים אַלע אַנדערע ליידנשאַפטן...

געשעפטן, פאַבריקן, באַלעבאַטעווען איבער אַ סך אָנגעשטעלטע, זיין „קייזער און קעניג“ איבער זיינע קליינע קעניגרייכן, די געשעפטן און פאַבריקן וועלכע ער אַליין האָט געשאַפן, דאָס איז געווען זיין גרעסטע ליידנשאַפט וואָס האָט אויסגעפילט זיין לעבן און אויב די אונטערנעמערישע ליידנשאַפט האָט אים צומאָל געגעבן אַ פויזע, איז פאַר דאָן ענריקע די פויזע געווען אַן אָפּקומעניש, ווייל ווי נאָר עס האָט זיך געיאַוועט די מינוט פרייע צייט, האָט הערשל, זיין אַמאָליקער איך, גענומען אים יאַדען מיט פאַרשידענע אַמאָליקע און היינטיקע נאַרישקייטן, פון וועלכע ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט באַפרייען, נאָר ער האָט עס נישט געקענט באַווייזן אין משך פון אַלע פאַרלאָפענע טעג און יאָרן...

בלויז דאָס איינע מאָל, וואָס ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דער קליינער רוט, די גובערנאַנטקע. נו, דאָס איז געווען אַן עפּיזאָד וואָס איז אַריבער מיט אַ ביסל בייז בלוט קעגן זיין זעלדע...

ניין ,קיין ווייבערניק איז דאָן ענריקע קיינמאָל נישט געווען: זיין אייגציקע גרויסע ליידנשאַפט איז געווען — געשעפט! אונטערנעמונג! באַלעבאָטעווען, האָבן מאַכט, זיין „קייזער און קעניג“ איבער זיינע אונטערנעמונגען און אויב ער האָט נאָך געהאַט אַ שטיקל ביי־ליידנשאַפט, איז זי געוואָרן אַקטיוו נאָר אין די פויזעס און איר הויפּט־טעטיקייט איז געווען, אַרויסצורופן אַ קריגעריי צווישן דעם אַמאָליקן הערשל און היינטיקן ענריקע...

יאָרנלאַנג האָט אָנגעהאַלטן די מלחמה צווישן דאָן ענריקע און הערשלען און אויב איינער האָט זיך צומאָל אונטערגעגעבן איז עס נאָר געווען אַן אונטערגעבן זיך אויף דערווייל, אַזאַ מין פויזע, ביז די מלחמה איז אויסגעבראָכן אויפסניי און אַזוי האָט דער קאַמף צווישן די צוויי „איכן“, אויסגעוואַרעמט און באַשאַפן אַ נייעם „איך“, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן זיי ביידע...

.2

דער נייער „איך" פון דאָן ענריקע, איז דאָס געווען דער, וואָס האָט אים אָנגעהויבן אַוועקפירן אין די פאַרשידענע נאַכט־קנייפּעס, ווו ווײַן, ווייב און געזאַנג האָבן אים באַרוישט און אים אַריינגעבראַכט אין אַ געווירבל פון פאַרגעסן.

אַ סך מאָל, ביים ערשטן אַריינקום, האָבן די נאַכט־קנייפּעס, סיי דעם דאָן ענריקע ווי דעם אַמאָליקן הערשלען, גענומען עקלען, ביידע האָבן געזען אַז דאָס איז אַ קרומער וועג וואָס פירט צו אומגליק; האָט אָבער זיין נייער „איך" אַלעמאָל געפונען גענוג אַרגומענטן און מאָטיוון, אויף צו באַרעכטיקן די דאָזיקע קרומע וועגן און באַוויַזן אַפילו, אַז אָט־אָ־די קרומע וועגן זענען דער איינציקער אויסוועג פאַר זיי ביידן, פאַר הערשלען און פאַר דאָן ענריקע, זיך אַרויסצוהייבן פון דעם אומגליקלעך צעריסענעם לעבן...

עס איז געווען אַ מין צו־להכעיס־שפּיל, וואָס דאָן ענריקע האָט אָפּגעשפּילט קעגן הערשלען און הערשל האָט אָפּגעענטפערט מיט דעם זעלבן און אָנגעפירט מיט דעם טראַגישן שפּיל, האָט דער „דריטער", דער ניי־באַשאַפענער, דער נאָמענלאָזער „איך" אין דאָן ענריקעס געמיט, וואָס האָט זיך באַמיט זיי אַרויסצוהייבן פון די לאַבירינטן פון זייערע גייסטיקע קאָנפליקטן...

דער נייער „איך" האָט אין געמיט פון דאָן ענריקע געאַרבעט מעשים, ווי עפּעס אַ דיבוק, וואָס גלייבט און מאַכט גלייבן, אַז מיט שמוץ קען מען אָפּוואַשן פלעקן און אַז מיט גרעסערע זינד קען מען זיך רייניקן פון די קלענערע...

די צו־להכעיס־שפּילן צווישן הערשלען און דאָן ענריקע, בעת וועלכע זיי האָבן זיך ביידע נישט געזשאַלעוועט מיט מוסר און פאַרוווּרפן און ביידע האָבן איינער דעם אַנדערן אויפגעוויזן, אַז ער איז גאָרנישט מיט גאָרנישט — האָבן געשטאַרקט דעם דריטן צד, דעם דיבוק וואָס האָט געטענהעט, אַז אויב די צוויי האָבן אַ גאַנץ לעבן געבלאָנדזשעט און זיי זענען ביידע נישט געוואָרן דאָס וואָס זיי האָבן באַדאַרפט ווערן, אָדער בלויז אַ קאַפּיטאַליסט, אָדער אַן אייביקער פּראָלעטאַרישער קעמפער, דאַרף מען אָנהייבן גיין אויף אַ גאָר נייעם וועג, אויף אַ וועג וואָס פאַרטויבט, פאַרשיכורט און מאַכט פאַרגעסן אַן דער גייסטיקער מלחמה צווישן דעם אַמאָליקן „בעזבאָזשניק" און היינטיקן קאַפּיטאַליסט־עקספּלואַטאַטאָר...

.3

פונדעסטוועגן, כאָטש דאָן ענריקע מיט הערשלען האָבן זיך פון דעם דריטן נאָמענלאָזן „איך", פון דעם „דיבוק", געלאָזט פירן אויף די קרומע וועגן אַזוי ווי חדר־ייִנגלעך, האָבן זיי זיך אָבער נאָך ווייט נישט געלאָזן איב־

גאַנצן באַהערשן ביז צום פולשטענדיקן פאַרגעסן זיך ווער זיי זענען און פון צייט צו צייט, האָבן זיי זיך גאַנץ קרעפטיק רעוואָלטירט קעגן דעם דריטן טייוולשן כוח.

און עס קען זיין, אַז ווען עס וואָלט הערשלען מיטן דאָן ענריקע זיך גע־ווען איינגעגעבן צו שאַפן אַ געזונטן סינטעז פאַר זייער צוזאַמענאַרבעט, וואָלט זייער פאַראייניקטער כוח געווען גענוג שטאַרק צו באַקעמפן און זיך באַ־פרייען פון „דיבוק"; ווייל אין אַ סך ניכטערע מאָמענטן, האָבן ביידע, סיי הערשל ווי דאָן ענריקע, געטראַכט, אַז עס זענען דאָ אַ סך אַזעלכע ווי זיי, אַרויפגעאַרבעטע אַמאָליקע האַרעפּאַשניקעס, וואָס לעבן זיך אויס אויף דעם מיטלוועג אויף וועלכן עס גליִען נאָך די פונקען פון אַמאָליקע אידעאַלן און זיי שימערירן צומאָל אַרויס פון צווישן די רייך־אינסטאַלירטע עלעקטרישע באַלויכטונגען...

הערשל מוז מודה זיין, אַז דאָן ענריקע האָט עס אויך געפּרוּווט מאַכן אַזוי; אמת, דאָס האָט ער, הערשל, געמוזט ווירקן אויף אים, אָבער ער האָט געווירקט אַזוי לאַנג, ביז ער אַליין, הערשל, האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז אַ חוזק, אַ לצנות, פון איין זייט צו וועלן צוריקשיקן מיט אַ שוואַנגער־פרוי אַ שווערן פּאַק קאָנפעקציע צוליב אַ שלעכט־צוגענייט קנעפּל אויף אַ וועסטל און פון דער צווייטער זייט — געבן אַ דאָנאַציאָן פאַר דער פּראָלע־טאַריש־קעמפערישער אויסגאַבע...

דער הייליקער ציטער פון אומרו, וואָס דער אַמאָליקער „מאי קא משמע לן" אין דעם קליינשטעטלדיקן בית־המדרש, האָט אַריינגעגאָסן אין הערשלס האַרץ און געמיט, האָט אים באַגלייט אויף אַלע זיינע יאָרן און זיך נישט געלאָזט דערשטיקן, נאָר זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון זיין באַוווּסטזיין, אַפילו נאָך דער אויסערלעכער פאַרוואַנדלונג, ווען פון הערשל איז געוואָרן דאָן ענריקע; יאָ, די אומרו אין געמיט פון זייער ביידנס „איך", וואָלט אפשר געקענט באַווייזן צו שאַפן אַ ספּעציעלן געזונטן סינטעז פאַר צוזאַמענאַרבעט, וואָס זאָל זיי ביידן באַפרידיקן און זיי זאָלן ביידע קענען צוזאַמען קעמפן קעגן די נייע, טריפהנע אימפּולסן וואָס שטויסן זיי אויף שלעכטע וועגן, אָבער איין זאַך, איין אומשטאַנד פון וועלכן ביידע, סיי הערשל און סיי דאָן ענריקע ,האָבן זיך כסדר באַמיט נישט צו טראַכטן, דער איינער אומשטאַנד, האָט געשטערט דעם שלום צווישן דאָן ענריקע און דעם אַמאָליקן הערשל...

ביידע האָבן געזוכט דעם ענין צו פאַרגעסן, אָבער דער דריטער, — דער „דיבוק" האָט געווירקט, אַז דאָן ענריקע זאָל ממש קריצן מיט די ציין פון כעס קעגן הערשלען און די צו־להכעיס־שפּיל איז ווייטער אָנגעגאַנגען...

די איינציקע זאַך אָן וועלכער זיי האָבן ביידע געוואָלט פאַרגעסן, איז געווען דער זון, דער היינט שוין אויפגעוואַקסענער יאָסיף, וועלכן דער אַמאָ־

ליקער הערשל דער בעזבאָזשניק, האָט נישט געוואָלט געבן דעם טראַדיציאָ־נעל־רעליגיעזן ייִדישן קען־צייכן, ער האָט אים נישט געלאָזט מל־זיין...

.4

אין די מינוטן, ווען די אומרו האָט זיך רעוואָלטירט קעגן דעם דיבוק, האָט דאָן ענריקע באַוויזן אָנצונעמען געוויסע באַשלוסן, וועלכע הערשל האָט אים צוגעהאָלפן וואָס שנעלער רעאַליזירן.

אויך דאָן ענריקע האָט צומאָל געהאָלפן הערשלען אין דער רעאַליזי־רונג פון זיינס אַ באַשלוס, וואָס ער האָט אָנגענומען אין אַ מאָמענט פון רע־וואָלטירנדיקער אומרו.

הערשל האָט צוגעהאָלפן דעם דאָן ענריקע, ער זאָל זען וואָס שנעלער צו פאַרקנסן זיינע טעכטער, איידער מען דערוויסט זיך אין שטאָט וועגן זיינע קרומע געגנג דורך די נעכט אין די קנייפּעס און נאַכטישע זנות־סאַלאָנען...

קעגן דער געאייניקטער אַקציע פון דאָן ענריקע מיט הערשלען, האָט דער „דיבוק", דער דריטער „איך", גאָרנישט געקענט אויפטון, ער האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און געלאָזט דעם דאָן ענריקע מיט הערשלען אַרבעטן מעשים, איינאָרדענען אויפנאַמעס, גיין אויף באַנקעטן צוזאַמען מיט זעלדען (דאָס איז געווען דער גרעסטער קרבן...) און מיט זיינע טעכטער, די וויל־נעלערנטע פּראָפעסאָראַס דע פּיאַנאָ און ווי ער האָט שוין אַמאָל געטראַכט, וועט קאָסטן נאָך און נאָך געלט, נו, האָט טאַקע געקאָסט און דאָן ענריקע האָט באַוויזן איינצוקויפן פאַר זיינע טעכטער טייערע איידעמס (טייער באַ־צאָלט פאַר זיי...) געענדיקטע פּראָפעסיאָנאַלן...

צוערשט אויף רייך־איינגעאָרדנטע תנאים־פייערונגען און דערנאָך, אויף די נאָך רייכערע חתונות, האָט ווידער הערשל גענומען דאָס וואָרט, ער האָט באַפוילן דאָן ענריקען, ער זאָל געבן ביישטייערונגען פאַר אַלע שיינע ייִדישע צוועקן, נישט מאַכנדיק דערביי קיין חילוק צווישן רעכט און לינק און דאָן ענריקע האָט הערשלס באַפעל דערפילט. ער האָט געפילט, אַז אָט־אָט, און אַבי די צווייטע חתונה וועט ער אַריבער, וועט ער האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיין פלייצע ביידע שווערע האָרבן און ער וועט זיך פילן פרייער און...

דער דריטער „איך" האָט שוין אין אים געאַרבעט מעשים, און ווי אַ פלאַטערנדיקע פליג האָט עס אים שוין אָנגעהויבן ציִען צו די טויזנטער פינקלדיקע ליכטער פון זינד...

.5

דאָן ענריקע איז ווייטער געקראָכן אין זומפּ פון זינד.

הערשל האָט אינגאַנצן פאַרלוירן די שליטה איבער אים, ער אַליין האָט זיך געפילט זינדיק פאַר זיין אַמאָליקער האַנדלונג מיטן נישט לאָזן מל־זיין

זיין זון און דאָן ענריקע, כאָטש ער האָט מכלומרשט נישט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם, האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט אים געשמיסן דעם זינדיקן פעלער אין פּנים אַריין...

געפּטרט די צווייטע טאָכטער, האָט ער זיך שוין בכלל געוואָלט אָפּזאָגן פון טראַכטן, ווייל צו וואָס און פון וואָס זאָל ער טראַכטן? פון זיין זון? — אָ, דאָס וויל ער באַין אופן נישט; שוין יאָרן און יאָרן ווי ער מיידט אויס זיך צו טרעפן מיט זיין זונדל פּנים־אל־פּנים; זינט דער געשיכטע מיט דער גובער־נאַנטקע; יאָסיף איז דעמאָלט נאָך קיין דרייצן יאָר נישט אַלט געווען, האָט דאָן ענריקע אים אָנגעהויבן רופן „יאָסל פּאָנדריק"... הערשל, דער אַמאָליי־קער בעזבאָזשניק האָט אַפילו געפּרווט פּראָטעסטירן פאַרוואָס ער רופט אים אַזוי, אָבער דאָן ענריקע, זינט ער האָט זיך דערוווסט אַז דער יאָסל פּאָנדריק האָט דאָס דערציילט דער מאַמען זיינער, אַז ער קוקט עפּעס צופיל צו דער „גיניערא" און זי האָט זי דערפאַר משלח געווען פון שטוב, האָט ער אים פיינט באַקומען און ווייל ער האָט ערגעץ־ווו אין זיין הינטערבאַוווסטזיין פאַרגעפילט און פאַרגעזען, אַז ער וועט נאָך אַמאָל דאַרפן זיין זון אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן פאַרשידענע ענינים פון זיין לעבן, דעריבער האָט ער אים אויסגעמיטן און די הויפּטזאַך, זיך געהיטן נישט צו בלייבן מיט זיין תכשיט אויג אויף אויג...

אין זיין מורא, אַז טאָמער וועט פאַרט קומען אַזאַ מאָמענט, ווען דער זון וועט זיך אַוועקשטעלן קעגן אים און אים אַ פרעג־טון אַזוי און אַזוי, האָט ער זיך צוגעגרייט פאַרשידענע ענטפערס וואָס האָבן באַדאַרפט שילדערן דעם אידעאַלן כאַראַקטער פון זיינע אַמאָליקע האַנדלונגען, אָבער געפילט האָט ער, אַז די אַלע פאַרענטפערונגען פאַרענטפערן גאָרנישט, ווייל מיט וואָס מען זאָל זיין אַמאָליקע טאַט נישט פאַרענטפערן, קען אָבער די טאַט גופא נישט אויסגעבעסערט ווערן, דער פעלער קען מער קיינמאָל נישט פאַרריכט ווערן...

ער האָט דעם זון איבערגעגעבן די פירונג פון אַ גרויסער אונטערנע־מונג, איבערגעוויזן צום זון די געפּאָדערטע געלטער, אַלץ געמאַכט דורך אַנדערע, דורך אָנגעשטעלטע, אַבי זיך נישט צו דאַרפן צוזאַמענטרעפן מיט יאָסל פּאָנדריק, דעם לעבעדיקן באַוויז פון זיין אַמאָליקן פעלער...

און דווקא האָט זיך געמאַכט, אַז ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט זיין זון אַזוי, אַז די אַלע צוגעגרייטע אידעאַליסטישע אַרגומענטן, האָבן לחלוטין פאַרלוירן זייער ווערט.

דאָס איז געווען שוין נאָך האַלבער נאַכט. דאָן ענריקע, אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ פּאַפּירן פאַיאַצן־מיצל, האָט אַרומגעשוועבט מיט פיר האַלב־נאַקעטע מיידלעך פון דעם פריילעכן נאַכט־לאָקאַל „די פאַרכישופטע רויז", ער האָט צוגעטראַכט פאַר זיך אַ שיין שפּיל, צו צאָלן אַ הונדערטער מיט אַ וויסקי פאַר יעדן קוש און אַזוי האָבן די פיר מיידלעך דעפילירט פאַר אים איינע נאָך

דער אַנדערער: ער האָט געגעבן אַ קוש און דערלאַנגט אַ הונדערטער און באַלד האָט דער קעלנער אַרויסגעשאָקלט פון פלאַש אַ וויסקי און אַזוי האָבן די מיידלעך שוין עטלעכע מאָל פאַר אים פאַרביידעפּילירט ביז פּלוצים, ווען ער האָט זיך באַפרייט פון אַ מיידלס אומאַרמונג, ער האָט נישט באַוויזן אָפּצו־ווישן פון באַק די רויטע ליפּן־פלעקן, האָט ער פאַר זיך געזען שטיין זיין זון, זיין יאָסל פאַנדריק, וואָס האָט געקוקט אויף אים מיט אייז־קאַלטע בליקן, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעגליט צווי רויט־צעגליטע פראַגע־צייכנס...

אין זיין פאַרשיכורטן צושטאַנד, האָט דאָן ענריקע פּלוצים זיך דערזען אויף אַ הויכער שמאָלער בריק און די צווי צעגליטע פראַגעצייכנס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צווי פאַראַלן פון אַן אָנפאָרנדיקן באַן. די בריק איז שמאָל, ער האָט נישט ווו צו אַנטלויפן און די באַן פאָרט אַרויף אויף אים, די רעדער האַמערן אויף זיין מוח און ער פאַלט, פאַלט, פאַלט אַ צעריסענער אויף שטיקער פון דער הויכער בריק, אַראָפּ, אין אַ טיפער טיפקייט...

אַכטער קאַפּיטל

# טאַטע און זון

.1

אויפן ערשטן מאָמענט פון דעם צוזאַמענטרעף, האָט עס דעם דאָן ענריקע אַ שלאָג־געטון אין קאָפּ אַריין ווי מיט אַ האַמער, וואָס האָט אים אינגאַנצן צעשמעטערט, נאָר ווען די מיידלעך וואָס האָבן נאָר־וואָס פאַר אים דעפּילירט, האָבן זיך אַוועקגעשאַרט פון אים אין שרעק פאַר די שפּיזיקע בליקן פון דעם „קאַבאַזשערא״ וואָס האָט זיך פּלוצים געיאַוועט, האָט ער אָנגעהויבן קומען צו־זיך און דאָס ערשטע האָט ער אַראָפּגעלאָזט די בליקן און געזוכט, אפשר וועט זיך דאָ פאַר אים עפענען אַ גרוב, אין וועלכן ער זאָל קענען אַריינ־שפּרינגען און פּטור אַן עסק...

אָבער, קיין גרוב האָט זיך פאַר אים נישט געעפנט, איז פאַר אים נישט געבליבן מער, ווי וואַרטן וואָס דאָ וועט ווערן. פונדעסטוועגן, כאָטש דער פּלוּ־צימדיקער צוזאַמענטרעף מיט זיין זון האָט אים כמעט ווי אויסגעניכטערט, האָט ער איצט באַשלאָסן צו שפּילן דעם שיכור, טראַכטנדיק אַז אַזוי וועט זיין בעסער...

ער האָט זיך געמאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר פאַרגעסן אַז זיין זון שטייט קעגנאיבער אים, ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט די מיידלעך און נישט־זעענדיק מער קיין איינע פון זיי, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו דעם נישט־פאַרענדיקטן גלאָז וויסקי וואָס

איז געשטאַנען אויפן טיש, אָבער דאָ איז אונטערגעקומען דער זון, אַ נעם־געטון דעם פּאָטערס האַנט אַרום דעם דופק און זי אַזוי פעסט איינגעפּרעסט צווישן זיינע פינגער, אַז דאַן ענריקע האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ שלאָף און אַ דערשראָקענער זיך באַמיט אויפצושטעלן, פאַרפּלאָנטערנדיק זיך מיט דעם שטול אויף וועלכן ער איז געזעסן.

כאָטש די גאַנצע געשעעניש איז פאָרגעקומען געגוג שטיל, אין דעם אָפּגעזונדערטן אינטימען ווינקל פון סאַלאָן, דאָך האָט עס געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע געסט וואָס האָבן מיט נייגעריקייט געקוקט אין דער זייט פון וואַנען די „קאָנסום־מיידלעך“ האָבן זיך צעשפּרייט איבערן סאַלאָן און נעבן דאָן ענריקעס טישל האָבן זיך באַלד געיאָוועט צוויי קעלנער מיט אַן אויבער־קעלנער; דאָן ענריקע האָט געגומען זוכן אין קעשענע צו באַצאָלן, ער האָט אַלץ געקוקט מיט פינצטערע בליקן אויף אַראָפּ, כדי זיך נישט צו באַגעגענען מיט די בליקן פון זיין זון. אָבער דער זון האָט נישט געוואַרט ביז דער שיכורער טאַטע וועט אַרויסגראַבלען פון די קעשענעס דאָס געלט, ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין אייגענעם טייסטער, אַ קוק־געטון אויף דעם רעכענונג וואָס דער קעלנער האָט געהאַט אין האַנט, אַ וואָרף־געטון עטלעכע באַנקנאָטן אויפן טיש און נישט אין אַכט נעמענדיק דעם דאַנק פון קעלנער פאַרן טרינקגעלט, האָט ער אַ נעם־געטון דעם פּאָטער אונטערן אָרעם און באַגלייט פון די חוזק־בליקן פון אַ סך געסט, האָט ער אים כמעט ווי אַרויסגעשלעפּט פון דעם פריילעכן נאַכט־לאָקאַל...

.2

ווען די פרישע קילע שפּעטע נאַכט־לופט האָט דעם דאָן ענריקע אַ שלאָג־געטון אין פּנים אַריין, האָט זי ווי אויפגעוועקט אין אים זיין גבירישע תקיפות און ער האָט געמאַכט אַ פּרווו זיך צו באַפרייען פון זיין זונס האַנט, נאָר דער זון האָט אים אַזוי פעסט צוגעהאַלטן אונטער זיין אָרעם, אַז ער האָט זיך ממש נישט געקענט אַ ריר־טון זעלבשטענדיק, נאָר געמוזט נאָכהאַלטן די טריט פון זיין זון, נאָך וועלכן ער האָט זיך ווי נאָכגעשלעפּט, און עס איז אים נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי אונטערגעבן זיך און לאָזן זיך שלעפּן און דאָס נאָכשלעפּן זיך נאָך זיין זון, האָט אים פּלוצים דערמאָנט, אַז פּונקט אַזוי האָט אים אַמאָל געשלעפּט זיין פּאָטער, ווען ער האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון פּריצישן הויף, ווו ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט רייסן קאַרשן...

יאָ, אַ קינד, אַ פאַרזינדיקט קינד אַזוי ווי אַמאָל, אַזוי האָט ער זיך געפילט איצט און פּונקט ווי אַמאָל, ווען ער איז געווען אַ סך גרייטער און אַ סך ווילדער צו באַקומען הונדערט שמיץ פון פּאָטערס גראָבן פּאַסיק, איידער צו דאַרפן הערן דעם פּאָטערס מוסר־רייד, אַזוי איז ער אויך איצט גרייט

געוועזן אַז דער זון זאָל אים בעסער דערלאַנגען אַ שטויס, אַז ער זאָל פאַלן אויף די טראַמוויי־שינעס און עס זאָל גראָד אָנפאָרן אַ טראַמוויי און אים ממיתן, איידער ער זאָל דאַרפן הערן וואָס דער זון האָט אים איצט צו זאָגן...

נו, דער זון האָט אים איצט גאָרנישט געזאָגט. שווייגנדיק האָט ער אים אַזוי געפירט איבער שמאָלע גאַסן אין צענטער־שטאָט, פאַרבײַגעגאַנגען באַ־לויכטענע, אַרײַנגאַנגען פון נאַכטישע טאַנץ און זנות־לאָקאַלן. דאָן ענריקע האָט געוואָרפן קרומע בליקן צו די מונדירטע לאָקייען וואָס שטייען בײַ די אַרײַנגאַנגען, זיי זענען אים שוין געווען גוט באַקאַנט. נאָר שנעל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס פירט אים איצט זײַן זון, זײַן „יאָסל פּאָנדריק״ צום משפּט און ער האָט צוריק אַראָפּגעלאָזן די בליקן און ווײַטער, שווײַגנדיק, זיך געלאָזן פירן פון זײַן שווײַגנדיקן זון, ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ ראָג גאַס, אויף וועלכער עס האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע קאָלאָנע שטייענדיקע אויטאָמאָבילן. דער זון האָט אים צוגעפירט צו איינעם, אַ כמעט נײַעם אויטאָ פון לעצטן מאָדעל, געעפנט די הינטערשטע טיר און באַפוילן דעם פאָטער ער זאָל אַרײַנקריכן.

אַזוי ווי דער פאָטער האָט זיך ביים אַרײַנקריכן אין אויטאָ נאָך אַביסל געוואַקלט, האָט אים דער זון עפּעס אַזוי ווי אַ שטויס אַרײַנגעגעבן און פאַר־האַקט מיט רוגזה די טיר און באַלד האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין פאָדער־טייל צו דער מאַשין, אַ קוועטש־געטון אַ קנאָפּקע, אַ דריי־געטון מיטן ראָד און די מאַשין האָט זיך געלאָזן אין שנעלן לויף, אין דער ריכטונג צו דאָן ענריקעס היים...

**3.**

דער אויטאָ איז שנעל געלאָפן, אָבער נאָך שנעלער האָבן זיך באַוועגט די געדאַנקען אין דאָן ענריקעס מוח.

אין דער זעלבער פּאָזע, האַלב־זיצנדיק און האַלב־ליגנדיק אויף דעם ברייטן פּולמאַן־זיץ ווו ער איז אַוועקגעפאַלן בעת דער זון האָט פאַרקלאַפּט די טיר, איז ער געבליבן כמעט ביז צו זייער אָנקומען אַהיים און אַזוי, זיצנ־דיק־ליגנדיק, האָט ער זיך געלאָזט פאַרפּלייצן זײַן מוח מיט געדאַנקען וועגן זײַן איצטיקער סיטואַציע און גלייכצייטיק ווי עס וואָלט עס געטון אַ צווייטער אין אים, האָט ער געזוכט וועגן ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון איר...

אין אַ מאָמענט, ווען עס האָבן פּלוצים אויפגעלויכטן די פאַראָלן פון קאָטש און באַלויכטן אַ שטיק שטרעקע פאַראויס פון זייער וועג, ווו עס זענען אַנטקעגנגעקומען אַנדערע קאָטשן, האָט אין דאָן ענריקע אויפגעזאָטן אַ הייַ־סער צאָרן און ער האָט געוואָלט אויסשרײַען צו זײַן זון, אַז ער זאָל אָפּ־שטעלן דעם קאָטש און אים זאָגן פאַר וועמענס געלט ער האָט דעם טייערן לוקסוס־קאָטש געקויפט און פון וואַנען ער האָט זיך דאָס גענומען די חוצפּה,

אַריינצוואַרפֿן אים אין קאַטש, אַזוי ווי אַ שטיק נבלה; אים, דעם טאַטן, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט, כדי דער זון זאָל זיך קענען פֿאַרגינען דעם גרעסטן ווילטאָג... אָבער וואָס נאָענטער דער קאַטש איז געקומען צו זיין היים, האָבן אַלץ שטאַרקער אויפֿגעקלונגען די טענער פֿון דזשאָז וואָס ער האָט איבערגעלאָזן צוזאַמען מיט די מיידלעך וואָס ער האָט געקושט פֿאַר אַ הונדערטער אַ שטיק און ער האָט זיך ווידער אָנגעהייבן פֿילן ווי דאָס זינדיקע יינגל, וואָס וויל בעסער באַקומען דעם פֿאָטערס שמיץ, איידער אויסהערן זיינע מוסר־ווערטער און ער האָט זיך ווידער געלאָזן פֿאַרפֿלייצן פֿון געדאַנ־קען וועגן זיין סיטואַציע, פֿון וועלכער ער האָט כסדר מער פֿאַרלוירן יעדע האָפֿענונג, אַז ער זאָל איצט זיך קענען אַרויסדרייען...

—אַ זון איז נישט קיין טאַטע... — האָט זיך ביי אים געבאַמבלט אין מוח; די אייזיקע בליקן מיט די צעגליטע פֿראַגעצייכנס וואָס דער זון האָט אויף אים געוואָרפֿן בעת ער האָט אים געפּאַקט אין דעם נאַכט־לאָקאַל, האָבן אים איצט אי געבריט און אי דורכגעיאָגט אַ קעלט דורך זיינע ביינער און זייענ־דיק שוין גאַנץ נאָענט צו זיין היים, האָט ער זיך אָנגעטון אַ כוח און זיך גלייכגעזעצט אין קאַטש, און ער האָט אָנגעהויבן פֿילן, אַז ער האָט שוין זיין באַשלוס, ער ווייסט שוין ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פֿון דער ביטערער סיטואַ־ציע; ער וועט אַהיימקומען, וועט ער, נאָך איידער וואָס־ווען, אַריינגיין אין באָד־צימער, דאָרט האָט ער זיין ראַזיר־געצייג, וועט ער אַרויסנעמען אַ „זשילעטל" און וועט זיך אַזוי פּעסט איינשניידן אין די פּולסן פֿון ביידע הענט און אַזוי וועט ער זיך ראַטעווען פֿון גרעסטן שונא, פֿון זיין אייגענעם זון...

קיין אַנדער אויסוועג האָט ער שוין איצט נישט געזען...

.4

דער באַשלוס האָט ווי אַריינגעגאָסן אַ רויִקייט אין דאָן ענריקעס געמיט.

דער קאַטש האָט זיך אַזוי ווי געגליטשט איבער דעם פֿיין־אַספֿאַלטירטן ברייטן וועג וואָס האָט געפֿירט צו זיין היים און אַפֿילו ווען ער האָט באַדאַרפֿט אַריבערראָלן איבער אַ נידעריקערן ניוועל ביים דורכקרייצן אַ גאַס, האָט זיך דער קאַטש בלויז אַזאַ נחתדיקן הוידע געטון, וואָס האָט ווי איינגעשלעפֿערט און דאָן ענריקע, וועלכער איז שוין געווען דורכגענומען פֿון זיין באַשלוס, האָט ממש אָנגעהויבן פֿילן ווי דאָס בלוט פֿליסט אַרויס פֿון זיינע אויפֿגע־שניטענע אָדערן און עס ווערט אים עפּעס אַזוי גוט, אַזוי לייכט, עס לייכטן אויף אין זיין מוח אַזעלכע ליבע זכרונות פֿון זיין אַמאָל, אָט זעט ער זיך אַלס קינד, ער האָט זיך פֿאַרזינדיקט און דער טאַטע האָט אים געפּאַקט, ער וויל אים זאָגן מוסר, ער וויל אים שלאָגן מיטן גראָבן פּאַסיק, אָבער פּלוצים דערזעט ער, אַז זיין קינד גייט־אָפּ מיט בלוט און ער מאַכט אַ געוואַלד, ער

רופט די מאַמען, מען פאַרגעסט שוין אָן זיין זינד און מען זוכט נאָר אָפּצו־שטעלן דאָס בלוט, מען זוכט אָפּצוראַטעווען זיין לעבן און די מאַמע קושט אים און גלעט אים און זאָגט אים אַזעלכע גוטע ווערטער און עס איז אים אַזוי גוט, אַזוי גוט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער קאָטש האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים פראָנט פון דאָן ענריקעס שיינער געביידע, האָט דער זון דערהערט דאָס כראָפּען און דעם שווערן אָטעם פון זיין אַלטן טאַטן, אָבער ער האָט נישט געפילט קיין ברעקל אָפּשיי, קיין ברעקל געפיל; ער האָט אים ברוטאַל אויפגעוועקט און נאָך ברוטאַלער ארויסגעשלעפּט פון קאָטש און אים אַריינגעפירט אין הויז, אין דער ווינדע און אים אַרויפגעפירט אין שטוב אַריין.

דעם דאָן ענריקע איז נישט באַשערט געווען צו רעאַליזירן זיין באַשלוס און איבערשניידן זיך די אָדערן, ווייל דער זון אַליין האָט אים אַריינגעשטויסן אין באָד־צימער, אַראָפּגעריסן פון אים די קליידער, ממש ווי אַריינגעשטויסן אים אין דער וואַנע אַ נאַקעטן און אויפגעדרייט דעם קראַן און אַראָפּגע־לאָזן אויף דעם אַלטן גוף פון זיין פריטשמעליעטן פאָטער, אַ געדיכטן מבול־רעגן פון קאַלט וואַסער...

ביז איצט, האָבן ביידע, נישט דער טאַטע און נישט דער זון, נאָך געהאַט אויסגערעדט קיין איין וואָרט, אַזוי ווי ביי ביידע וואָלט דער צוזאַמענטרעף ווי אָפּגענומען דאָס לשון.

אויף דער שוועל פון באָד־צימער האָט זיך איצט באַוויזן דאָן ענריקעס ווייב, זעלדע־סולעמאַ, איינגעהילט אין שלאָפראָק, מיט צעפּאַטלטע גרויע האָר און דערזעענדיק אַזוי דעם טאַטן מיטן זון, האָט זי פאַרבראָכן די הענט און אויך ביי איר, האָט עס אָפּגענומען דאָס לשון...

## ניינטער קאַפּיטל

# דאָן ענריקעס וואַך־נאַכט...

### 1.

דאָס וואָס ביידע, אי דער פאָטער און אי דער זון האָבן יאָרנלאַנג געזוכט אויסצומיידן, האָט געמוזט קומען און איז ענדלעך געקומען.

ביידע האָבן זיך געהיטן דערפאַר; דער פאָטער, דאָן ענריקע, האָט גע־ווּוסט, אַז זיין „יאָסל פאָנדריק" טראָגט אויף אים אַ בייז האַרץ נאָך פון זיינע יינגלשע יאָרן, נאָך פון דעמאָלט, ווען ער האָט געהאַט דעם נאַרישן אינצי־דענט מיט זיין ווייב, צוליב דעם דייטש־יידישן מיידל רוט, די שיינע גו־בערנאַנטקע...

דאַן ענריקע האָט געפילט, אַז דער דעמאָלטיקער אינצידענט האָט אין זיין זונדלס געמיט געמוזט עפּעס איבערלאָזן און ער האָט ממש ווי געזען בחוש, אַז דער „עפּעס" אין זיין זונדלס געמיט וואַקסט אין משך פון די יאָרן צוזאַמען מיט זיין זון און ער האָט אַלעמאָל מורא געהאַט, אַז אָט־אָט וועט קומען דער מאָמענט, ווען דער עפּעס אין זיין זונס געמיט וועט אויפרייסן און אַז ער, דאָן ענריקע, וועט זיין דאָס צילברעט פאַר דעם אויפרייס...

אין משך פון די יאָרן האָט ער גוט געזען, אַז זיין זונדל, אַפילו זיצנדיק ביים טיש, ביי די מאָלצייטן, מיידט אויס צו קוקן אין זיין זייט און אויב ער האָט געהאַט דעם זונדל עפּעס צו זאָגן, האָט עס יאָסיף אויסגעהערט מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן און בלויז געענטפערט מיט אַן אונטערטעניקן „גוט" און כאָטש דאָס יינגל האָט טאַקע אויסגעפאָלגט דעם פאָטערס באַפעלן און אָנ־ווייזונגען, האָט דאָן ענריקע פונדעסטוועגן געפילט, אַז אונטער אָט־אָ־דער אונטערטעניקייט פון זיין זונדל, שטעקט אַ פאַרביטערטקייט און אַ פאַרביסנ־קייט, וואָס פריִער צי שפּעטער, וועט זי זיכער קומען צום אויסדרוק...

לאַנג האָט עס געדויערט; יאָרן זענען געגאַנגען, ער האָט געשאַפן, גע־בויט, אָנגעהויפט פאַרמעגנס, דער זון איז גרויס געוואָרן און אָט איז עס גע־קומען: — דער זון האָט אים געטראָפן אין דער זינדיקער נאַכט־קנייפּע, אַרומ־גערינגלט פון אויסגעלאַסנקייט און אפשר צום ערשטן מאָל נאָך אַ סך יאָרן, האָט ער געקוקט גלייך דעם טאַטן אין פּנים אַריין, נאָר די בליקן זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט און דער טאַטע האָט זיך גע־מוזט בייגן אונטער זייער ממש היפּנאָטישער קראַפט, בלייבנדיק ווילנלאָז ווי אַ קליין קינד...

.2

וואָלט כאָטש דער אויפרייס געקומען מיטאַמאָל, אויפגעריסן אַ פּאַס פּול־ווער, פאַרפאַלן, איז אויפגעריסן, זעט מען דערנאָך, צי איז מען נאָך געבליבן גאַנץ, צי איז מען פאַרוווּנדעט און אויב יאָ, זוכט מען ווי אַזוי די ווונדן צו פאַרהיילן...

דאָן ענריקע האָט אָבער געפילט, אַז זיין אומגליק איז אַ סך גרעסער; דער פּולווער־פּאַס האָט נישט אויפגעריסן; אַפילו ווען דער זון האָט אים געשטופּט אונטער דעם קאַלטן טוש אין באָד־צימער, האָט ער נאָך אַלץ נישט אויסגערעדט צו אים קיין וואָרט, נישט געזידלט אים, גאָרנישט, בלויז ווי ער וואָלט געוואָלט פון אים אַראָפּשווענקען דעם שמוץ וואָס ער האָט אויף זיך גענומען אין דעם זינדיקן נאַכט־לאָקאַל און אַפילו ווען ער האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן דעם באָד־מאַנטל און אים אַריינגעפירט אין שלאָף־צימער, האָט ער אויך נישט געלאָזט הערן פון זיך קיין פּיפּס, און ווען אַפילו דאָן ענריקע האָט שוין געעפנט דאָס מויל און געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט דער זון

אויף אים אַ קוק־געטון אַזוי, אַז דאָס וואָרט איז אָפּגעשטאָרבן אויף זיינע ליפּן און ער האָט אויפן זונס אָנווייז, זיך געלייגט אין בעט אַריין און דער זון האָט אים איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע, איינגעדרייט די ליכט און אַרויס פון שלאָפצימער.

די ערשטע מינוטן, איז דער דאָן ענריקע געלעגן און מיט אַ פאַרהאַל־טענעם אָטעם געוואַרט, אַז אָט־אָט, וועט זיין וויב אַריינקומען צו אים, אָבער זי איז נישט אַריינגעקומען; מיט אָנגעשפּיצטע אויערן האָט ער זיך אונטער־געהערט צו די קלאַנגען פון אַרויסגערעדטע ווערטער, אָבער ער האָט קיין וואָרט נישט פאַרשטאַנען; איז ער אַזוי געלעגן, דער דאָן ענריקע, אין דער פינצטער און געזוכט עפּעס אַ געדאַנק; אַזוי ווי אַ טרינקענדיקער זוכט זיך אָנצוכאַפּן אָן אַ שטרוי, אַזוי האָט ער געזוכט עפּעס אַ פּינטל אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, עפּעס וואָס, וואָס זאָל אים געבן כוח, וואָס זאָל אים שטאַרקן, אַז ער זאָל קענען אויסהאַלטן די מלחמה, וואָס וועט זיכער אויסברעכן צווישן אים און זיין זון.

אַז די מלחמה וועט מוזן אויסברעכן, אין דעם איז ער געווען זיכער. פון די אייז־קאַלטע באַפעלערישע בליקן פון זיין זון, האָט ער אַרויסגעפילט דעם ווולקאַן וואָס באַהאַלט זיך הינטער זיי און נישט געפינענדיק קיין שום „וואָפן" מיט וועלכער ער זאָל זיך קענען פאַרטיידיקן קעגן זיין זון, האָט ער אָנגעהויבן בעטן אויף זיך דעם טויט, איידער דער מאָרגן וועט קומען און ברענגען דעם טראַגישן צוזאַמענשטויס...

ניין, נישטאָ אַזאַ געדאַנק, נישטאָ אַזאַ פּינטל אָן וועלכן ער זאָל זיך קענען אָנכאַפּן, כדי כאָטש אויף אַ ווייל צו קענען האָבן די אילוזיע, אַז ער איז געראַטעוועט; אפילו די האָפענונג, אַז זיין סולעמאַ וועט פאָרט אַריינקומען אַ קוק טאָן צו אים און אפשר וועט זי זיך אונטערנעמען אים בייצושטיין, אפילו דאָס פּיצעלע האָפענונג איז אויך צערונען, זי איז צו אים, דעם זינדיקן מאַן, נישט אַריינגעקומען...

— וואָס טראַכט דער זון אים צו טון?...

אַ שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן גאַנצן לייב, כאָטש זיין קערפּער האָט געציטערט פון קעלט.

די בליקן פון זיין זון האָבן אים קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט און ער האָט אָנגעהויבן באַדויערן, פאַרוואָס עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן זיך איבערצושניידן די אָדערן און אַ סוף...

— און אפשר איצט?

ער האָט געוואָלט אַ קוועטש טון און אָנצינדן דאָס נאַכט־לעמפּל נעבן בעט, אָבער ער האָט מורא געהאַט, אַז דער זון זאָל זיך נישט יאָווען...

האָט ער זיך איינגעקורטשעט אונטער דער קאָלדרע, פאַרמאַכט די אויגן, כדי נישט צו קוקן אין דער שרעקעוודיקער פינצטערניש און ער האָט זיך

דערמאָנט, אַז אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט ער אַזוי געטון ווען מען האָט אויסגעלאָשן די ליכט אין שטוב: ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, כדי נישט צו זען די שרעקעוודיקע פינצטערניש...

— דאָן ענריקע, אַ קינד... — האָט זיך אים געגומען פלאָנטערן אין מוח; — דאָן ענריקע, וועלכער איז דער באַלעבאָס איבער אַזוי פיל אונטער־נעמונגען, פאַר וועמען עס ציטערן אַזוי פיל אָנגעשטעלטע, פאַר וועמען באַנק־דירעקטאָרן שטעלן זיך אויף ווען ער קומט אַריין צו זיי; ער, דאָן ענריקע, וועלכער האָט אַ לעבן לאַנג געאַרבעט און געקעמפט כדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן, ער — אַ קינד, אַ שרעקעוודיק קינד, וואָס האָט מורא, וואָס שרעקט זיך פאַר דעם בליק פון זיין אייגענעם זון!...

און דווקא די קינדערשע שרעקעוודיקייט, האָט דעם דאָן ענריקע גע־שטאַרקט און אויפגעוועקט אין אים זיין אַמאָליקע קינדערשע ווידערשפּעני־קייט. ער האָט זיך פּלוצים אויסגעגלייכט אויף זיין גלעזגער און ענדלעך, זיך אויפגעזעצט:

דאַרף איך זיך פאַר מיין זון שרעקן מער ווי איך האָב זיך אַמאָל געשראָ־קן פאַר מיין טאַטן? וואָס האָב איך מורא פאַר אים? וואָס קען ער מיר טון? דערווייל בין איך דער טאַטע און ער דינט ביי מיר...

אויפן מאָמענט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער באַהערשט שוין די לאַגע, אַז ער האָט געגוג וואָפן מיט וואָס צו קעמפן קעגן זיין זון, אָבער באַלד זענען אין זיין מוח און אין זיין געמיט אויפגעשוווּמען אַנדערע געדאַנקען, זיי האָבן פאַמעלעך, אָבער זיכער אָנגעהויבן וועקן זיין שולד־באַוווסטזיין; דער היינטיקער דאָן ענריקע איז פּלוצים אויפסניי געוואָרן דער אַמאָליקער הערשל און הערשל האָט אָנגעהויבן דערמאָנען די זינד פון דאָן ענריקע, זיין פאַסקו־דנע יאָגן זיך נאָך פאַרדינסטן, זיין פאַרראַטן די שענסטע אידעאַלן, זיין עקס־פּלאָטירן די אָנגעשטעלטע, זיין איזדעקעווען זיך איבער די שוואַכערע, זיין אָפּנאַרן זיך אַליין, מיט ווען אויסקויפן זיינע בייזע מעשים, מיט באַשטייערונ־גען פאַר זיין אַמאָליקער אידעאָלאָגיע...

הערשל האָט געשמיסן אָן רחמנות, ביז ער איז ענדלעך צוגעקומען צו דאָן ענריקעס לעצטע פירעכצן, מיט זיין אַראָפּלאָזן זיך צו די מעם־טעס שערי־טומאה פון זינד אין די נאַכט־קנייפּעס, ווו ער האָט מיט אַזוי פיל לייכטזיניקייט געגומען צעטרענצלען ריזיקע סומעס געלט, מיט וועלכע מען האָט געקענט אויפטון אַזוי פיל גוטע זאַכן...

דאָן ענריקע איז געלעגן אַ געשטרעקטער און כאָטש ער האָט מיט זיין שולד־באַוווסטזיין אויפגענומען באהבה די שמיץ פון זיין אַמאָליקן איך, האָט ער שוין גלייכצייטיק אָנגעהויבן גרייטן נישט נאָר זיין פאַרענטפערונג, זיין פאַרטיידיקונג, נאָר אויך זיין קעגן־אָפענסיווע, זיין קעגן־אָנגריף און ווען הערשל איז צוגעקומען צום לעצטן שטאַפּל פון דאָן ענריקעס געזונקנקייט,

צו דער סצענע ווי זיין זון האָט אים געטראָפן אין דער זינדיקער נאַכט־קנייפּע, האָט זיך דאָן ענריקע מיט אַ כעס אַ וואָרף געטון אויף זיין געלעגער און אויסגערופן:

— שווייג! שווייג! האָסט דערמאָנט מיין זון, זאָלסטו שוין שווייגן, ווייל קיינער איז נישט אַזוי שולדיק אין מיין געזונקנקייט, ווי דו, דו, הערשל, דו און מיין זון, וואָס דו האָסט פון אים געמאַכט אַ „יאָסל פּאַנדריק"...

און דאָן ענריקע האָט אָנגעהויבן אויסגיסן זיין ביטער האַרץ אויף זיין אַמאָליקן איך, אויף דעם געוועזענעם „בעזבאַזשניק", וואָס האָט מיט פאַנאַטי־שער צו־להכעיסדיקייט געוואָלט „אַנשמייסן דעם רבונו־של־עולם" און נישט געלאָזט מל זיין זיין זון און אַ נאָמען האָט ער אים געגעבן נישט נאָך זיין פרומען טאַטן אָדער זיידן, נאָר נאָך דעם סאָוועטישן דיקטאַטאָר, „יאָסיף", און אָט האָסטו דיר, איז נישט אויסגעוואָקסן קיין יאָסיף, נאָר אַ יאָסל פּאַנדריק, וואָס איז נישט קיין גוי און נישט קיין ייִד, און — אויב דו דער־מאָנסט מיך שוין אָן אַלע מיינע חטאים, וויל איך אויך דערמאָנען, אַז דו האָסט דווקא געוואָלט פאַרדעקן דעם פעלער, נאָר מיין זון האָט אים דיר געוואָרפן אין פּנים אַריין...

איצט האָט הערשל זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון דאָן ענריקעס געמיט און געלאָזן זיך שמייסן און דאָן ענריקע האָט מיט פאַרביטערונג אויפגעדעקט אַיין אמת נאָכן אַנדערן:

— געדענקסט, ווען יאָסיף איז איינמאָל געקומען פון שול, דאָס איז געווען אַ טאָג פריִער, איידער איך האָב געהאַט דעם נאַרישן אינצידענט מיט זעלדען, צוליב דער גובערנאַנטקע... געדענקסט? ער איז געקומען פון שול אַ פאַרוויינטער און אַ טרויעריקער... — וואָס איז דיר געשען, כאָסעסיטאָ? ביין, ער זאָגט נישט און וויפל מי האָט מיך געקאָסט, ביז איך האָב ביי אים אַרויסבאַקומען, אַז אין קלאַס האָבן די ייִנגלעך פון אים חוזק געמאַכט, אַז ער איז נישט באַשניטן, אַז ער איז אַ ייִד און איז נישט קיין ייִד...

און געשטאַרקט פון זיין זיג איבער זיין אַמאָליקער איך, האָט דאָן ענריקע, ליגנדיק אַזוי מיט פאַרמאַכטע אויגן אין זיין בעט, זיך פאַרטיידיקט מיט כסדר נייע אָנגריפן: — און צי ווייסטו דען נישט, אַז דער־אָ פעלער וועלכן דו, הערשל, ביסט באַגאַנגען, האָט מיך, דעם דאָן ענריקע באַגלייט אויף מיין גאַנצן לעבן?... אַזוי פיל געשעענישן זענען פאָרגעקומען, אונדזער גאַנצע משפּחה דאָרט אין די אַלטע היימען אויסגעקוילעט, אונדזער מדינה איז באַ־פרייט געוואָרן אַ דאַנק אַ הייפל ייִדישע העלדן, איך האָב זיך געוואָלט ענדערן, איך האָב געזען, אַז מיין וועג איז געווען אַ פאַלשער, אָבער דיין פעלער האָט מיר אין אַלץ געשטערט... אַ יאָסל פּאַנדריק וואָקסט ביי דיר... און ווען איך בין אַפילו שוין געגאַנגען אין אַ שיל, געלאָזט זיך אויפרופן צו דער תורה, געלאָזט זיך קאָסטן און געמיינט אַז איך בין שוין געראַטעוועט, האָבן די חוזק־

בליקן פון מיין זון, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון שיל, מיך באַגאָסן מיט שאַנד און ווייטיק און איך האָב אים פיינט באַקומען, פיינט און נישט געוואָלט מער קוקן אויף אים, כדי נישט צו זען זיין חוזק וואָס האָט געשמייכלט מיט צוזאָגנדיקער נקמה...

און איצט איז געקומען די צייט פאַר זיין נקמה!...

נאָך אַזאַ לאַנגן פיינפולן מאָנאָלאָגירן אָן אַ קול, האָט איצט דאָן ענריקע ווי אין פאַנישער שרעק אויפגעריסן די אויגן און דערזען, אַז טאָג־ליכט רייסט זיך שוין אַריין דורך די זייטן פון די פענצטער־גאַרדינען, די טאָג־ליכט האָט אים מאָמענטאַן געמאַכט פאַרגעסן אָן די אַלע געדאַנקען וואָס האָבן אים געהאַלטן וואַך די גאַנצע נאַכט, ער איז געבליבן ליגן ווי אָן איינגעטינקטער אין שווייס, וואַרטנדיק מיט שרעק אויף דעם אָנקומענדיקן טאָג וואָס וועט זיין פאַר אים אַ ביטערער יום הדין...

## צענטער קאַפּיטל

# צווישן גייסטיק־קראַנקע

## 1.

ווי אַזוי דאָס איז געשען און ווי לאַנג עס איז שוין אין דעם זייט מען האָט אים דאָ אַריינגעבראַכט, האָט זיך דאָן ענריקע בשום־אופן נישט געקאָנט דערמאָנען. ער האָט געוווּסט, אַז ער ווייס עס, נאָר עס איז אים עפּעס אַזוי ווי אַרויס פון געדעכעניש און ליגנדיק אַזוי אויף דעם מאָדנעם בעטל וואָס איז באַשטאַנען פון אַ הויכער וייכער מאַטראַץ, האָט ער זיך באַמיט אַריינצוגראָבן אין זיין זכרון, כדי פון דאָרט עפּעס אַרויסצובאַקומען פון דעם וואָס מיט אים איז געשען, אָבער ער האָט גאָרנישט געקאָנט אַרויסבאַקומען.

די ערשטע מאָמענטן ווען ער האָט די אויגן געעפנט האָט ער איבער־הויפּט נישט געוווּסט ווו ער געפינט זיך און מיט נייגעריק־פאַרוווּנדערטע בליקן האָט ער באַטראַכט דאָס מאָדנע שטיבל וואָס איז אינגאַנצן אָן מעבל און די ווענט, אָנגעטאָפּט באַמאָלן אָדער טאַפּיצירט מיט פּאַפּיר זענען גאָר ווי מאַטראַץ־אַרטיק אויסגעבעט און די טאָג־ליכטיקייט קומט עפּעס אַריין דורך אַ קליין פענצטערל וואָס געפינט זיך אין דער הויך, כמעט ביים סאַמע באַלקן.

אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט אין זיין מוח, אַז דאָס געפינט ער זיך איצט אין אַ תפיסה־קעמערל; אָבער באַטאַפּנדיק אַרום זיך דאָס ווייכע געלע־גער האָט ער דעם געדאַנק אָפּגעוואָרפן און זיינע בליקן האָבן אויפסניי גע־נומען וואַנדערן איבער דעם שטיבל, אויף די ווענט, צו די ווינקלען אינ־דערהויך און צום פענצטערל און ענדלעך האָבן זיך זיינע בליקן איינגעגעסן

אין די שפּאַלטן אויף דער וואַנט קעגן זיין געלעגער, די שפּאַלטן האָבן באַ־וויזן, אַז דאָס איז אַ טיר, אָבער קיין קלאַמקע האָט ער נישט געזען און דאָס האָט אויף אים פּלוצים אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק:

— ווו געפין איך זיך דאָ?

ער האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט און קוקנדיק אַלץ אויף די ראַם־שפּאַלטן פון דער טיר, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און נאָך שטאַרקער האָט אים אַ יאָג־געטון דאָס בלוט אין קאָפּ אַריין, ווען ער האָט־דערפילט, אַז אויך דער פּאָל איז מאַטראַץ־אַרטיק אויסגעבעט און ווייך און אָנטאַפּנדיק די ווענט און די טיר און דערפילנדיק די אויסגעבעטע ווייכקייט, האָט ער זיך פּלוצים דערמאָנט, אַז ער האָט אַמאָל געהערט, אַז אין משוגעים־הייזער זענען פאַר אַגרעסיווע משוגעים פאַראַן אַזעלכע ספּעציעלע אויסגע־בעטע צימערלעך, אַז זיי זאָלן נישט קאָנען און נישט האָבן מיט וואָס און אָן וואָס זיך צו ממיתן...

אַ שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן: — איז מעגלעך, אַז איך געפין זיך דאָ אין אַזאַ משוגעים־הויז? ווי אַזוי איז דאָס געשען און ווען האָט מען מיך דאָ אַהערגעבראַכט?...

אַ ווילדער אויפברויז האָט מיט אים אַ וואָרף־געטון און ער האָט מיט געביילטע פויסטן גענומען זעצן אויף דער טיר, אָבער עס האָט זיך אַפילו נישט געהערט דער קלאַפּ און עפּעס האָט זיך דעם איצט־פאַרצווייפלטן דאָן ענריקע אויסגעוויזן אַז ער האָט שוין אַזוי געקלאַפּט אויף די ווייכע ווענט נעכטן און אייער־נעכטן און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, ווייל קיינער האָט נישט געהערט זיין קלאַפּן און ער ווייסט שוין אַפילו, אַז אויך שרייען וועט נישט העלפן, ווייל די אויסגעבעטע ווענט זאַפּן אין זיך אַריין די קולות און אויף יענער זייט וואַנט הערט מען זיי נישט.

פונדעסטוועגן האָט דאָן ענריקע ווייטער געזעצט מיט די געביילטע פויסטן אויף דער ווייכער וואַנט און ער האָט אַפילו געשריגן אויך, אַזוי לאַנג ביז ער האָט זיך אַ מידער צוריקגעצויגן ביז צום געלעגער און אַ רעזיגנירטער זיך אַוועקגעלייגט און פאַרמאַכט די אויגן.

אין דעם מאָמענט האָט ער דערהערט ווי עמעץ שליסט אויף די טיר און ער האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט.

אין דער געעפנטער טיר האָט זיך באַוויזן אַ הויכער יונגער מענטש אין אַ ווייסן כאַלאַט. ער האָט געטראָגן אַ טאַץ אָנגעשטעלט מיט טעלער און אַ טעפּל, אַ ווײלע איז ער געבליבן שטיין אין דער טיר, געקוקט צום אַלטיטשקן וואָס זיצט אויפן מאַטראַץ און קוקט אויף אים מיט צעגליטע בליקן און אַזוי שטייענדיק האָט ער צו אים געזאָגט:

— סעניאָר, אויב איר וועט זיין רויק, וועל איך אייך געבן עסן און עס וועט אייך דאָ גאָרנישט פעלן, ביז איר וועט זיין געזונט...

און דאָן ענריקעס מוח האָט עס אָנגעהויבן שלאָגן ווי מיט האַמערס — ווען בין איך קראַנק געוואָרן און ווען האָט מען מיך דאָ אַהערגעבראַכט?...

— דאָס וועט איר פרעגן ביים דאָקטער; איך דאַרף נאָר אַכטונג געבן, אַז איר זאָלט זיך פאַרהאַלטן רויִק און געבן אייך עסן און אַז איר וועט זיך פאַרהאַלטן רויִק, וועט מען אייך קענען אַרויספירן אין גאָרטן אויף אַ שפּאַציר...

ווען דער וועכטער האָט אים דערלאַנגט די בלעכענע טאַסע, האָט דאָן ענריקע זי געוואָלט אַ כאַפּ־טון און וואַרפן דעם וועכטער אין פּנים אַריין, אָבער עפּעס האָט ער זיך ווי דערמאָנט אַז ער האָט שוין איינמאָל אַזוי געטון און אפשר אַ סך מאָל און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, איז אפשר זאָל ער איצט אַ כאַפּ־טון די גאַנצע טאַץ און זיך וואַרפן אויף דעם וועכטער?... דער קאַלטער באַפעלערישער בליק האָט אים אויך פון דעם אָפּגעהאַלטן. דאָן ענריקע איז געוואָרן נאָכגיביק און פאָלגעוודיק. ער האָט געגעסן און דער וועכטער האָט אים כסדר פאַרזיכערט, אַז אויב ער וועט עסן און זיך פאַרהאַלטן אַזוי רויִק וועט ער קענען אַרויס פון דעם צימער, שפּאַצירן אין גאָרטן און ער וועט שנעל געזונט ווערן...

דער וועכטער איז אַרויס און דאָן ענריקע ליגט אַזוי און טראַכט און גריבלט זיך אַלץ אַריין אין זכרון, ער וויל זיך עפּעס דערמאָנען ווי אַזוי און ווער און ווען מען האָט אים דאָ אַהערגעבראַכט, נאָר אַלץ ליגט נאָך עפּעס ווי פאַרדעקט מיט אַ שווערן פאַרהאַנג, און ער קאָן פון דאָרט גאָרנישט אַרויסבאַקומען; ער ווייסט איצט בלויז, אַז ער געפינט זיך אין אַ משוגעים־אַנשטאַלט און אַז אויב ער וועט זיך פאַרהאַלטן רויִק, וועט מען אים אַרויסלאָזן אויף אַ שפּאַציר און ער וועט קענען זען די וועלט פאַר זיך.

.2

געננוג לאַנג האָט עס געדויערט, ביז דאָן ענריקע האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז מיט זיין וואַרפן זיך אויפן דאָקטער אָדער אויף די וועכטער, וועט ער גאָרנישט אויפטון און אַז אויף זיינע דראָענדיקע פאָדערונגען אַז דער דאָקטער זאָל אים אויפקלערן די סיבות פאַרוואָס ער האַלט אים דאָ פאַרשפּאַרט, וועט ער קיין ענטפער נישט באַקומען. אגב, איז ער שוין אויף אַזויפיל געקומען צו זיך אַז ער האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז עפּעס איז עס מיט זיין גייסטיקן מצב נישט געווען אין אָרדענונג און אויב ער קאָן נאָך האָפן אַרויסצוקומען פונדאַנען, קאָן עס נאָר געשען, ווען ער וועט פאָלגן וואָס דער דאָקטער זאָגט אים, ווען ער וועט זיך פאַרהאַלטן רויִק, שפּאַצירן, עסן און רוען צו דער צייט און ער האָט זיך אָנגעהויבן באַמיִען איינצוהאַלטן און דערשטיקן אין זיך די צאָרן־אויפברויזן, וואָס האָבן נאָך געננוג אָפּט צערייצט זיין געמיט...

שפּאַצירנדיק, אָדער זיצנדיק אויף אַ באַנק אין גאָרטן האָבן די אַראָמאַטן פון די אַרומיקע שמעקנדיקעביימער ווי אַריינגעגאָסן רויִקייט אין זיין האַרצן און ער האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן דערמאָנען אָן דעם שוידערלעכן פרימאָרגן וואָס ער האָט געהאַט אין זיין היים... ער האָט זיך נאָך נישט געקאָנט דערמאָנען קיין איינצלהייטן, אָבער אַ בילד ווי פון אַ פּאָגראָם האָט אויפגעלויכטן אין זיין מוח און אין דעם פּאָגראָם וואָס מען האָט געוואָלט דורכפירן אין זיין שטוב, האָט ער געזען זיין זון, זיין „יאָסל פּאָנדריק", אַלס דעם הויפּט־פּאָגראָמטשיק. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט זיך געוואָלט פאַרטיידיקן, ווי ער האָט געכאַפּט אַ שווערע בראָנזענע סטאַטוע קעגן זיין זון, אָבער דאָ איז ווידער אַלץ פאַרשווונדן אונטער אַ קאָשמאַרן צודעק, ער האָט נאָך בלויז נאָכאַמאָל איבערגעפּילט אַ שרעקלעכן קלאַפּ אין קאָפּ און איז געבליבן זיצן, אָדער ער איז גאָר אַוועקגעפאַלן ווי אין חלשות און איז אָפּגעלעגן אין גאָרטן, ביז אַ וועכטער איז צוגעקומען, אים אויפגעהויבן און אָפּגעפירט אין זיין צימער אַריין.

עטלעכע מאָל האָט עס אַזוי פּאַסירט מיט אים, אָבער ענדלעך האָט ער זיך שוין אויף אַזויפיל דערהאָלט, אַז ער האָט זיך אַליין אָנגעהויבן אויסהיטן, נישט צו טראַכטן וועגן דעם שוידערלעכן פרימאָרגן; ער האָט זיינע געדאַנקען נישט אָנגעשטרענגט און אין דער גרינער שמעקעוודיקייט פון דעם שטילן גאָרטן אין וועלכן עס האָבן דאָ און דאָרט אַרומשפּאַצירט גייסטיק־קראַנקע מענער פון פאַרשידענעם עלטער, האָט פאַר דעם דאָן ענריקע אָנגעהויבן אויפטויכן זיין גאַנץ לעבן, זייט דעמאָלט ווען ער האָט נאָך אַלס הערשל אפּיקורס פאַרלאָזט זיין געבורט־שטעטל און אַוועק אין דער גרויסער שטאָט, ווו ער האָט זיך באַקענט מיט זעלדען דער ביבליאָטעקאַרשע, ווי זי האָט אים צוגעהאַלטן צו זיך, געשפּייזט אים מיט „יאַיעטשניצעס" און פּוטער־ברויט, ביז ער האָט מיט איר חתונה־געהאַט...

זיצנדיק אַזוי אין גאָרטן פאַרטיפט אין די טראַכטענישן פון זיין אַמאָל איז ער גאַנץ אָפט געשטערט געוואָרן פון אַ „גערירטן" וואָס האָט פאַרביישפּאַצירט און זיך פלוצים אָפּגעשטעלט נעבן אים און אים עפּעס אַ פרעגגעטון און מיט דער פראַגע אים ווי אויפגעריסן פון אַ הינערפלעט:

— וואָס זיצט איר דאָ? איר ווייסט גאָרנישט אַז די וועלט איז נעכטן אונטערגעגאַנגען?...

— ווי מיינט איר, חשובער הער, האָט מיין כלה מיך פאַרראַטן, אָדער נישט? אויב איר גלייבט אַז נישט, בעט איך אייך איר זאָלט איר אָפּגעבן אַ גרוס פון מיר... כאַ־כאַ־כאַ!...

— זיבן מאָל זיבן איז פאַרט פיר און דרייסיק!... נו, וועט איר זאָגן אַז איך רעד פון וועגן?...

— וואָס האָבן די אַנאַליזן באַוויזן? אַ יאָ, סם! אַ געפּערלעכן סם! אַ יאָ?...

אַזעלכע און ענלעכע פראַגן פון פאַרביישפּאַצירנדיקע אינטערנירטע קראַנקע, האָבן דעם דאַן ענריקע ווי אויפגעוועקט פון זיינע פאַרטיפטע וואַנ־דערונגען איבער די וועגן און שטעגן פון זיין אַמאָל און דער פאַקט גופא, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען דעם גרויסן אומזין פון זייערע פראַגן, האָט אים באַוויזן, אַז ער איז שוין געזונט און אַז ער דאַרף זיך נאָר אויך אויף ווייטער אויסהיטן פון ווערן אויפגעברויזט און וועט אים גאָט העלפן און ער וועט אַרויס פון דאַנען, וועט ער שוין וויסן ווי אַזוי ער דאַרף אָפּלעבן זיין רעשט ביסל יאָרן...

3.

דאָן ענריקע איז פון טאָג צו טאָג מער געקומען צו זיך און מיט מער ישוב־הדעת אַריינגעטראַכט זיך אין די איבערלעבענישן פון זיינע פאַרגאַנ־גענע טעג, נאָר נאָך אַלץ האָט ער נישט געוואַגט קיין טראַכט צו טון וועגן זיינע לעצטע איבערלעבענישן אין דעם שרעקלעכן פרימאָרגן, נאָכדעם, ווען דער זון האָט אים אין דער שפּעטער נאַכט אַרויסגעשלעפּט פון אַ זינדיקן נאַכט־סאַלאָן און אים געבראַכט אַהיים...

ער האָט געפילט אַ רויקייט, ווען ער האָט געטראַכט וועגן זיינע ערשטע יאָרן אין אַרגענטינע, וועגן זיין שווערער פּראַצע צוזאַמען מיט זיין זעלדען, אָבער אַן אומרו האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער זיין געמיט ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַז זיין זונדל, זיין „יאָסיף", וועמען ער, אַלס אַמאָליקער הערשל בעזבאָזשניק, האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך דעם קאָפּ פון ראַטנפאַרבאַנד און נאָך אומרויִקער איז ער געוואָרן, ווען עס האָבן פאַר אים אָנגעהויבן פאַר־ביישוועבן טעג, וואָכן און יאָרן פון זיין שנעלן אויפשטייג, פון זיין וואַקסן, ווען פון זעלדען איז געוואָרן סולעמאַ און פון הערשלען איז געוואָרן דאָן ענריקע און פון זיין קאָמאַנדעווען איבער זיינע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער און פון זיינע ביישטייערונגען פאַר זיין אַמאָליקער אידעאָלאָגיע, מיט וועלכע ער האָט זיך אַליין געוואָלט נאַרן...

איינמאָל, זיצנדיק אַזוי אויף אַ באַנק פאַרטיפט אין זיינע טראַכטענישן, האָט דאָן ענריקע דערהערט אַ גערויש. ער קוקט זיך אום און זעט ווי אַ מאַן דערנענטערט זיך צו אים, אָבער ער גייט נישט, ווי געוויינלעך, נאָר אויף הינטערוויילעכטס, דאָס הייסט, נישט מיטן פּנים, נאָר מיט דער פּלייצע צום פּראָנט און ער רעדט צו זיך: — נאָך נישט, נאָך נישט, נאָך נישט...

ערשט ווען דער מענטש איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט דאָן ענריקע געקאָנט זען זיין פּנים, און ער האָט פאַר זיך דערזען אַ מאַן, אַזוי, אין זיינע יאָרן, מער־ווייניקער ביי די זעכציק.

— פאַרוואָס גייט איר עפּעס הינטערוויילעכטס?

דער מאַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, געגוי באַטראַכט דעם דאָן ענריקע און ווי איבערצייגנדיק־זיך אַז ער מעג אים שענקען צוטרוי, האָט ער זיך דער־נענטערט צו אים און טאַקע אויך גייענדיק אויף הינטערוויילעכטס און שטיי־ענדיק שוין קעגנאיבער אים, האָט ער אויסגערופן מיט אַ זיכערן טאָן:

— יאָ, מיין הער! אויב איך בין נאָך נישט דערגאַנגען, וועל איך דער־גיין! איך וועל אַזוי לאַנג זיך אַליין קאָמאַנדעווען „נאָך נישט! נאָך נישט" ביז איך וועל אַזוי גייענדיק אויף צוריק, אָנקומען צוריק צו מיין יוגנט, צו מיינע שיינע און ריינע יונגע יאָרן... יאָ, מיין הער, איך מוז גיין, דער וועג איז נאָך ווייט...

און ער האָט זיך געלאָזן גיין הינטערוויילעכטס אַזוי ווי פריער, רופנדיק צו זיך אַליין:

— נאָך נישט! נאָך נישט, נאָך נישט!...

עפּעס האָט אָט־אָ דער צעדרייטער אַריינגעטראָפן אין געמיט פון דאָן ענריקע און עס האָט זיך אים געוואָלט אויסשרייען: — נעם מיך מיט! אומ־גליקלעכער מענטש, נעם מיך מיט מיט זיך, פיר מיך אויך צוריק צו מיין יוגנט!...

און צום ערשטן מאָל זייט ער געפינט זיך דאָ אינטערבירט, האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן און דאָן ענריקע האָט געוויינט, געוויינט...

אויפצומאָרגנס, נאָכדעם ווי דער דאָקטער האָט אים באַטראַכט און זיך דורכגעשמועסט מיט אים, האָט ער אים געקלאַפּט אין פּלייצע און אויסגע־רופן:

— דאָן ענריקע, איר זייט אויסגעצייכנט! אין אַ שעה אַרום זאָלט איר זיין גרייט אויפצונעמען אייער פרוי, אין אַ שעה אַרום וועט זי אייך באַזוכן!...

ווידער האָבן זיך באַוויזן טרערן אין דאָן ענריקעס אויגן און ווידער האָט ער זיך צעוויינט...

## עלפטער קאַפּיטל

## „שוין גוט, איך ווייס שוין אַלץ"...

### .1

איצט איז אים שוין גוט דעם דאָן ענריקע...

אַ גאַנצן טאָג געפינט ער זיך אין גאָרטן פון אַנשטאַלט; אָדער ער שפּאַ־צירט אויף־און־אָפּ איבער דער לאַנגער אַלעע, אָדער ער שטעלט זיך גאָר אָפּ, פאַרקוקט זיך אויף אַ ביימל אָדער אויף אַן עלעקטריש לעמפּל וואָס הענגט אויף אַ דראָט אין דער הויך, פאַרקוקט זיך דערויף מיט חידוש און

באַלד צעשמייכלט ער זיך און זאָגט צו זיך אַליין: — שוין, גוט; איך ווייס שוין אַלץ...

ווי לאַנג, וויפל טעג, וואָכן אָדער חדשים ער דרייט זיך דאָ אַזוי אַרום אין גאָרטן, דאָס ווייס ער נישט; ער זאָגט טאַקע אַז ער ווייסט שוין אַלץ, נאָר דאָס ווייס ער נישט; ער פירט נישט קיין חשבון, ווייל אים איז גוט אַזוי, אים איז גוט אָן חשבונות, ער איז צופרידן, ער גייט אַרום און שמייכלט: — שוין גוט; איך ווייס שוין אַלץ...

אַפילו עסן, ווען מען רופט אים נישט עסן, וואָלט ער נישט געגעסן. ער פילט נישט קיין הונגער, אים איז גיט אַזוי אויך; ווען ער הערט קלינגען, גיט ער זיך נישט אָפּ קיין חשבון אַז דאָס רופט מען עסן, עס געפעלט אים גלאַט דאָס קלינגען, ער שטעלט זיך אָפּ און הערט זיך איין, צעשמייכלט זיך: — שוין גוט; איך ווייס שוין אַלץ... און ער גייט ווייטער, ביז אַ וועכטער שטעלט אים אָפּ, נעמט אים אונטערן אָרעם און פירט אים אין דעם גרויסן עס־צימער, זעצט אים אַוועק אויף דער לאַנגער באַנק און ווי לאַנג מען גיט אים און מען הייסט אים עסן, עסט ער; שמייכלט און עסט; בלייבט צומאָל שטיין אויף אַ מאָמענט, האַלט די האַנט מיטן ביסן אָדער דעם לעפל אין דער לופט, אָבער בלויז אַ מאָמענט. באַלד צעשמייכלט ער זיך: — שוין גוט... און ער עסט ווייטער.

אים איז איצט גוט, דעם דאָן ענריקע; שלעכט איז אים נאָר געווען, איידער עס איז געקומען דער גרויסער „שאָק"; איידער ער האָט געהאַט די גרויסע צטרייסלונג; דעמאָלט, ווען ער איז נאָך נישט געווען איינער אַליין; ווען אין זיין געמיט האָבן זיך געראַנגלט אַ הערשל מיט אַ דאָן ענריקע און עס איז צוגעקומען נאָך אַ דריטער, אַ דריטער אָן אַ נאָמען, וואָס האָט דווקא פאַר ביידע, סיי פאַר דאָן ענריקען און סיי פאַר הערשלען געוואָלט דאָס בעסטע, נאָר ער האָט זיי ביידע דערפירט צום ערגסטן... אָ, דעמאָלט איז אים געווען שלעכט, זייער שלעכט... אָבער היינט, נאָכן גרויסן „שאָק", איז דאָן ענריקע געבליבן איינער אַליין, נישטאָ קיין הערשל, נישטאָ דער נאָמענלאָזער דריטער, יאָ, אַפילו דאָן ענריקע אַליין איז אויך מער נישטאָ, דאָ דרייט זיך בלויז אַרום עפּעס אַ באַשעפעניש וואָס אין דער אַדמיניסטראַציע פון אַנשטאַלט איז ער פאַרשריבן אַלס דאָן ענריקע, די באַשעפעניש איז צופרידן, זי שמייכלט און זאָגט כסדר צו זיך אַליין: — שוין גוט; איך ווייס שוין אַלץ...

.2

אַזוי לאַנג ווי דער דאָן ענריקע איז געווען פאַררעכנט צווישן די אַגרע־סיווע אומרויִקע גייסטיק־קראַנקע, האָבן די דאָקטוירים פון אַנשטאַלט גע־געבן האָפענונגען, אַז ער וועט געזונט ווערן.

כמעט יעדן טאָג פלעגט סולעמאַ, זיין ווייב, קומען אין דעם אַנשטאַלט, זי האָט געוואָלט זען איר מאַן, אָבער דער דירעקטאָר האָט איר דערקלערט, אַז דערווייל איז עס אוממעגלעך; ער איז זייער אומרויִק און די קלענסטע אויפרעגונג קאָן אים נאָר פאַרערגערן זיין לאַגע. אָבער, האָט דער דירעקטאָר פון אַנשטאַלט איר פאַרזיכערט: — עס איז אַ פראַגע פון טעג, אָדער געציילטע וואָכן און דאַן ענריקע וועט צוריקגעווינען זיין גייסטיקע גלייכגעוויכט... אַ שטאַרקע אויפרעגונג האָט אים צעטרייסלט די נערוון און עס מוז קומען אַ לאַנגזאַמע באַרויִקונג וואָס וועט זיי ווידער ברענגען אין אָרדענונג...

אָ, סולעמאַ האָט גוט געוווּסט ווען איר מאַן האָט באַקומען די נערוון־צעטרייסלונג; דאָס איז געווען אין יענעם פרימאָרגן, ווען זון און אײדעם האָבן אים אויף אַזאַ גראָבן אופן פאַרגעוואָרפן זיין פּירעכץ; זי געדענקט, ווי ענריקע האָט געשוויגן בעת זיי האָבן אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער גייט אין די נאַכט־לאָקאַלן, פאַרוואָס ער פאַרשוואַרצט זיי דאָס פּנים; ווי ער האָט געשוויגן, ווען זיי האָבן אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער פאַרשווענדט אַזויפיל געלט אויף אויסגעלאַסענע פרויען; יאָ, ווען זיי האָבן אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער פאַרשווענדט אַזויפיל געלט, כאָטש ער האָט אַלץ געשוויגן, האָט זי אָבער גוט געזען, ווי זיין פּנים האָט זיך געענדערט, זיינע אויגן האָבן גענומען בלישטשען מיט אומהיימלעכע פייערלעך און אַ האַנט האָט אים אָנגעהויבן ציטערן; אָבער ער האָט אַלץ געשוויגן... נאָר ווען דער זון האָט גענומען שרייען אַז ער וועט דעם „וויעכאַ", דעם אַלטן, נישט לאָזן פאַרשווענדן זיין פאַרמעגן און אַז שוין היינט, איצט, זאָל ער גיין מיט אים צו אַן „עסקריבאַנאָ", צו אַ נאָטאַר און אָפּשרייבן אויף די קינדער אַלע זיינע אונטערנעמונגען...

און דעמאָלט איז עס געשען.

— וועמעס פאַרמעגן איז עס? ווער האָט געהאָרעוועט דערויף?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און סולעמאַ געדענקט ווי זיינע אויגן זענען געווען פאַרלאָפן מיט בלוט, בעת ער האָט אַ כאַפּ־געטון די בראָנזענע סטאַטוע און זי מיט רציחה אַ שלייַדער געטון קעגן זון און ווייטער, ווייס זי שוין גאָרנישט וואָס דעמאָלט איז פאָרגעקומען, זי געדענקט געשרייען, אַ געשלעג, פאַרבלוטיקטע פּנימער און געוואָלדן און ווען זי איז געקומען צו זיך פון איר חלשות, איז בלויז איר עלטערע טאָכטער געזעסן נעבן איר בעט און זי האָט זיך דערוווּסט אַז איר מאַן איז אינטערנירט און ערשט אויפצומאָרגנס האָט זי זיך דערוווּסט, אַז ענריקע איז אינטערנירט אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק קראַנקע...

כמעט יעדן טאָג איז זי געקומען אין אַנשטאַלט, זי האָט געוואָלט זען איר מאַן, אָבער לאַנגע טעג און וואָכן האָט אָנגעהאַלטן דער אויפברויז אין דאַן ענריקעס געמיט, ער איז געווען אַגרעסיוו און גרייט דורס צו זיין יעדן

וואָס וועט וואָגן אַ קוק־טון אויף אים, ער האָט מערסטנס געמוזט ליגן פאַר־שפּאַרט אין דעם „אויסגעבעטן שטיבל״, ווו דער משוגענער קאָן זיך שלאָגן קאָפּ און וואַנט וויפל זיין האַרץ און זיין אויפגעברויזטער געמיט וויל און גרויס איז געווען סולעמאַס פרייד, ווען זי האָט געהערט פון דירעקטאָר, אַז עס גייט דעם קראַנקן אַ סך בעסער און אַז נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, און זי וועט אים קענען זען און אפשר אויך — באַלד אַהיימנעמען...

.3

דער טאָג איז געקומען.

ווען דאָן ענריקע האָט געהערט פון דאָקטער, אַז אין אַ שעה אַרום וועט סולעמאַ אים באַזוכן, האָט עס אים ווי אַ שווינדל־געטון פאַר די אויגן און עפּעס האָט זיך אים געוואָלט אַ געשריי־טון — ניין! אָבער שנעל האָט ער זיך באַהערשט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פלוצים דערמאָנט, אַז נישט אויף איר איז ער אין כעס, פאַרקערט, ער וויל זי זען, און וואַרפנדיק אַ דאַנקבאַרן בליק אויפן דאָקטער, האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעפולט מיט טרערן און ער האָט געוויינט אָן אַ קול...

און עס קאָן זיין, אַז ווען סולעמאַ וואָלט באַלד געקומען, ווען ער דאַרף נישט וואַרטן אויף איר אַ גאַנצע שעה, וואָלט געווען בעסער פאַר דעם קראַנקן דאָן ענריקע, ווייל מוראדיק זענען געווען זיינע גייסטיקע ראַנגלענישן אין משך פון דער שעה ביז סולעמאַ איז געקומען און זיין געמיט איז אין משך פון דער שעה, אַזוי ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פולווער־פאַס וואָס דאַרף זיך בלויז אַביסל דערהיצן, כדי אויפצורייסן...

וואַרטנדיק אויף זיין ווייב, האָט ער זיך באַמיט נישט צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר בלויז וועגן איר. ער האָט זי געזען אַלס זעלדע, זיין געטרייע זעלדע וואָס פּרעגלט פאַר אים „יאַיעטשניצעס״... געוויינלעך, האָט אים די דערינערונג אָן די יאַיעטשניצעס אַריינגעבראַכט אין כעס, ער האָט געוווּסט, אַז מיט אָט די פּרעגלעכצן, האָט זעלדע אים אַריינבאַקומען, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן, אָבער איצט, האָט ער געהאַט פאַרגעניגן פון דער דעראינערונג און ער האָט זיך דערמאָנט נאָך און נאָך, ווי אַזוי סולעמאַ האָט מיט אים צוזאַמען געאַרבעט שווער און ביטער ביז זיי האָבן זיך באַוויזן אַרויפצואַרבעטן...

אָבער אָט האָט ער זיך אָנגעהויבן דערמאָנען אָן איר קימפּעט, דאָס ערשטע קינד, אַ זונדעלע... דאָן ענריקעס האַרץ האָט אָנגעהויבן פּאָכן... ער אַליין איז שולדיק... ער האָט אים נישט געייִדישט... ער אַליין האָט אים גע־מאַכט פאַר אַ „יאָסל פּאַנדריק״...

פונדעסטוועגן, ווען סולעמאַ איז געקומען און ער האָט זי דערזען, האָט ער זיך געלאָזן פון איר אַרומנעמען און קושן, ער האָט זי אַפילו צוריקגע־

קושט און עס האָט אויסגעזען, אַז זיין ווייבס וויזיט האָט אים גוט געמאַכט.

סולעמאַ האָט נישט געוווּסט וואָס מיט אים צו רעדן; זי האָט מורא געהאַט אים צו פרעגן ווי אַזוי ער פילט זיך דאָ און וועגן די קינדער האָט זי אַוודאי מורא געהאַט אויסצורעדן אַ וואָרט, אָבער ענריקע האָט איר אין דעם פּרט אַרויסגעהאָלפן:

— דו זעסט שלעכט אויס, סולעמאַ...

זי האָט אַ וואָרף־געטון איר קאָפּ אויף זיין אָרעם און זיך צעוויינט אויפן קול.

זי האָט באמת זייער שלעכט אויסגעזען; זי האָט זייער אַ סך געליטן און זי האָט געלעבט אין שטענדיקער שרעק, אַז די קינדער וועלן אַ תל־מאַכן פון גאַנצן אָנגעהאָרעוועטן פאַרמעגן און אַז זי אַליין וועט נאָך אויף אירע אַלטע יאָרן דאַרפן ליידן נויט...

העשענדיק אַזוי מיטן קאָפּ אויף דעם קראַנקן מאַנס אַקסל, האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איר יאָסיף, און אויך אַלפרעדאָ, דער עלטערער אײדעם זייערער, אַז ביידע האָבן שוין ביי איר אַרייסגעפּאָדערט אונטערשריפטן אין אַז זיי דראָען ,אַז אויב דער „וויעכאָ“ וועט נישט אונטערשרייבן דאָס וואָס זיי פּאָדערן, וועט ער אויף אייביק בלייבן אין משוגעים־הויז און זיי וועלן סיי־ווי טון דאָס, וואָס זיי וועלן וועלן...

— אוי, ענריקע, עס איז מיר שלעכט, זייער ביטער, מיר און דיר... זייער ביטער...

זי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אַז זי רעדט איצט מיט איר קראַנקן מאַן, וואָס דער דאָקטער האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי דאַרף צו אים רעדן מיט פאָרזיכטיקייט, זי האָט געוויינט און אַרויסגעהעשעט ווערטער, וואָס ער האָט נישט באַדאַרפט הערן און אוודאי, ווען ער האָט דערהערט דערמאָנען דעם זונס נאָמען, האָט עס מיט אים אַ טרייסל־געטון, אָבער זי האָט נישט געוווּסט אַז זי דאַרף זיך אָפּשטעלן; אין איר גרויסן ווייטיק, אין איר גרויסער שרעק און אין איר גרויסן באַגער אַז דער מאַן זאָל זיין געזונט כדי צו קענען זיך און זי באַשיצן קעגן די קינדערס ווילן זיי אָפּצווירשענען ביים לעבן, האָט זי ווייטער געשלוכצט און דאָן ענריקע האָט זיך מיט אָנגעשפּיצטע אויערן צוגעהערט צו די אָפּגעהאַקטע ווערטער, ער האָט געפילט אַז דאָס בלוט קומט אים אין קאָפּ און ווען זי האָט אים געבעטן, אַז אויב דער זון וועט קומען, זאָל ער אים אַלץ צוזאָגן, זאָל ער אים אַלץ פאָלגן, ווייל זי וויל אים, ענריקען, אַרויסראַטעווען פון דאַנען... ווען ער האָט אויפגעכאַפּט די ווערטער, האָט עס אים עפּעס ווי אַ קלעם־געטון ביים האַרצן, ער האָט זיך אַ צאַפּל־געטון, עפּעס האָט ער געוואָלט טון, עפּעס האָט ער געוואָלט זאָגן, אַ מאָמענט האָט ער אַ טראַכט־געטון, אַז ער דאַרף גאָר די ייִדענע דאָ דערשטיקן, אַ סוף זאָל עס נעמען. אָבער פּלוצים האָט עס אים אַ שווינדל־געטון פאַר די אויגן. עס

האָט זיך אים גענומען עפּעס מישן אין מוח, סולעמאַס ווערטער האָבן זיך געמישט מיט פאַרשידענע אַנדערע קלאַנגען, מיט קלאַנגען פון דזשאַז־מוזיק און נאַכט־קנייפּעס און מיט גערויש פון אַרבעטנדיקע וועב־מאַשינען און דאָס געקלאַפּעריי פון טשוועקעס אויף רושטאָוואַניעס פון די הייזער וואָס דאָן ענריקע האָט געבויט, — די אַלע קלאַנגען האָבן זיך געמישט און ווי באַרשטן געריבן אויף זיין מוח און אויפגעבריזט זיין געמיט, אָבער פּלוצים, אַזוי ווי אַ צופיל אויפגעבלאָזענער באַלאָן, האָט אין זיין מוח עפּעס אַ פּלאַץ־געטון, זיינע הענט זענען אַראָפּגעפאַלן פון סולעמאַס אַקסל, זי האָט אויף אים אַ קוק געטון און געזען אַז ער שמייכלט, האָט זי זיך ווידער געוואָרפן צו אים און אים געקושט פון פרייד און ווידער האָט זי געזען אַז ער שמייכלט, אָבער עפּעס איז איר איצט דער שמייכל זיינער נישט געפעלן, זי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער קוקט אויף איר, נאָר עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זי נישט געזען און אין טויט־שרעק האָט זי אים אַ פרעג־געטון:

— ענריקע, דו זעסט מיך?...

נאָך אַלץ אַ שמייכלענדיקער האָט זיך דאָן ענריקע אויפגעשטעלט, גע־קוקט פאַר זיך אין אַן אומבאַקאַנטער ווייטקייט און אַרויסגעמורמלט:

— שוין גוט; איצט ווייס איך שוין אַלץ...

**
*

איצט איז אים שוין גוט, דעם דאָן ענריקע; מען דאַרף אים שוין מער נישט איינשליסן אין דעם „אויסגעבעטן צימערל", ער איז איצט שוין רו'יק און ער טוט מער קיינעם און זיך אַליין גאָרנישט; ער איז שוין אויף קיינעם נישט ברוגז, דער קאַמף אין זיין געמיט צווישן אַ הערשל, אַ דאָן ענריקע מיט דעם פּיפּיקן נאָמענלאָזן דריטן, האָט שוין אויפגעהערט, זיי זענען מער נישטאָ, נישטאָ הערשל, נישטאָ דאָן ענריקע, דאָ דרייט זיך אַ צופרידענער שמייכלענדיקער געוועזענער מענטש, וואָס האָט אין זיין קאָכעדיק לעבן נישט געוווסט צו געפינען דעם סינטעז צווישן אידעאַליזם און רעאַליזם און שאַפן אַ געוויסע האַרמאָניע ביז ער האָט זיך אונטערגעגעבן און אויפגענומען דעם צוזאַמענברוך פון זיינע נערוון — מיט אַ שמייכל פון צופרידנקייט...

ווי לאַנג דרייט ער זיך שוין דאָ אַזוי אַרום אין דעם גאָרטן? ער דאַרף נישט מער קיין חשבון. ער איז צופרידן. ער מורמלט זיין „שוין גוט, איך ווייס שוין אַלץ"... און איז צופרידן און מיט דער צופרידנקייט וועט ער שוין דאָ פאַרבלייבן ביז צום סוף פון זיינע טעג...



# וואָס געווען, איז מער נישטאָ

.1

נישט אַזוי לײַכט איז ברוכן אָנגעקומען דער באַשלוס חתונה האָבן צום צווייטן מאָל.

ווידער און ווידער האָט ער זיך דערמאָנט אָן מרימען, זײַן געטרײַע לעבנס־באַגלייטערין אין משך פון קנאַפּע פינף און צוואַנציק יאָר און אין זײַנע דערמאָנענישן האָט ער געזען זײַן גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, נאָך פון דער אַלטער היים, אין זײַן שטעטעלע אין פוילן, ווען ער האָט זיך פאַרליבט אין מרימל דעם שוחטס.

דעמאָלט, איז ברוך נאָך געווען ברוכל, אַ טאַטנס אַ קינד פון אַ באַלע־באַטישער היים, קוים דריי און צוואַנציק יאָר אַלט און עס האָט זיך געענוג געטון אין שטעטל ווען מען האָט זיך דערוווּסט וועגן זײַן פאַרליבעניש אין מרימל דעם שוחטס, וואָס כאָטש דער שידוך האָט זיך גאַנץ גוט געפּאַסט פאַר די מחותנים פון ביידע צדדים, האָבן זיי אָבער בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן חתונה האָבן פון ליבע רחמנא־לצלן, אַזוי ווי ביי די גויים להבדיל...

און אין זײַנע דערמאָנענישן זעט ער זיך ווי ער ציטערט און פלאַטערט פון שרעק, ווייל עס האָט געהייסן, אַז ר' אהרן שוחט וועט מרימלען פאַרקנסן פאַר דעם ערשטן בעסטן כניאָק און בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז זײַן טאָכ־טער זאָל זיך פירן אַנדערש ווי איר מאַמע און ווי איר באָבע האָבן זיך געפירט אין משך פון דורות און ברוכל האָט געמוזט שטאַרק קעמפן ביז ער האָט „געשטורעמט די באַסטיליע" פון די פאַנאַטישע געוווינהייטן און די עלטערן האָבן נאָכגעגעבן, און אַזוי האָט ברוכל ערשט נאָך אַ לאַנגן קאַמף חתונה געהאַט מיט זײַן אויסדערוויילטער און דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך געפילט אין זיבעטן הימל פון גליק...

ער האָט זיך אויך כסדר דערמאָנט אָן די ביטער געוואָרענע צייטן אין דער אַלטער היים און ווי אַזוי ער האָט זיך ענדלעך צוזאַמען מיט מרימלען אַריבערבאַקומען קיין בוענאָס־איירעס און ווי שווער זיי האָבן זיך דאָ גע־מוטשעט אין די ערשטע צייטן, ביז גאָט האָט זיי געהאָלפן און זיי האָבן זיך באַוויזן אַריבערצוקלייבן פון דעם „קאָנווענטיזשע"־שטיבל אין אַ שיינער

סאַלע און וויפיל מרים האָט זיך אָנגעליטן מיט די קינדער ביז זי האָט זיי דערצויגן און פּונקט דעמאָלט ווען זי האָט שוין געקענט דערלעבן נחת פון זיי, איז געקומען דער אומדערבאַרעמדיקער טויט און איר פאַרמאַכט די אויגן...

ברוך איז שוין געווען גוט אַרויפגעאַרבעט; די עלטערע צוויי קינדער זענען שוין געשטאַנען אין גוטע שידוכים און ער האָט זיך שוין געגרייט צו פּראַווען זיין זילבערנע חתונה מיט מרימען, ווען זיין לעבן איז פּלוצים חרוב געוואָרן: ער איז געבליבן אַליין, אַליין מיט זיין ווייטיק און לאַנגע זעקס יאָר האָט ער זיך געפּייניקט מיט זיינע בענקענישן, מיט די נאָגענישן אין זיין האַרץ און ער האָט אַלץ נישט געוואָלט אַריינברענגען אַ שטיף־מאַמע צו זיין יונגסטן קינד, וואָס איז נאָך געווען אין שטוב, אָבער, קאַרליטאָס האָט שוין אויך חתונה געהאַט און ברוך ביי זיינע דריי און פופציק יאָר, האָט איינגעזען, אַז ער קען מער נישט בלייבן אַליין, אַז ער טאָר מער נישט בלייבן אַליין און אַזוי האָט ער זיך דורך אַ שדכן באַקענט מיט רעבעקאַן און עס האָט נאָך געדויערט געווען לאַנג, ביז ער האָט ענדלעך באַשלאָסן צו שטעלן מיט איר אַ חופּה...

.2

אַמאָל, אין דער אַלטער היים, האָט ברוכל זיך געפרייט וואָס ער האָט באַוויזן צו „שטורעמען די באַסטיליע" פון די פאַנאַטישע געוווינהייטן און ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז אַ סך פון די אַמאָליקע געוווינהייטן, אַז אַ טייל פון די ירושות פון דור־דורות האָט אין זיך איינגעזאַפּט זיין בלוט און לעבט אין זיין געמיט און ער האָט זיך נישט באַפרייט פון דער ירושה, אַפילו ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין אַלטע היים און געקומען קיין אַרגענטינע.

ברוכל און מרים האָבן געשטאַמט פון אַ כמעט גלייכן יחוס, פון שוחטים, מלמדים און דיינים און כאָטש ברוכס פאָטער איז שוין געווען אַ סוחר, האָט מיט דעם מסחר אָנגעפירט מער די מוטער און דער פאָטער איז געזעסן און געלערנט.

ברוך האָט קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געהערט פון טאַטן אַ שלעכט וואָרט קעגן דער מאַמען, נאָר אַלעמאָל ביילעשי און פּונקט אַזוי האָט אויך ברוכל קיינמאָל מרימלען נישט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט, נאָר אַלעמאָל — מרימל און מרימל.

אַפילו די שווערע גויט אין די ערשטע צייטן דאָ אין זייער נייער היים, אַפילו שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויפאַרבעטן, איז ברוך אַלעמאָל געווען פאַרנומען ביי זיינע באַשעפטיקונגען, פילנדיק, אַז מיט זיינע געשעפטלעכע אַקטיוויטעטן דערפילט ער זיין פליכט צו מרימלען און ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער.

די אַלע וווּלגאַרע רייד און וויצן וואָס אים איז אויסגעקומען צו הערן בעת ער איז געקומען אין געשעפטלעכן קאָנטאַקט מיט מענטשן, האָבן זיך צו אים נישט צוגעקלעפּט; די ירושה פון דורות וואָס האָט געלעבט אין זיין בלוט, האָט אים ווי אימוניזירט קעגן אַלע מינים גראָבקייטן און אַבי ער איז געווען פריי פון זיינע געשעפטלעכע אַקטיוויטעטן, איז ער שוין געווען אינ־דערהיים. מרים האָט אַלעמאָל פאַר אים געהאַט עפּעס צוגעגרייט און זיצנדיק ביים טיש, האָט זי אים אָנדערציילט וועגן די חכמהלעך פון זייערע קינדער און ווי גוט זיי לערנען אין שול און שפּעטער — מיט וויפל התמדה זיי זיצן ביי די דיקע ביכער און שטודירן און ברוך האָט זיך צוגעהערט און צוגע־שמייכלט מיט הנאה.

ביי די היגע באַדינגונגען פון אונדזער „מאָדערנער צייט", איז ברוך ממש געווען אַ מוסטער פון אַ מאַן פון יענע אַלטע גוטע צייטן, ווען טהרת־המשפחה איז געווען די קרוין וואָס האָט באַצירט דאָס יִדישע לעבן און די ירושה פון דורות וואָס האָט געלעבט אין זיין בלוט, האָט אים אויך אימוני־זירט קעגן די חוזק־וויצן וואָס מאַנכע פון זיינע פריינט און באַקאַנטע האָבן געמאַכט אויף זיין חשבון און ווען עמעץ האָט זיך פאַר אים באַרימט, אַז ער האָט געהאַט אַ גוטן „פּראָגראַם" מיט אַ „יפי־פיה" און איצט גייט ער אַהיים אַ ליידיקער... האָט ברוך דערויף געהאַט זיין ווערטל:

— האָסט געמאַכט אַ שלעכט געשעפט, מיין ליבער; דו האָסט אַ גאַנץ שיין ווייב, וואָס טויג דיר דאָס אויסטוישן אַכצענער גאָלד אויף קופּער און בליי?...

טאַקע אַ זעלטנהייט ביי אונדז, אין די היינטיקע „מאָדערנע צייטן", אָבער אַזאַ איז געווען ברוך און דעריבער איז מרימלס פריצייטיקער טויט געקומען פאַר אים ווי אַן ערד־ציטערניש וואָס האָט מיטאַמאָל חרוב געמאַכט זיין לעבן, און ער האָט זי נישט געקענט פאַרגעסן.

### 3.

די ערשטע צייט, ווען פריינט און באַקאַנטע און אַפילו מאַנכע שדכנים זענען צו אים צוגעשטאַנען און געוואָלט אים איבעררעדן, אַז ער דאַרף חתונה האָבן, אַז ער איז נאָך קיין פופציק יאָר נישט אַלט, האָט ער געהאַט אַ פאַרטיקן תירוץ: — איך וועל פאַר מיינע קינדער נישט אַריינברענגען אַ שטיף־מאַמע אין הויז...

דער אמת איז געווען, אַז די קינדער זענען שוין גענוג דערוואַקסן און באַוווּסטזיניק און זיי וואָלטן זיכער גאָרנישט געהאַט אויסצוזעצן, ווען ער האָט יאָ חתונה, אָבער ברוך אַליין האָט נישט געוואָלט אַפילו טראַכטן וועגן דעם, ווייל צו טיף איז נאָך געווען זיין טרויער און בענקשאַפט נאָך זיין פאַרשטאָרבענער געטרייער פרוי.

אָבער, ווען איין קינד האָט מיט מזל חתונה געהאַט און אַ יאָר שפּעטער — דאָס צווייטע, איז וויפל ער האָט זיך נישט געפרייט ביי די קינדערס חתונות, האָט ער זיך אָבער דערנאָך כסדר אָנגעהויבן פילן עלנטער און איינזאַמער און ווען אויך דער יונגסטער איז אַרויס פון זיין רשות האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן ווי אַ בוים פון וועלכן מען האָט אַרומגעהאַקט די וואָרצ־לען, כדי זיי איינצופלאַנצן אין באַזונדערע גערטנער און דער בוים אַליין הייבט אָן דאַרן און דאַרן, ווייל עס פעלט אים יניקה...

שווער איז אים געוואָרן יעדע נאַכט ווען ער האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין און נאָך שווערער זענען פאַר אים געווען די פרימאָרגנס, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

ביינאַכט, איז ער אָפט געווען מיד פון זיין טעגלעכער באַשעפטיקונג, האָט דער שלאָף שנעלער אַ סוף געמאַכט צו די נאָגענישן אין זיין האַרצן, נאָר איבדערפרי, ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער ווי אינסטינקטיוו אַ שאַר־געטון מיט דער האַנט איבער דעם ליידיקן ברייטן שטיק בעט און יעדעס מאָל ווען ער האָט אַזאַ שאַר געטון מיט דער האַנט, האָט ער געהאַט דעם געפיל ,ווי עפּעס וואָלט זיך אים אָפּגעריסן פון האַרצן...

און אַזוי איז עס געשען, אַז ער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פון אַ שדכן, ער האָט זיך באַקענט מיט דער יונגער גרושה רעבעקאַ, זי האָט גע־האַט פונקלדיקע שוואַרצע אויגן און אַ בלאַס באחנט צאַרט פנימל, זי האָט אים נישט געשטעלט קיין פאָדערונגען ער זאָל איר עפּעס איבערשרייבן פון זיין פאַרמעגן און דאָס האָט אין אים דערוועקט אַ צוטרוי צו איר און כאָטש ער האָט אין איר נישט געזען דעם וואַרעמען דורכנעמענדיקן גוטמוטיקן בליק ווי ביי מרימלען, האָט עס אים בלויז געמאַכט קעמפן מיט זיך ווענן יאָ אָדער ניין, ביז די איינזאַמקייט און בענקשאַפט האָט גענומען שטאַרקער ווירקן און ער האָט ענדלעך געזאָגט — יאָ...

## 4.

באַלד נאָך זיין חתונה, האָט ברוך פעסטגעשטעלט, אַז ער איז אַריינ־געפאַלן.

מיט דער ירושה אין זיין בלוט, האָט ער נישט געקענט מאַכן קיין פאַר־ווורפן, ער האָט נישט געהאַט די העזה צורעכט צו ווייזן איר, אַז אים געפעלן נישט אַזעלכע געננ, האָט ער שטיל געליטן און געשוויגן.

ער האָט נישט געקענט סובל זיין איר אויסטוען זיך מוטער־נאַקעט און אַוועקשטעלן זיך פאַזירן פאַר אים; עס האָט אים שאָקירט איר אַוועק־זעצן זיך אַ נאַקעטע ביי אים אויף דער שויס און אַרומנעמען אים קושן און כאָטש ער האָט עס אין געדאַנק געפּרווט פאַרענטפערן מיט דער גלוסטונג

פון אַ פינף און דרייסיק יאָריקער פרוי, האָט ער אין איר פירונג געזען אַ פאַרשייטקייט וואָס הייבט נישט, נאָר דערנידעריקט זיין געמיט.

ער האָט געזען אַז ער איז אַריינגעפאַלן.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער צניעות פון זיין מרימל; קנאַפּע פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער מיט איר אָפּגעלעבט און ער האָט קיינמאָל, אָבער טאַקע קיין איין מאָל נישט געזען איר גאַנצן נאַקעטן קערפּער און אין זיין מוח שווימען אויף בילדער פון פריִערדיקע צייטן, ווען מרים איז נאָך געווען דרייסיק און פינף־און־דרייסיק יאָר אַלט, ווי ער איז אַ סך מאָל געלעגן שוין אין בעט אין נערוועזער דערוואַרטונג אַז מרימל זאָל זיך שוין לייגן שלאָפן און ער האָט מיט טויזנט גלוסטונגען אין האַרצן אָבסערווירט ווי זי טוט זיך אויס, נאָר ווען עס איז געקומען צום אַראָפּנעמען די אונטערוועש, האָט זי מיט איר איינגעבוירענעם שעם־געפיל, איינגעדרייט די ליכט...

אָ, ווי ער האָט זי דעמאָלט אויפגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס און ווי גליק־לעך ער איז געווען, ווען ער האָט אַ גלעט־געטון איר לייב אונטער איר נאַכט־העמד... איר נאַקעט לייב איז פאַר אים אויף אַלע יאָרן פאַרבליבן ווי אַ הייליקער סוד צו וועלכן מען קען זיך נאָר דערנענטערן אין דער פינצטער, אָדער מיט פאַרמאַכטע אויגן, כדי נישט צו פאַרשוועכן די הייליקייט פון דעם אומענדלעך־גליקלעכן סוד...

און ער דערמאָנט זיך וויפל גענוס עס האָט זיך אים געגאָסן אין האַרץ אַריין, יעדעס מאָל ווען ער האָט בלויז דערזען אַ שטיקל דעקאָלטע פון מרימלס בלאַנקענדיק ווייסן קערפּער און ווי ער איז פאַר איר אייביק געווען אָנגע־לאָדנט מיט ליבע און באַגערן, ממש ביז צום טאָג ווען זיין לעבן איז חרוב געוואָרן...

יאָ, חרוב געוואָרן; רעבעקאַ קען מיט אירע געגנג אויף דער חורבה נישט בויען פאַר אים אַ ניי לעבן; אָט שטייט זי איצט פאַרן שפּיגל אַ מוטער־נאַ־קעטע, ממש ווי חוה אין גן־עדן און זי באַטראַכט און קוועלט אָן פון איר אייגן לייב... זי באַטאַפּט זיך אַליין די פילבאַרע קערפּער־טיילן און אָנשטאָט איר צערטלען זיך ביים שפּיגל זאָל אין אים דערוועקן רייץ, ווירקט עס אויף אים ווולגאַר, אָפּשטויסנדיק און ער פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין קישן, ער זאָל עס נישט זען, ער זאָל נישט פילן אַזוי שטאַרק זיין שאַנד און שמאַך...

ברוך האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל, ווייל ער האָט נאָך געפילט אין זיך כוח־גברא, מענלעכע פּאָטענץ, וועלכע ער האָט אין זיין בענקעניש נאָך מרימלען אונטערדריקט אָבער נישט געקענט אָפּטויטן און זי האָט אים געמאָנט און געפייניקט מיט נאָגענישן אין האַרצן; אָבער דווקא רעבעקאַ, מיט איר נאַקעטקייט און מיט איר ווולגאַרער ראַפינירטער אומפאַרשעמטקייט, האָט אין אים אָפּגעטויט זיין כוח־גברא און אין איינער אַ נאַכט אַזאַ, ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט און רעבעקאַ איז צוגעקומען צו אים נאָכן

שפּיגלען זיך אַ נאַקעטע, האָט ער דערפילט, אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן, אַז ער מוז איר עפּעס זאָגן, עפּעס אַ שאַרף וואָרט, נאָר ער האָט דאָס פּאַסיקע וואָרט נישט געפונען, האָט ער פּלוצים דערפילט ווי טרערן שטיקן אים און ער האָט גענומען ווישן די אויגן...

— וואָס? דו וויינסט גאָר? איך געפעל דיר נישט? גיב נאָר אַ קוק אויף מיר...

ברוך האָט ווי דעמאָנסטראַטיוו פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און ווען זי האָט אים אָנגעהויבן גלעטן און צערטלען, האָט ער דערפילט, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ זומפּ און ברענענדיקע גליווערימלעך צעראָיען זיך איבער זיין קערפּער און כדי זיך ווי עס איז אַרויסצוראַטעווען פון דעם זומפּ, איז ער האַסטיק אויפגעשפּרונגען, אַראָפּ פון דעם בעט און אַריין אין עס־צימער און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפאַ...

לאַנג איז ער אַזוי געלעגן און געטראַכט וועגן מרימלס צניעות און אַט־אָ־די היינטיקע פאַרשייטקייט און ווען די אויגן האָבן זיך אים שוין גע־קלעפּט אין האַלבן דרימל, האָבן זיינע ליפּן נאָך אַלץ געמורמלט:

— וואָס געווען, איז מער נישטאָ...



# גרויסער גאָט, ווייז מיר דעם וועג

א.

עס זענען שוין אַריבער צוויי וואָכן זייט בערנאַרדאָ, דער פריילעכער און וויציקער דאָמינאָ־שפּילער, באַווייזט זיך מער נישט אין דעם קאַפע־הויז, וואָס רופט זיך דער „באַר לעאָן", און די דאָמינאָ־שפּילער, וואָס זיצן דאָרט טאָג־איין און טאָג־אויס, האָבן נאָך נישט אויפגעהערט רעדן וועגן אים.

ביי די דאָמינאָ־שפּילער אין „באַר לעאָן" איז עס נישט קיין נייעס, אַז עס פעלט פלוצים אויס די שטענדיקע האַנט צו אַ פּאַרטיע; אָט האָבן דער דאָן גיזשערמאָ, דער דאָן סאַלאָמאָן און דער דיאַמאַנטן־הענדלער דאַוויד פלוצים זיך אויפגעהערט צו באַווייזן, און די שטענדיקע שפּילער האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז זיכער זענען זיי אַוועקגעפאַלן אויף עפּעס אַ שלאַפקייט און, אָדער זיי וועלן אין עטלעכע טעג אַרום זיך ווידער באַווייזן, אָדער, מען וועט אין די נאָענטע זונטיק־צייטונגען לייענען די בעקראָלאָגן, אין וועלכע מען דריקט אויס טיפן מיטגעפיל צום פריצייטיקן טויט, וואָס האָט איינעם פון זיי אַוועקגעריסן אויף אייביק...

אַזעלכע זאַכן זענען שוין אין „באַר לעאָן" קיין נייעס נישט, און די שפּילער מאַכן זיך דערפון נישט קיין גרויסן עסק. אויף דעם פּלאַץ פון דער פּערטער האַנט וואָס פעלט היינט אויס, קומט באַלד אַן אַנדערער, און עס בייט זיך בלויז די פּאַנאָראַמע פון די פּנימער אַרום טישל, אָבער די שפּיל גייט ווייטער אָן.

און כאָטש בערנאַרדאָ האָט קיינמאָל נישט געענדערט זיין געוווינהייט אַריינצוקומען אין קאַפע בלויז אויף אַ שעה אָדער העכסטנס אַנדערהאַלבן שעה, און אַלעמאָל אין דערזעלבער צייט, פון אַזייגער זיבן ביז אַרום אַכט אָדער האַלב ניין, האָט זיין אויספעלן אין קאַפע אַרויסגערופן אַ סך מער קאָמענטאַרן, ווי אַנדערע, וואָס האָבן געפלעגט אָפּזיצן זייערע גאַנצע טעג ביים דאָמינאָ און זיי האָבן פלוצים אויפגעהערט קומען.

דורך דער שעה־אַנדערהאַלבן, וואָס בערנאַרדאָ האָט געשפּילט זיין באַליבט „קויף־שפּיל", האָבן זיך אַרום זיין טישל אַלעמאָל אַרומגעשטעלט אַ גרעסערע גרופּע קיביצער, און נישט אַזוי־ווייט כדי צו קיבעצן, ווי כדי אַריינצו־

כאַפּן אַ גוט וואָרט, אַ וויץ אָדער זיינס אַ קלוגן אַריינזאָג, וואָס האָט אַלעמאָל אַרויסגערופן אַ פריילעכע שטימונג.

אָבער נישט בלויז צוליב זיינע וויצן האָט מען אין קאַפּע גערעדט וועגן אים מער ווי וועגן אַנדערע, וואָס האָבן גענומען פעלן צווישן דער דאָמינאָ־חברותא; נאָך עטלעכע טעג האָט מען זיך געמלעך דערוווּסט, אַז בערנאַרדאָ איז גאָרנישט קראַנק, אַז מען האָט אים געזען אין גאַס, נאָר עפּעס האָט ער ווי נישט דערקענט קיין מענטשן...

אַ טאָג שפּעטער האָט מען שוין אין קאַפּע גערעדט, אַז מיט דעם בער־נאַרדאָ איז עפּעס גאָרנישט פויגלדיק; ער גייט אַרום אַ נישט־ראַזירטער, אַזוי ווי אַן אבל, און ער ענטפערט כמעט נישט אויף אַ גוט־מאָרגן.

נאָך אַ טאָג שפּעטער האָט מען שוין אין קאַפּע געוווּסט די סיבה פון בערנאַרדאָס ענדערונג. איינער האָט געוווּסט צו דערציילן, אַז בערנאַרדאָס יונגסטע טאָכטער האָט זיך פאַרליבט אין אַ קריסטלעכן בחור און עס האָט נישט געהאָלפן קיין טענות — זי האָט מיט אים אַרויסגענומען „אַ ביכל" אין ציוויל־רעגיסטער און איז אַוועק ווינען מיט אים.

און שוין צוויי וואָכן זענען אַריבער און די שטענדיקע דאָמינאָ־שפּילער אין קאַפּע האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט רעדן און קאָמענטירן די געשעע־ניש מיט דעם פריילעכן און וויציקן דאָן בערנאַרדאָ, וועלכער איז פּלוצים געוואָרן ווי אויס מענטש...

## ב.

דער איבערברוך און די ענדערונג אין בערנאַרדאָס לעבן איז נישט פאַר־געקומען בלויז צוליב דעם, וואָס זיין טאָכטער האָט אים אָפּגעטון מיטן אַוועק־גיין ווינען מיט אַ קריסטלעכן בחור.

די געשעעניש איז בלויז געווען ווי אַ קולמינאַציע־פּונקט, פון וועלכן עס האָט ווי אַרויסגעשריגן מיט הויכע קולות: — גענוג! ווייטער טאָר עס אַזוי נישט גיין!...

שוין מיט יאָרן צוריק, ווי נאָר ער האָט אַריבערגעשפּאַנט איבער דער גרענעץ פון ווערן אַ בן־חמישים, האָט אין זיין מוח ווי אויפגעבליצט אַ געדאַנק, אַז „לא זו הדרך", אַז נישט אַזוי דאַרף אַ מענטש אַוועקפּטרן זיינע יאָרן, בלויז מיט געשעפט און געשעפט און ווידער געשעפט און נאָך די געשעפטן, אין צייט פון אָפּרו, איבערקומען די שעהן אין קאַפּע צווישן אַ חברותא פון ליידיקע מענטשעלעך, וואָס ווערן דערטרונקען אין דער ליידנשאַפט פון דאָמינאָ־שפּיל...

דער אויפגעבליצטער געדאַנק האָט נישט אויפגעהערט עקבערן זיין מוח און דורך אַ סך נעכט געריבט ביי אים זיין שלאָף און דורך די שלאָפלאָזע שעהן האָט ער געזען פאַר זיך זיין פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען בערישל ווײַנגאָלד, ר' נחומצע דעם מורה־

הוראהס גרעאָטענע זונדל, וואָס אַלע ייִדן אין זיין שטעטל זענען געווען זיכער, אַז ער וועט ווערן אַ רב און ווי אַזוי דאָס אַלץ האָט זיך געענדערט. ווען די מלחמה פון 1914 איז אויסגעבראָכן און מען האָט געמוזט אַנטלויפן, און נאָך יאָרן נע־ונד האָט ער זיך ענדלעך דערשלאָגן קיין אַרגענטינע...

שנעל, ווי די בילדער אין אַ קינאָ, זענען פאַר אים אין זיינע שלאָפלאָזע שעהן געפלויגן די בילדער פון זיין לעבן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט געוואָלט דאָ, אין זיין נייער היים, פאַרזעצן זיין אַמאָליק פרום יידיש לעבן פון דער אַלטער היים און ווי ער האָט דאָ די ערשטע צייט געליטן דערפאַר. וויפל חוזק און שפאָט ער האָט געליטן פון זיין שותף אין דעם קליינעם שטיבל, ווו ער האָט געוווינט, ווען ער האָט אין די פרימאָרגנס אָנגעטון די תפילין צום דאַווענען...

און עס בייטן זיך די בילדער: אָט זעט ער זיך שוין אַלס חתן פון זיין „ענקאַרגאַדאָס" טעכטערל, בעלאַ. אויך זי מאַכט פון אים חוזק צוליב זיין פרומ־קייט... — „דאָס איז נישט קיין לעבן פאַר אַרגענטינע"... — זאָגט זי, און דער־ווייל הייבט ער אָן מאַכן געשעפטן. דער שווער העלפט אים אַרויס מיט שאַפן קרעדיטן און ער ווערט אַריינגעדרייט אין די ציין פון די לעבנס־רעדער. דאָס ראָד דרייט זיך און די ציין רייסן אים מיט, און פון בערישל ווערט אַ בער־נאַרדאָ און ער הייבט אָן גיין אויף די וועגן פון אַלע בערנאַרדאָס, נישטאָ זיך פאַר וועמען צו שעמען, נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן און נישטאָ עמעץ, וואָס זאָל אים דערמאָנען, וואָס זאָל אים אַ מוסר־טון, אַז עס טויג נישט אַזוי, און ער פאַסט זיך פאַמעלעך אַריין אין דעם לעבן פון די אַלע, מיט וועמען ער קומט אין קאָנטאַקט. און אַזוי גייען די יאָרן. בערנאַרדאָ ווערט רייכער און רייכער, קינדער וואַקסן און ער האָט נישט קיין צייט פאַר זיי. ער ווייסט, אַז זיי לערנען גוט און אַז עס פעלט זיי גאָרנישט אויס און ער פאַרלאָזט זיך אויף זייערע גוטע קעפלעך, אַז זיי וועלן שוין אויסוואַקסן לייט...

נאָך די שלאָפלאָזע שעהן, וואָס האָבן אים געוויזן די בילדער פון זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן, זענען געקומען טעג, וואָס האָבן אים ווי מיט צוואַנגען ווײ־טער צוגעהאַלטן צו דעם לעבן, אין וועלכן ער האָט זיך שוין דורך אַזויפיל יאָרן אַריינגעלעבט. מסחר, געשעפט און נאָכן געשעפט — אַ דאָמינאָ, נישט אַזוי ווייט צוליב דעם שפּילן, ווי כדי צו קענען אויסנוצן זיין אַמאָליקן שאַרפ־זין, איינגעבוירענע פריילעכקייט און צו קענען אויסלאָדן פון זיך זיין אָנגע־זאַמלטע שפע פון פאַלקסטימלעכער חכמה, וואָס צו זיינע געשעפטן קאָן ער זי נישט פאַרנוצן...

דער געדאַנק, וואָס האָט אָנגעהויבן עקבערן אין זיין מוח, האָט אים אין די לעצטע יאָרן אָנגעהויבן באַלעסטיקן אויך בייטאָג, בעת זיינע געשעפטלעכע אַקטיוויטעטן.

ער האָט עפּעס אין אַלץ אָנגעהויבן זען אַ לייַדיקייט, עפּעס ווי אַ מין אָפּנאַרערישע אילוזיע, און ער האָט זיך געוואָלט אַרויסהייבן פון איר. ער האָט נאָר נישט געוווּסט ווי אַזוי און צו וואָס ער וויל זיך אַרויסהייבן. אָבער דער געדאַנק האָט אין אים געשריגן, אַז אַזוי איז נישט גוט און ווען ער האָט שוין געוואָלט באַשליסן, אַז ער מוז ענדערן זיין לעבנס־סדר, האָט אים דאָס איינ־געוווינטע לעבן און די מורא פאַרן חוזק פון זיינע נאָענטע און פריינט, ווי צוגע־האַלטן און אַלץ איז געבליבן ווי געווען.

ביז עס איז געקומען די געשעעניש מיט זיין טאָכטער, זיין פּאַני, זיין פייגעלע, זיין פיין־דערצויגענע געלערנטע טאָכטער און דאָס איז געווען דער קולמינאַציע־פּונקט, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעשריגן מיט הויכע קולות:

— גענוג, ווייטער טאָר עס אַזוי נישט גיין!...

ג.

אין בערנאַרדאָס היים האָט זיך געטון חושך.

בעלאַ, זיין ווייב, וועלכע איז אַפילו אין איר היים אַרומגעגאַנגען אַ באַ־האָנגענע מיט צירונג, זיצט און ווישט די אויגן, און די צווי זין, וואָס איינער פון זיי איז שוין אַ דאָקטער־מעדיצין, און דער צווייטער דאַרף ענדיקן כעמיע, זיי גייען אויף און אָפּ איבער דעם גרויסן שפּייז־זאַל, ברעכן זיך די פינגער און היטן זיך צו קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן אַריין.

אומבאַגרייפלעך! — רופט אויס דער דאָקטער — דאָס איז ממש נישט צו פאַרשטיין!

— מען דאַרף דעם „וויעכאָ״ פירן צו אַ גוטן ספּעציאַליסט; מען זעט דאָך, אַז אַ שרייפל האָט זיך ביי אים „אַפּלאָכירט״... — זאָגט דער כעמיקער.

— מאַמאַ, זאָג וואָס דו ווילסט: מיר קאָנען דאָך נישט דערלאָזן, אַז דער „וויעכאָ״ זאָל אונדז פאַרשוואַרצן דאָס פּנים!...

בעלאַ ווישט זיך די אויגן און ענטפערט מיט אַ וויינענדיק קול:

— שטעלט איך פאָר, שוין צווי וואָכן ווי ער עסט עפּעס ערגעץ ביי אַן אונגאַריש־פרום־יידישער פאַמיליע פענסיאָן און ער זאָגט, אַז פריער וועט ער נישט עסן אין דער היים, ביז איך וועל נישט קויפן נייע געשיר, אָפּטיילן מיל־כיקס פון פליישיקס און קויפן כשר פלייש און מיט עופות, וואָס זאָלן האָבן אַ שטעמפּל פון אַ שוחט...

— משוגע! —שרייט אויס דער כעמיקער,— און גיט אַזש פון כעס אַ זעץ מיט דער פויסט אויפן טיש. מיר מוזן אים פירן צו אַ דאָקטער! האָסט געזען די באָרד, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָנוואַקסן? משוגע!...

— און אַז ער וועט נישט וועלן גיין?

— וועט מען אים מוזן פירן אויף כח!

— און איך זאָג אייך, אַז אין דעם איז נאָר שולדיק פּאַני! זי האָט עס אונדז נישט באַדאַרפט טון! וואָס האָט איר דאָ געפעלט? זי האָט נישט געקענט באַקומען אַ מאַן אַ דאָקטער, אַ ייִדישן מאַן, וואָס זאָל זיין אַ פרייד אויף פאַר טאַטע־מאַמע? נאָר זי איז שולדיק — האָט בעלאַ געכליפּעט.

— צי האָט עס פּאַני יאָ באַדאַרפט טון צי נישט, דאָס איז אַ פראַגע, וואָס גיט נאָך דעם וויעכאָ נישט קיין רעכט, אַז ער זאָל אונדז פאַרשוואַרצן דאָס פּנים!

— ער איז טאַקע אַ טאַטע, אָבער ער טאָר נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט קינדער און די קינדער האָבן אויך עפּעס צו זאָגן! ער האָט שוין זיינס אָפּגעלעבט, און מיר דאַרפן ערשט לעבן!

און לאַנג האָט זיך אַזוי געצויגן דער שמועס צווישן דער מאַמען מיט אירע צוויי זין וועגן דעם, וואָס מען זאָל אַזוינס טון, אַז זייער מאַן און פאָטער זאָל צוריקגעשטעלט ווערן אין אָרדענונג און זיין אַ מענטש מיט מענטשן גלייך...

ד.

נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, וואָס בערנאַרדאָ וויינגאָלד האָט געהאַט מיט זיין ווייב און די צוויי זין, זענען אַלע דריי אוועק ברוגזע און ער איז געבליבן אַליין.

לאַנג האָט ער זיך אַרומגעדרייט אויף און אָפּ איבער דער גרויסער סאַלע. ער האָט איבערגעטראַכט דאָס אַלעס, וואָס די קינדער האָבן אים אַריינגעזאָגט און וועגן דעם, וואָס ער האָט זיי געוואָלט זאָגן, נאָר זיי האָבן אים כסדר פאַרהאַקט אינמיטן די רייד.

זיי האָבן נאָר געטענהט צו אים, אַז ער קאָן נישט און טאָר נישט ענדערן זיין לעבנס־סדר; אַז ער קאָן נישט נעמען דאָס אַלט־היימישע, פּאַנאַטישיִדישע לעבן, וואָס איז געגאַנגען אויף שמאָלע רעלסן, און עס אַוועקשטעלן דאָ, אין אַרגענטינע, אויף די ברייטע רעלסן פון מאָדערנעם היינט־צייטיקן לעבן פון אַ פרייען אַמעריקאַנער; אַז דאָרט זענען די אַלטע אָרעמע היימען שוין פאַרשוווּנדן, און די שמאָלע באַנדלעך פון דאָרטיקן פּאַנאַטישן לעבן קענען נישט פאָרן אויף די היגע ברייטע רעלסן...

ער האָט זיי געהאַט אַ סך וואָס צו ענטפערן; ער האָט זיי געוואָלט ענטפערן, אַז דאָס שמאָלע באַנדל האָט זיך אין די אַלטע היימען געהאַלטן פעסט און זיכער און איז קיינמאָל נישט אַרויס פון די רעלסן, און דאָ? אָט, וואָס האָט פאַנין געפעלט ביי אונדז? פאַרוואָס איז זי אַרויס פון די ברייטע רעלסן, פאַרוואָס האָט זי זיך אויסגעגלייזט פון אונדזערע היגע שוין ברייטע רעלסן פון אַ מאָדערן, וועלטלעך, נאָר דאָך ייִדיש לעבן און איז אַוועק צו אַן אומבאַקאַנטן

גורל, וואָס פאַר אונדז, עלטערע ייִדן, איז שוין דער גורל פון די אויסגעגלייזטע, געגנוג טרויעריק באַקאַנט...

זיי, די קינדער, האָבן אים כמעט נישט געלאָזט אויסרעדן קיין וואָרט. דאָס, וואָס זיי האָבן אים געזאָגט, דאָס ווייסט ער שוין פון לאַנג. זיי האָבן אים אויף גאָרנישט קלוגער געמאַכט. אָבער ער — זיי, האָט געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן, האָבן זיי אים נישט געוואָלט אויסהערן...

פונדעסטוועגן, כאָטש זיי האָבן אים מיט זייערע רייד נישט געמאַכט קלי־גער, טראַכט ער איצט נאָך עפּעס פון דעם וואָס זיי האָבן אים געזאָגט. ער טראַכט וועגן די רעלסן, וועגן די שמאָלע און ברייטע שינעס פון לעבנס־באַן...

צי איז ער נישט אַליין שולדיק אין דעם אומגליק וואָס איז אויף אים געקומען? צי האָט ער נישט, נאָך מיט אַזויפיל יאָרן צוריק איבערגעלאָזט דאָס שיינע שמאָלע באַנדל, צוזאַמען מיט די שמאָלע שינעס און זיך אַוועק־געלאָזט אויף אַ ברייטן לעבנס־וועג, וואָס האָט זיך געצויגן זיג־זאַג, אינגאַנצן אָן רעלסן?

און איצט? וואָס זאָל ער אָנהייבן טון, כדי צו פאַרפעסטיקן זיך אויף זיכע־רע רעלסן, וואָס זאָלן זיין לעבנס־באַן פעסט און זיכער, מיט פרומען גלויבן אין האַרצן, דערפירן ביז צו דער ענד־סטאַציע פון זיין גייסטיק־פאַרוואָרלאָזט לעבן?

ער ווייסט און ער פילט, אַז די אָרעמע, שמאָלע רעלסן פון דער אַלטער היים קענען נישט גילטן פאַר דאָ, פאַר דעם גרויסן און פרייען לעבן פון אָרום. אָבער צו קען מען דען נישט פּרוּוון בויען דאָ נייע ברייטע רעלסן פאַר דעם אַלט־היימישן רעליגיעז־ייִדישן לעבן? פאַרוואָס האָט ער דאָס ביז היינט נישט געפּרוּווט? און אויב ער האָט עס ביז היינט נישט געטון; אויב זיין לעבן איז ביז היינט דאָ געגאַנגען אויף אַ הפקר־וועג אינגאַנצן אָן רעלסן, צי טאָר ער דערפאַר נישט אָנהויבן היינט זיכערן די טריט פון זיינע פיס? צי איז דען טאַקע אַזוי שווער זיך איינצואָרדענען אַ כשרע קיך, כשר עסן און פירן זיך אויף אַ ברייטן אופן, לויט דעם אַלט־היימישן, פרום־גבירישן, עכט־ייִדישן לעבנס־שטייגער ?

לאַנג איז בערנאַרדאָ אַזוי אַרומגעגאַנגען אין זיין גרויסער סאַלע פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען וועגן דעם וועג, אויף וועלכן ער דאַרף זיך איצט לאָזן, און ערגעץ אין מוח, הינטער די אַלע געדאַנקען, האָט אים ווי מיט נאָדלען געשטאָכן די כסדרדיקע דערמאָנונג אָן פאַנין, אָן זיין איינציק טעכטערל, וואָס ער אַליין מיט דער צו־פרייער דערציִונג, וואָס ער האָט איר געגעבן, איז אפשר שולדיק אין דעם, וואָס עס איז געשען מיט איר...

פון די זין האָט ער נישט אַ סך נחת, און פון פאַנין, וואָס ער האָט פון איר יאָ דערוואַרט נחת, איז זי אַוועק, אַוועק צו דעם אומבאַקאַנטן און דאָך טרויע־

ריק־באַקאַנטן גורל. זיין ווייב, בעלאַ, זי זאָגט גאָרנישט און מיינט גאָרנישט און זי וועט אים זיכער פאָלגן. אָבער ער אַליין, ווי אַזוי זאָל ער אָנהויבן פאַר־פעסטיקן פאַר זיך די נייע לעבנס־ליניע? וועלכן וועג דאַרף ער גיין, כדי צוצוקומען צום ציל? ווי אַזוי מאַכט מען עס, אַז ער זאָל קענען גיין מיט פעסטן טראָט איבער דעם שפּאָט און חוזק פון זיינע פריינט און זיינע אייגענע קינדער?

און פלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי דער ביכער־שאַפע, אַרויסגענומען פון דאָרט דעם מחזור, דערזעענדיק די פיר־קאַנטיקע הייליקע אותיות, האָט זיך פון זיין האַרץ ווי אַרויסגעריסן אַ געבעט צו גאָט:

— גרויסער גאָט, ווייז מיר דעם וועג!...



# ווען אַלע זענען געװען

.1

נאָך אַ סך נערוועזע און אַנגסטלעכע טעג פון דערוואַרטונג, האָט יונה גרינצווייג ענדלעך דערלעבט דעם טאָג, ווען זיין איינציק לעבנגעבליבענער ברודער מנשה, צוזאַמען מיט זיין צווייטער פרוי און געראַטעוועטן פערצן־יאָריקן טעכטערל האָבן באַדאַרפט אָנקומען אין בוענאָס־איירעס.

באַלד נאָך דער מפלה פון היטלער־דייטשלאַנד האָט יונה אָנגעהויבן שרייבן בריוו דאָ און דאָרט, צו די קאָמיטעטן, צום רויטן קרייץ. ער האָט נאָכגעפרעגט וועגן זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, וועגן קרובים, אָבער די אַלע אָנפראַגן זענען געבליבן אָן אַ פּאָזיטיוון ענטפער.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ליסטעס מיט נעמען פון געראַטעטע־וועטע ייִדן, האָט יונה נישט דורכגעלאָזן קיין איין ליסטע, ער זאָל זי נישט כאָטש צוויי מאָל איבערלייענען פון אָנהייב ביזן סוף. אַפילו די ליסטעס, וואָס זענען געווען מיט אויסגעסדרטע נעמען לויטן א״ב האָט ער אָנגעהויבן לייע־נען פון דעם „א״, כדי לענגער אויפצוהאַלטן די האָפענונג אין זיין האַרצן. און ווען ער איז צוגעקומען צו דעם „גימל״, האָט זיין האַרץ אָנגעהויבן שלאָגן האַסטיקער, און עס האָט זיך אין אים געשטאַרקט די האָפענונג, אַז אין אַזאַ לאַנגער ליסטע מיט נעמען, וואָס הייבן זיך אָן מיטן אות „ג״, וועט ער זיכער געפינען דעם נאָמען „גרינצווייג״.

ער האָט אָבער דעם נאָמען גרינצווייג אין די ליסטעס נישט געפונען און נאָך יעדן איבערלייענען א נייע ליסטע האָט ער געליטן פון אַ נייער אַנטוישונג, וואָס האָט זיך ווי אַ שווערער שטיין געלייגט אויף זיין געמיט.

זיין ווייב פאַני און זייערע פערצן־יאָריקע טעכטערלעך, דאָס צווילינג־פּאָרל קלאַריטאַ און ראָסיטאַ, האָבן אים די ערשטע צייט מיטגעפילט. אָבער ווען עס איז אַריבער אַ גאַנץ יאָר און יונה האָט אַלץ נישט געהאַט קיין שום ידיעה, צי עמעץ פון זיינע נאָענטע איז געבליבן לעבן, האָבן זיי אָנגעהויבן פאָדערן, אַז ער זאָל זיך צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז קיינער פון זיין משפּחה האָט זיך דאָרט נישט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן פון אומגליק און עס איז פאַר־פאַלן.

פאַני, אַלס הי־געבוירענע און נאָך מער די צוויי טעכטערלעך, וואָס האָבן

שוין געלערנט אין „ליסעאָ", זיי האָבן זיך לייכט געקאָנט צוגעוווינען צו אַזאַ געדאַנק; זיי האָבן דאָך קיין איינעם פון דער פאַרצווייגטער פאַמיליע גרינ־צווייג אין פוילן קיינמאָל נישט געזען און פאַר זיי איז דער גאַנצער ענין געווען ווי אַ פרעמדער ענין, וועלכן מען קאָן טאַקע מיטפילן און באַדויערן, אָבער אַלץ מוז דאָך זיין מיט אַ מאָס.

האָסט געשריבן און נאָכגעפרעגט? האָסט פאַרברענגט טעג און נעכט מיט זוכן אין די ליסטעס? האָסט דערפילט דיין פליכט? טאָ וואָס קאָן מען זיך העלפן? פאַרפאַלן!...

אָבער יונהס האַרץ האָט געבלוטיקט. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט אייניקן מיט דעם געדאַנק אַז אַלע, אַלע, אַבסאָלוט אַלע פון זיין גרויסער משפחה זאָלן האָבן אַזוי טראַגיש אומגעקומען אָן אַ שום איבער־בלייבעניש...

און גראָד דעמאָלט ,ווען דער יאוש האָט ביי אים אָנגעהויבן פאַרנעמען דאָס פלאַץ פון זיין האָפענונג, גראָד דעמאָלט האָט ער אין אַ געוויסן פרי־מאָרגן געזען אין אַ ידישער צייטונג, אין דער רובריק „קרובים וואָס ווערן געזוכט", אַז ער ווערט געזוכט פון זיין ברודער מנשה...

דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן.

צוערשט מיט טעלעגראַמעס, מיט בריוו דורך לופט־פּאָסט. יאָ, פון זיין גאַנצער משפחה האָט זיך בלויז מנשהן איינגעגעבן צו ראַטעווען זיין לעבן. און אין די ערשטע בריוו האָט ער געשילדערט ווי אַזוי ער האָט געמוזט צוקוקן, ווען די שוידערלעכע ס. ס.־מערדער האָבן זיין ווייב שיינדעלע פאַר־פייניקט צום טויט און אַז ער זוכט איצט אַרום זיין איינציק טעכטערל, רבקה־לע, וואָס האָט זיך געהאַט באַהאַלטן און ער ווייסט נישט ביז היינט, ווו איר געביין איז אַהינגעקומען...

יונה איז נישט אָפּגעקומען בלויז מיט בריוו: ער האָט אויך געשיקט געלט און פעקלעך און גלייכצייטיק האָט ער זיך אָנגעהויבן באַמיִען צו באַ־קומען די פּאַפּירן, אַז זיין ברודער זאָל קענען קומען קיין אַרגענטינע.

אַ סך טעג האָט יונה פאַרלוירן אין די פאַרשיִדענע אַמטן, און ווען עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל באַקומען די „זשאַמאַדע" האָט ער באַקומען די ידיעה, אַז זיין ברודער האָט אָפּגעזוכט זיין פאַרלוירן קינד, זיין איצט שוין צוועלף־יאָריק רבקהלע.

איצט האָט יונה געמוזט אָנהייבן אַרבעטן אויפסניי וועגן צוויי „זשאַמאַ־דעס", פאַר מנשהן מיטן קינד. דאָס האָט זיך געצויגן מער ווי אַ יאָר. און דערווייל האָט דער ברודער דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ לעבן־געבליבענער קרובה, און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן נייע באַמיִונגען, ביז ענדלעך, נאָך צוויי יאָר אומאויפהערלעכע אַרומלויפעניש, האָט ער באַקומען די „פּאַ־פּירן" און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די לאַנגע, נערוועזע און אַנגסטפולע

טעג פון דערוואַרטונג, ביז ער האָט דערלעבט דעם טאָג, ווען זיין ברודער מיט דער פרוי און זיין טעכטערל רבקהלע, זענען ענדלעך געקומען צו פאָרן.

.2

יונה גרינצווייג האָט דורך די צוויי און צוואַנציק יאָר זיין אין אַרגענטינע נישט געמאַכט קיין גרויסע פאַרמעגנס. ער האָט זיך דאָ גענוג אָפּגעמוטשעט און שווער געהאָרעוועט, ביז ער האָט זיך, ווי אַ סך אַנדערע אימיגראַנטן מיט אַ פּאַך אין האַנט, מער־ווייניקער איינגעאָרדנט. אָבער אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר, טאַקע גראָד אין די יאָרן ווען די היטלער־רוצחים האָבן געשפּרייט איבער די געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן טויט און פאַרניכטונג, גראָד אין די יאָרן האָט זיך יונה דאָ גאַנץ גוט אַרויפגעאַרבעט. און כאָטש ער איז געווען זייער שטאַרק פאַרנומען און ער האָט נאָך אַ סך מאָל געזוכט זיך אַליין צו פאַרטומלען מיט אַרבעט, האָט אָבער זיין פאַרנומענקייט נישט געקאָנט פאַרלעשן דעם גליִענדיקן פונק אין זיין געוויסן, וואָס האָט אים גאַנץ אָפט אַזאַ ברי־געטון, אַז ער איז ממש געוואָרן אויס מענטש.

איצט, מיט דעם אָנקומען פון זיין ברודער, האָט ער געהאָפט, אַז אים וועט זיך איינגעבן דעם ברודער צו טרייסטן און אים אַוועקשטעלן אויף אַזאַ מצב, אַז ער זאָל פאַרגעסן זיינע גרויזאַמע איבערלעבונגען.

געוואָרן איז אָבער אינגאַנצן אַנדערש.

עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס יונה האָט פאַר זיין ברודער פאַרגרייט אַ וווינונג, אַ דעפּאַרטאַמענט פון צוויי צימערן מיט אַ מעסיקן קאָנפאָרט; וואָס ער האָט אים באַלד אַוועקגעשטעלט אַלס „קאַפּאַטאַס" אין זיינעם אַ „טאַזשער"; מנשה האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אומצופרידענער, אַ פאַרכמורעטער; און ווען יונה האָט זיך באַמיט צו דערגיין ביי אים די סיבה פון זיין אומצופרידנקייט, האָט מנשה ענדלעך איינמאָל אַרויסגעפּלאַצט מיט דער פראַגע:

אויף דעם האָסטו מיך אַהערגעבראַכט?...

— עס איז דיר דען, חלילה, שלעכט?

— וואָס הייסט נישט שלעכט? צי מיינסטו, אַז נאָך די שוידערלעכע יאָרן פון פיין, ווען מיר האָבן יעדע מינוט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, איז גענוג, אַז ווען איך בין שוין ענדלעך געקומען צו מיין איינציקן ברודער, וואָס לעבט אין ווילטאָג — אַז מיר זאָל זיין דאָ בלויז נישט שלעכט?...

ביי יונהן האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן פּלאָנטערן אין מוח. ער האָט געקוקט זיין ברודער גלייך אין די אויגן. און נאָך אַ לענגערער צעטומלטקייט האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס מיינסטו דערמיט? באמת, איך טראַכט, איך וויל פאַרשטיין, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, אָבער מיין מוח באַנעמט עס נישט...

— ווען דו וואָלסט געווען דאָרט, אין די גהינומס אויף מיין פּלאַץ, דאַן וואָלסטו עס באַנומען; ווען דו וואָלסט געזען, ווי איך בין געווען געשוואָלן פון הונגער, און ווי איך האָב אין די גרעסטע פרעסט געמוזט שטיין אַ האַלב־נאַקע־טער מיט באָרוועסע פיס אויף די „אַפּילס“, אָ, וואָלסטו בלויז געמוזט פאָרן איין שעה אין אַזאַ פאַרמאַכטן וואַגאָן, אין וועלכן איך האָב זיך אַ פאַרלייזיק־טער געשלעפּט פולע צוויי וואָכן, דאַן וואָלסטו מיך גוט פאַרשטאַנען...

יונה האָט אויסגעהערט זיין ברודערס רייד. עס האָט אים שטאַרק וויי־געטון די שילדערונג פון זיינע ליידן. אָבער צי האָט ער אים דען דאָ שלעכט אויפגענומען? צי איז ער דאָ נישט געקומען צו אַלעם גרייטן?

— טאָ זאָג מיר, וואָס זאָל איך טון פאַר דיר, אַז דו זאָלסט זיך פילן בעסער, אַז דו זאָלסט קענען פאַרגעסן דאָס געוועזענע און זיך בעסער צו־פּאַסן צו די היגע פרייע און בעסערע לעבנס־באַדינגונגען?

— וואָס דו זאָלסט פאַר מיר טון? אַלץ! איך וויל אַז מיין פרוי, אונדזער קוזינע און מיין דורכגעליטן טעכטערל, זאָלן זיין גליקלעך און דו, ברודער מיינער, קום צו מיר אַהיים און הער זיך צו צו די טענות פון מיין ווייב און קינד און דו וועסט וויסן וואָס מיר פעלט...

וואָס ווייטער אַ טאָג, האָבן זיך אַזעלכע שמועסן איבערגעחזרט און נאָך ערגער זענען געווען די שמועסן צווישן פאַני און מנשהס ווייב, באַשעלע, און אויך די קינדער, קלאַריטאַ און ראָסיטאַ, וואָס האָבן בשום־אופן נישט געקאָנט באַווייזן אַרויסצורופן אַ שמייכל אויף רבקהלעס פנים און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דערווייטערן פון איר.

יונה האָט געליטן. אינדערהיים האָט ער געהערט טענות פון פאַנין, גע־רעכטע טענות. צי האָט זי זיך דען שלעכט באַנומען צו די אומגליקלעכע? און ער אַליין? צי האָט ער דען נישט אַלץ געטון אַרויסצוראַטעווען זיין ברו־דער פון דעם דייטשן לאַגער? נאָך מער האָט אים פאַרקלעמט ביים האַרצן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער ערשטע צייט, ווען ער אַליין איז אָנגע־קומען קיין בוענאָס־איירעס, ווו ער האָט דאָ קיינעם נישט געהאַט, זיין אַר־בעטלאָזיקייט און זיין לעבן אין אַ הילצערנעם שטיבל אויף אַ דאַך, זיין גע־לעגערל אויף דעם שמאָלן אייזערנעם בעטל אָן אַ „קאָלטשאָן“... איך האָב דאָך פאַר מיין ברודער פאַרגרייט אַ מלכות!...

ווען ער האָט אַמאָל אויף מנשהס טענות דערמאָנט אָן זיינע ליידן דאָ אַלס גרינער, האָט זיך מנשה נאָך שטאַרקער אויפגעברויזט:

— דו רעדסט וועגן ליידן? טרוקן ברויט האָסטו געהאַט? דער טויט פון פייניקונגען האָט דיך נישט באַדראָט יעדע מינוט? זע נאָר, ווער עס רעדט וועגן ליידן!...

דער שלום־בית אין יונהס שטוב איז פאַרשוווּנדן, אויסהערנדיק די טענות פון זיין פרוי און קינדער, האָט ער געמוזט צוגעבן, אַז זיי זענען

גערעכט; ער אַליין, פאַר זיך, פילט זיך אויך גערעכט, ווייל צי האָט ער דען נישט געטון געגנוג פאַר זיין ברודערס גליק? און צי קאָסט אים דען ווייניק, אַז זיין ברודער מיט ווייב און קינד זאָל דאָ גאָר נישט פעלן? וואָס קאָן ער דאָ באמת, מער טון פאַר זיי, ווי פאַרזיכערן זייער אויסהאַלטונג און אויף אַ בכבודיקן אופן?

אָבער, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם ברודערס טענות מיט די שילדערונ־גען פון זיינע איבערגעלעבטע ליידן, ווי ער האָט באַדאַרפט שטיין און צוקוקן ווי אַ כאָפּטע היטלער־רוצחים האָבן זיין ווייב פאַרפייניקט ביז צום טויט און וואָס דאָס קליינע רבקהלע האָט זיך אָנגעליטן און ווי פייערדיק גליִען אַזוי אָפט אירע בליקן און די שווערעגרין... צי האָט ער נישט אָבסער־ווירט, אַז בעת זי דערציילט אירע איבערלעבענישן, בלייבט זי פּלוצים שטיין, זי פאַרהאַלט זיך, אַזוי ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז איין זאַך מוז זי פאַר־שוויגן, אַז דאָס טאָר זי נישט דערמאָנען, ווייל טאָמער יאָ, דאַרף זי אָן זיך באַלד אַ מעשה אָנטון... ווען יונה טראַכט זיך אַריין אין די ווערטער פון זיין געראַטעוועטן ברודער און ער דערמאָנט זיך אָן די גליִענדיקע פייערלעך, וואָס לייכטן כסדר אויף אין זיינע אויגן, מוז ער מודה זיין, אַז אויך דער ברודער, פונקט ווי די שווערעגרין און די פלימעניצע, אַז אויך זיי זענען גע־רעכט, זיי האָבן זיכער פאַרדינט אַז מען זאָל זיי גליקלעך מאַכן, נאָר ווי אַזוי?

נאָך אַ שאַרפן דורכשמועסן זיך מיט פאַניך, האָט פּלוצים קלאַריטאַ אַ וואָרף־געטון די פראַזע:

— זיי וועלן שוין, פאָברע, קיינמאָל נישט גליקלעך זיין, ווייל זיי וועלן אונדז קיינמאָל נישט קענען מוחל זיין, וואָס מיר זענען געווען דאָ אין דער צייט פון זייערע ליידן און מיר האָבן דאָ געלעבט אַ רויִק און זיכער לעבן...



# זיי מיר מוחל, טאַטע!

די באַן איז געלאָפן מיט אַ שנעלקייט פון זיבעציק ביז אַכציק קילאָמע־טער אַ שעה, נאָר פאַר אַלבערטאַ ווייסמאַן האָט זיך יעדע מינוט געצויגן ווי אַ שעה און יעדע שעה — ווי אַן אייביקייט.

דער וואַגאָן פון ערשטער קלאַס איז געווען פול באַזעצט פון פאַרשידענע מענטשן, אָבער ער האָט קיינעם נישט געזען, קיינער האָט אים נישט אינטע־רעסירט. ער איז געווען באַהערשט פון איין געדאַנק, פון איין געפיל, פון איין פאַרלאַנג, אַז די באַן זאָל ענדלעך אָנקומען אַהין, אין דער ווייטער פּראָווינץ־שטאָט, און ער זאָל וואָס שנעלער קענען זען זיין אַלטן פאָטער, פאַלן אים צו די פיס און מיט תּחנונים זוכן אָפּצווישן דעם ברוגז, וואָס האָט געהערשט צווישן זיי גאַנצע זעקס און צוואַנציק יאָר.

אַלבערטאַ זיצט ביים פענצטערל, קוקט אַרויס צו די ווייטע פעלדער און וועלדלעך, וואָס דרייען זיך מאָדנע פאַר זיינע בליקן, ביז זיי פאַרשווינדן, און עס באַווייזן זיך נייע פעלדער מיט ווייסע הייזקעס און „ראַנטשאָס". דאָס זענען דערפלעך, וואָס דרייען זיך אויך פאַרביי און פאַרשווינדן. מאָמענטנווייז דוכט זיך אים אויס, אַז די באַן שטייט אויפן זעלבן אָרט, נאָר דער גאַנצער אינדרויסן פאָרט, לויפט, הענדום־פענדום און פאַרשווינדט, אַזוי ווי די זעקס און צוואַנציק יאָר, זינט זיין פאָטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אים, זענען הענדום־פענדום אַנטלאָפן און פאַרשוווּנדן הינטער אים...

ערשט ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און ער האָט דורך דעם פענצטע־רל גאָרנישט מער געזען נאָר ווייטע אָפּשיינען פון לאָמפּן, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אויף פאַרשידענע פלעצער ווי אויפגעבליצט, האָט ער זיך אויסגעגלייכט אויף זיין זיץ־פּלאַץ. אַ קעלנער איז גראָד אַריינגעקומען און אויפן הויכן קול פאַרבעטן די פּאַסאַזשירן אין עס־וואַגאָן צום נאַכט־עסן. אַ טייל פּאַסאַזשירן האָבן באַלד אָנגענומען די איינלאַדונג און אַוועק עסן. אָבער אַלבערטאַ איז געבליבן זיצן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען.

עטלעכע מאָל האָט זיך גאַנצער קערפּער אַ ציטער געטון. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט פון זיך עפּעס אַראָפּטרייסלען, נאָר עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן; איבער

זיינע טראַכטעניש ן איז אַלץ געהאַנגען דער גאָלדענער צלם מיט דעם קרוי־ציפיקס, וועלכן ער האָט בלויז איינמאָל געזען אויף דעם האַרץ פון זיין איינציקן זונס כלה...

ווידער האָט זיך באַוויזן דער קעלנער און פאַרבעטן אַ צווייטע טורנע צום נאַכט־עסן. די ערשטע גרופּע פּאַסאַזשירן זענען זאַטע און צופרידענע צוריק אַריינגעקומען און פאַרנומען זייערע פּלעצער, און אַנדערע זענען אויפ־געשטאַנען און אַוועק אין עס־וואַגאָן, נאָר אַלבערטאָ איז געבליבן זיצן אויף זיין פּלאַץ. אים ליגט איצט נישט אין זינען קיין עסן. ער דאַרף טראַכטן, טראַכטן און אָנטאָן זיך אַ כוח אויסצוהאַלטן די אייביקייט, ביז דער צוג וועט זיך דערשלעפּן צו זיין ציל.

זיצט ער אַזוי מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און טראַכט. מאָמענטנווייז ווייזט זיך אים אויס, אַז נישט פון בוענאָס איירעס צו דער פּראָווינץ־שטאָט פאָרט ער איצט, נאָר די באַן פירט אים איבער די טעג פון זיין אומזיניקן לעבן; שטעלט זיך אָפּ ביי סטאַנציעס, וואָס אַמאָל האָבן זיי אים ליכטיק אַנט־קעגנגעלויכטן און היינט זעט ער זיי וויסט און טרויעריק, און איבער דעם אַלעם, שוועבט אַלץ דער גאָלדענער צלם מיט דעם קרוציפיקס, פון וועלכן ער קאָן בשום אופן זיך נישט אָפּטרייסלען...

***

ווען אַלבערטאָ וויסמאַן, אָדער אהרעלע וויסמאַן, איז געקומען קיין אַר־גענטינע, איז ער קוים אַלט געווען אַכצן יאָר.

קיין חשק צום לערנען האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט. האָט אים זיין פאָטער, דער מלמד אין דעם קליינעם שטעטל אין פּוילן, אַוועקגעגעבן אויף דער לער צו אַ בעל־מלאכה; ביי דער אַרבעט איז ער געוואָרן „קלאַסן־באַוווסט־זיניק״, ביז מ׳האָט אים, בעת אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע, צוזאַמען מיט אַנדערע חברים, אַרעסטירט. עטלעכע וואָכן איז ער געזעסן אין תפיסה. און ווען ער איז ענדלעך באַפרייט געוואָרן, האָט ער צוזאַמען, מיט נאָך עטלעכע אַרבע־טער, באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַרגענטינע.

אין בוענאָס־איירעס האָט זיך אהרעלע גוט אויסגעטויגט אין פאַך פון מעבל־סטאָלעריי. ער האָט גוט פאַרדינט און זיין סטאַזש אַלס „מאַרטירער״, וואָס איז שוין געזעסן אין תפיסה פאַר פאַרטיי־אַרבעט, האָט אים דאָ דערהויבן צו אַ פּאָזיציע אין זיין סינדיקאַט.

די ערשטע צייט האָט ער באַקומען בריוו פון זיין מאַמען. האָט ער אויף יעדן בריוו געענטפערט און אַפילו עטלעכע מאָל געשיקט געלט. ביז איינמאָל האָט ער באַקומען אַ בריוו פון זיין פאָטער, ר׳ יואל דער מלמד, מיט דער בשורה, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן ווי אַ צדיקית, און זי האָט פאַר איר טויט געבעטן, אַז אהרעלע זאָל נאָך איר זאָגן קדיש...

אהרעלע האָט זיך גוט אויסגעוויינט, אָבער קדיש? — דאָס איז נישט פאַר קיין באַוווסטזיניקן אַרבעטער — און ער האָט געפאָלגט דעם ווונטש פון זיינע חברים, אַז „ביי פּאַרטיי־אַרבעט זאָל ער אַ טרייסט געפינען"!...

צום פאָטער האָט ער זעלטן־ווען געשריבן. אויף צען בריוו האָט ער גע־ענטפערט מיט אַ בריוול פון עטלעכע ווערטער. אין דער אמתן, וואָס האָט ער געקאָנט שרייבן צו דעם פרומען, פאַנאַטישן טאַטן? שרייבן אים וועגן זיין פּאַרטיי־אַרבעט? האָט ער עטלעכע מאָל געענטפערט מיט געציילטע שורות, ביז ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו שרייבן צום טאַטן, איבערצייגט, אַז זיין פּאַרטיי־אַרבעט איז וויכטיקער.

אַליין צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט, האָט ער זיך פאַרליבט אין איינער פון זיינע פיל באַקאַנטע מיידלעך. חנהלעס עלטערן האָבן דווקא געוואָלט אַ חופּה, אָבער אהרעלע, אָדער אַלבערטאָ, ווי מען האָט אים דאָ גערופן, וועט דאָך נישט גיין האַנדלען קעגן זיינע פּרינציפּן. די מחלוקה האָט אָנגעהאַלטן אַ יאָר צייט, ביז חנהלע איז געוואָרן שוואַנגער און אירע עלטערן האָבן שוין באין־ברירה מסכים געווען, אַז זי זאָל מיט אים כאָטש אַרויסנעמען אַ חתונה־ביכל אין ציוויל־רעגיסטער.

אַלבערטאָ האָט גוט פאַרדינט. ער האָט זיך לויט די דעמאָלטיקע פאַר־העלטענישן גאַנץ־פיין איינגעאָרדנט אין אַ שיינער סאַלע. ער האָט אָבער גע־האַט ווייניק צייט צו געניסן פון זיין שיינער היים, ווייל די פּאַרטיי־אַרבעט האָט געברענט. עס איז געווען אין דער צייט, ווען דער „בעזבאָזשניק" האָט געפאָדערט אַנטי־רעליגיעזע מעשים און מען האָט באַדאַרפט גרייטן אַנטי־רעליגיעזע אַקטן. און גראָד דעמאָלט האָט חנהלע אים געבוירן אַ זונדל.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן אַלבערטאָן און חנהלעס על־טערן. כאָטש דערוויטערטע פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, האָבן זיי אָבער אַלץ געהאַלטן פון די הויפּט־עיקרים, וואָס אַ ייד מוז אָפּהיטן, און זיי האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל מאַכן אַ ברית אַזוי ווי ביי לייטן.

אַלבערטאָ איז אָבער אויך דעם נסיון בייגעקומען:

— זאָלן זיי זיך ברוגזן! ער וועט צוליב זיין חנהלעס זאַבאָבאָנע עלטערן נישט אויסשטעלן זיך אויף חוזק פאַר זיינע חברים און ער וועט נישט ברעכן זיינע פרייהייטלעכע אַנטי־רעליגיעזע פּרינציפּן, נאָר פאַרקערט, ער מוז דינען אַלס מוסטער פאַר דעם נאָענטן אַנטי־רעליגיעזן יום־כיפּור־אַקט, ווי אַזוי אַ קלאַסן־באַוווסטזיניקער מענטש דאַרף האַנדלען...

אַלבערטאָ האָט שוין דעמאָלט נישט געזאָגט „ווי אַ קלאַסן־באַוווסטזיני־קער אַרבעטער" נאָר „ווי אַ קלאַסן־באַוווסטזיניקער מענטש", ווייל אויסער זיין פּאַרטיי־אַרבעט האָט ער שוין דעמאָלט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַליין עפּענען אַ טאַפּעשער פון מעבל, און אַז עס איז שוין גענוג דאָס האָרעווען און לאָזן זיך אויסנוצן פון יענעם... די הויפּטזאַך איז דאָך נאָר, אַז ער זאָל בלייבן

דער קלאַסן־באַוווסטזיניקער אַנטי־רעליגיעזער פרייהייט־קעמפער און דאָס וועט ער זיכער בלייבן אויף אייביק...

אין דער צייט האָט אַלבערטאָ באַקומען אַ בריוו פון דער אַלטער היים. דער בריוו האָט אים נישט געלאָזט רוען, נאָר געמאָנט אַן ענטפער.

***

דער בריוו איז געווען פון זיין שוועסטער מלכהלע, וואָס איז אַלט געווען ניין יאָר, ווען ער איז אַוועק קיין אַרגענטינע.

מלכהלע האָט אים געשריבן אַ האַרציק יידיש בריוול. זי וויינט זיך אויס פאַר אים, אַז דער טאַטע איז געבליבן אָן תלמידים. די קינדער לערנען היינט אין די מאָדערנע יידישע שולן, און זי אַליין לערנט אויך אין אַ יידיש־העברעיִ־שער שול, אָבער:

— מיר גייען אויס פון דחקות און וואָס פאַר אַ תכלית קאָן איך דער־וואַרטן אין דעם היינטיקן פוילן? מיר האָבן דאָ געהערט, אַז אויך פרומע יידן קאָנען אין בוענאָס־איירעס פאַרדינען אויף ברויט און איך קאָן נייען, בעט איך דיך, העלף אונדז, אַז מיר זאָלן קענען קומען צו דיר...

דאָס בריוול פון זיין שוועסטער האָט אויף אַלבערטאָן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט באַלד געענטפערט, און נאָך עטלעכע חדשים איבערשרייבן זיך האָט ער אַוועקגעשיקט צוויי שיפסקאַרטן פאַר זיין פאָטער און פאַר מלכה־לען, און אַ קורצע צייט שפּעטער זענען זיי געקומען צו פאָרן.

ווען ר׳ יואל מיט מלכהלען זענען אַראָפּ פון שיף, און אַלבערטאָ האָט געזען, ווי זיין פאָטער, וואָס איז נאָך קיין פופציק יאָר נישט אַלט, איז שוין אינגאַנצן גרוי און אַזוי געבויגן, האָט ער זיך נישט געקאָנט באַהערשן; ער האָט אים אַרומגעכאַפּט און זיך צעוויינט. מלכהלען, זיין שיין שוועסטערל, האָט ער אַרומגעכאַפּט און זי לאַנג געקושט.

פאָרנדיק מיט אַן אויטאָ אַהיים, האָט אַלבערטאָ געגלעט דעם טאַטנס האַנט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט שוין פאַר אים גרייט אַ דירה, און אַז עס וועט אים דאָ גאָרנישט פעלן, נאָר איצט פירט ער זיי צו זיך אַהיים.

— וועט איר זען מיין חנהלען און אונדזער זונדל, וואָס דאַרף באַלד ווערן אַ יאָר אַלט.

ר׳ יואל האָט זיך געווישט די טרערן און זיינע ליפּן האָבן שטיל גע־שעפּטשעט:

— ענדלעך זיך דערלעבט אַ ביסל נחת...

אָבער דער נחת האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

חנהלע, אָדער כואַנאַ, האָט זיי זייער וואַרעם אויפגענומען. דער טיש איז געווען געדעקט און אָנגעשטעלט מיט שנאַפּסן און איינגעמאַכצן, דער קליינער פעדריטאָ האָט געשיינט אין דעם נייעם אָנצוגל, און, ווי נאָר ר׳ יואל האָט אים

געגומען אויף די הענט, האָט זיך דער קליינער געגומען שפּילן מיט זיין באָרד. האָט ר׳ יואל געווישט די טרערן און אַ תפילה האָט געציטערט אין זיין האַרצן:

— עס זאָל מיר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן...

גאַנצע צוויי שעה האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ר׳ יואלס פריידּ. אָבער פּלוצים איז עפּעס געשען, וואָס האָט אויסגעשפּרייט אַ טיפן פינצטערן תהום צווישן ר׳ יואלן און זיין זון.

חנהלע האָט דעם קליינעם פּעדריטאָ אויסגעטאָן דאָס אַנצוגל צום לייגן אים „סיעסטאַ״ און דאָס קינד האָט זיך אין בלויזן העמדל געריסן צום זיידן. און וועלנדיק נעמען דאָס קינד אויף די הענט, האָט ר׳ יואל דערזען, אַז דאָס קינד איז נישט געמלט.

אויפן ערשטן מאָמענט איז די שטוב געוואָרן איין שטיק פינצטערניש, וואָס האָט זיך גענומען דרייען פאַר ר׳ יואלס אויגן, און ער האָט געוואָלט פאַלן, פאַלן אין דעם פינצטערן תהום אַריין. אָבער פּלוצים האָבן זיך איבערמענטש־לעכע כוחות אַ שפּאַר געטון אין אַלע זיינע אברים. ר׳ יואל האָט זיך אויסגע־גלייכט און אַ געשטרעקטער באַפעלעריש אַ רוף געטון:

— מלכהלע! קום! מיר מוזן שוין גיין פון דאַנען! מיר מוזן אַנטלויפן פון דאַנען!...

און נישט דערקלערנדיק דער פאַרוווּנדעטער מלכהלען די סיבה פון זיין פּלוצימדיקן באַשלוס, האָט ער זי אָנגענומען פאַר אַ האַנט און זי אַרויסגעפירט פון הויז.

אַלבערטאָ איז נאָכגעלאָפן. חנהלע, וועלכע האָט באַמערקט די געשעע־ניש און פאַרשטאַנען די סיבה פון ר׳ יואלס אַנטלויפן האָט געוויינט. אָבער ר׳ יואל, נישט וויסנדיק אַפילו ווי צו שטעלן דעם ערשטן טראָט אין דער גרויסער, ווייטער, פרעמדער שטאָט, האָט אַפילו נישט געוואָלט קוקן צו זיין זונס זייט. ער איז אַוועק איבער דער לאַנגער גאַס און כסדר געשריגן:

— זאָל ער זיך קיינמאָל מער נישט ווייזן פאַר מיינע אויגן!...

און זעקס און צוואַנציק יאָר זענען אַריבער זינט דעם טאָג, ווען דער פינצטערער תהום האָט פונאַנדערגעטיילט פאָטער און זון.

**
*

אויך נאָך די געשעענישן מיטן פאָטער האָט אַלבערטאָ אין זיין פּאַרטיי־אַרבעט אַ טרייסט געפונען. ערגעץ אין אַ ווינקל פון זיך הינטערבאַוווּסטזיין האָט ער צומאָל געפילט אַ שטיקל ווייטיק, נאָר די דעמאָלט־הערשנדיקע אַנטי־קלעריקאַלע לאָזונגען האָבן דעם ווייטיק פאַרטויבט.

אָבער יאָרן זענען געגאַנגען און נייע יאָרן זענען געקומען. אַלבערטאָ האָט שוין געהאַט אַן אייגענע מעבל־פאַבריק און שוין אַליין עקספּלואַטירט

אַרבעטער. ער האָט שוין, ווי אַ סך פון זיינע צייט־חברים אָנגעהויבן טענהן, אַז דאָס טוט ער, כדי די אַרבעטער זאָלן פילן און קעמפן קעגן די אומגערעכ־טיקייטן לגבי זיי. שפּעטער, הגם ער האָט זיך אַלץ געהאַלטן אַלס לינקער, האָט ער אָבער אָנגעהויבן איינזען, אַז אַ וועלט קאָן מען נישט גלאַט אַזוי ענ־דערן, אַז באַלעבאָס איז באַלעבאָס און אַרבעטער איז אַרבעטער און אַז אַ באַ־לעבאָס דאַרף פירן אַ באַלעבאַטיש לעבן און ווערן מיט לייטן גלייך...

און ער איז פּאַמעלעך געוואָרן מיט לייטן גלייך.

כּואָנאַ האָט אים געבוירן נאָך צוויי קינדער, צום גליק — מיידלעך, אַזוי אַז ער האָט נישט געדאַרפט קומען צו אַ נייעם נסיון. פּעדריטאָ איז געוואַקסן שיין און געראָטן, געגאַנגען אין שול, שפּעטער אין „נאַסיאָנאַל" און ענדלעך איז ער אָנגעקומען אין מעדיצינישן פאַקולטעט און אַלבערטאָ האָט פון אַלץ אַרום געהאַט נחת. בלויז איין זאַך האָט אים פון צייט צו צייט באַאומרויקט: דאָס איז געווען זיין אַלטער פאָטער.

ער האָט זיך שוין פון לאַנג געהאַט דערוווּסט, אַז דער פאָטער איז גע־וואָרן אַ שמש אין אַ שול פון אַ וויטער פּראָווינץ־שטאָט. ער האָט געפּרוּווט שרייבן, אָבער קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען, און דאָס האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו שפּרייטן אַ שאָטן איבער זיין געמיט.

אַפילו אויף זיין מזל־טוב־בריוול צו דער שוועסטערס חתונה, האָט אים דער פאָטער נישט געענטפערט און די צייט האָט דעם תהום צווישן פאָטער און זון נאָך מער פאַרטיפט. אָבער לעבן איז לעבן און גוט לעבן איז אַוודאי לעבן, האָט זיך אַלבערטאָ אָנגעהויבן באַגנוגענען דערמיט, וואָס ער האָט זיך דורכ־געשריבן מיט זיין שוועסטער מלכּהלע, און שוין.

אין פאַקולטעט איז פּעדריטאָ דורכגעקומען איין עקזאַמען נאָך דעם צווייטן; באַלד וועט ער האָבן דערגרייכט זיין קאַריערע. טאַטע־מאַמע זענען גליקלעך; זיי טראַכטן שוין וועגן אַ גוטן שידוך און עס זענען דאָך דאָ אַזוי פיל שיינע מיידלעך, וואָס לויערן אויף זייער פּעדריטאָ, אויף זייער „נענע", ווי זיי רופן אים מיט ליבשאַפט. אָך, די צייטן פון אַמאָל זענען דאָך שוין לאַנג אַריבער; פאַר אים, פאַר זייער זונדל, וועלן זיי פּראַווען אַ תנאים און אַ חתונה, אַז די שטאָט וועט גיין כאַדאַראָם!...

אָבער פּעדריטאָ לאַכט:

— ניין, די אַלע מיידלעך געפעלן אים נישט... ער האָט שוין אַ מיידל און זי האָט ער ליב און... ער ווייסט נישט, צי זיי וועלן זיין צופרידן... אַזוי איז עס... ער האָט זי ליב און נאָר זי...

ביי אַלבערטאָן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין האַרצן.

— וואָס? וואָס מיינסטו? רעד ווערטער, איך זאָל דיך פאַרשטיין...

— איך האָב מורא, אַז פּאַפּאַ וועט מיך נישט וועלן פאַרשטיין... איך האָב ליב אַ מיידל, אַ קריסטין...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע צווישן פאָטער און זון, וואָס האָט זיך געצויגן וואָכן לאַנג. אַלע אַרגומענטן, מיט וועלכע דער פאָטער האָט געזוכט צו איבערצייגן זיין זון אַז זיין וועג איז אַ שלעכטער, אַ נישט־ריכטיקער, זענען לייכט צעשלאָגן געוואָרן פון זיין זונס ענטפער, און איין אַרגומענט פון זיין זון האָט דעם פאָטער אינגאַנצן צעשמעטערט:

— אייגנטלעך פאַרשטיי איך נישט, וואָס פּאַפּאַ האָט טענות צו מיר! בין איך דען אַ ייִד? ווייס איך אַ סך פון ייִדיש לעבן? אַפילו דעם איינציקן צייכן, וואָס אַלע מיינע ייִדישע קאָלעגן האָבן אַלס ייִדן, האָב איך דאָך אויך נישט. טאָ וואָס פאַר אַ טענות קאָן פּאַפּאַ האָבן צו מיר?

אַלבערטאָ האָט זיך געפילט אוממעכטיק קעגן זונס לעצטן אַרגומענט און ער האָט אָנגעהויבן שליסן שלום מיט דעם גורל. ער האָט בלויז געוואָרט צו זען, ווען זיין זון האָט זיך עס אויסגעקליבן ליב צו האָבן, צי איז זי טאַקע שענער פון אַלע ייִדישע מיידלעך, וואָס לויערן אויף אים.

און עס איז געשען.

עס איז געווען כּוואַנאַס געבורטסטאָג. פּעדריטאָ האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט געבראַכט זיין מיידל, כּדי פאָרצושטעלן זי פאַר זיינע עלטערן.

מאַריאַ־לויִסאַ, טאַקע אַ זייער שיין מיידל, נאָר ווען זי איז אַריינגעקומען און אַלבערטאָ האָט זי דערזען, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. עפּעס איז מיט אים געשען כּמעט דאָס זעלבע, וואָס מיט זיין פרומען פאָטער, ווען ער האָט דערזען, אַז זיין אייניקל איז נישט געמלט: ער האָט דערזען אויף מאַריאַ־לויִסאַס האַרץ הענגען אַ גאָלדענעם צלם מיט אַ קרוציפיקס...

***

— ניין! ניין! דאָס נישט!...

אַלבערטאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ היינערפלעט:

— דאָס נישט! אויב נישט אונדזער אַלטער גאָט, איז קיין צלם מיט אַ קרוציפיקס אַוודאי נישט!...

דער פרימאָרגן האָט זיך שוין אַריינגעריסן אין באַן־פענצטערל, אָט־אָט, נאָך אַ שעה און ער וועט זיין ביי זיין ציל. און איצט האָט ער אָנגעהויבן איבער־צופילן דאָס זעלביקע געפיל ווי נעכטן, בעת ער האָט דערזען זיין זונדלס כלה מיט דעם צלם אויפן האַרץ.

קיין אַרגומענטן פאַר זיין זון האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך געפילט צעבראָכן. און פונקט ווי זיין פאָטער אַמאָל, מיט 26 יאָר צוריק, אַזוי איז ער אויך באַהערשט געוואָרן מיט איבערנאַטירלעכע כּוחות און ער איז אַרויס פון שטוב. אָבער ער איז נישט אַרויס אַזוי ווי זיין פאָטער, אַ גייסטיק־שטאַרקער, אַ גערעכטער, — נאָר אַ צעבראָכענער און אַ זינדיקער.

אין זיין געבראָכנקייט האָט ער אויף שנעל באַשלאָסן צו פאָרן צו זיין אַלטן טאַטן, פאַלן אים צו די פיס און בעטן ער זאָל אים מוחל זיין, זיין זינדיק, נאַריש לעבן און זאָל אים נאָר דער פאָטער מוחל זיין וועט ער... וועט ער...

נאָך אַ לאַנגן גרעלן פייף האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט. אַלבערטאָ איז געקומען צום ציל.

---

אַלבערטאָ איז געקומען צום פאָטער אַ ביסל צו שפּעט.

ער האָט אים געטראָפן ליגנדיק אין בעט אין גסיסה־צושטאַנד. און ווען ער איז צוגעפאַלן צום בעטן און אויסגערופן „טאַטע״! האָט דער שטאַרבנדיקער פאָטער פלוצים אויפגעריסן די אויגן, אַ גלאָץ־געטון מיט זיי אויף זיין זון, און באַלד האָט זיך איין אויג ביי דעם גוסס האַלב־פאַרמאַכט און דאָס וואַקסענע געלע פּנים האָט באַקומען דאָס אויסזען, ווי עס וואָלט זיך צעשמייכלט מיט חוזק. און נאָך אַ לעצטן צאַפּל, איז דאָס חוזק־שמייכעלע אויף דעם געשטאָר־בענעמס פּנים געבליבן פאַרגליווערט.

אַלבערטאָ איז צוגעפאַלן צום פאָטערס בעט און שלאָגנדיק זיך אין האַרצן האָט ער אויסגעשריגן:

— זיי מיר מוחל, טאַטע, זיי מיר מוחל, טאַטע!...

ר׳ יואל האָט אים מער נישט געקאָנט ענטפערן, נאָר זיין טויט פּנים מיט איין אויג אָפן און דאָס צווייטע האַלב־פאַרמאַכט, האָט געענטפערט מיט זיין פאַרגליווערטן חוזק־שמייכעלע...



# מיט אַ קוש פון גאָט...

.1

אַ שטראַל פון דער זון וואָס האָט זיך דורכגעריסן דורך אַ שפּאַלט פון די נישט־אײַנגאַנצן פאַרצויגענע גאַרדינען, האָט דורכגעבלענדט מיט ליכטי־קייט דורך דעם אַלטן דאָן בערנאַרדאָס אויגן־לעפּלעך און אים אויפגעוועקט פון שלאָף.

עס קען זײַן, אַז ער האָט גראָד אין דעם מאָמענט געהאַט אַ גוטן חלום, ווײַל ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט אַ שמייכל געשוועבט אויף זײַן פּנים און דער שמייכל האָט זיך נאָך מער אויסגעברייטערט אויף זײַן ברייטן קײַלעכדיקן פּנים, ווען ער האָט אַ קוק געטון אויף דעם שײַן־געשניצטן זייל־אַרטיקן זייגער וואָס איז געשטאַנען אַזוי הויך געשטרעקט קעגן זײַן בעט, אין ווינקל פון שלאָפצימער און ער האָט געזען אַז עס איז שוין באַלד נײַן אַזייגער.

— נו, שוין צײַט אויפצושטיין.

אינסטינקטיוו, אַזוי ווי עס האָט לעצטנס עטלעכע מאָל געטראָפן, האָט ער אַ שאַר־געטון מיט דער האַנט איבער דער צווייטער העלפט פון דעם ברייטן בעט און באַלד האָט ער אַ כאַפּ צוריק געגעבן די האַנט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט דאָרט שוין גאָרנישט מער וואָס צו זוכן... פּערעלע איז מער נישטאָ... נישט באַשערט געווען איר דער נחת מיטצופרייען זיך נעכטן בײַ איר אייניקלס בר־מצוה יום־טוב... אַ שאָד...

ווי וועלנדיק פאַרטרײַבן טריבע געדאַנקען, האָט ער זיך ראַפּטום גלײַך־געזעצט און אַראָפּגעשטעלט די פיס פון בעט, אַרײַנגערוקט זיי אין די פײַנע זאַמשענע לעטשלעך און איז אַזוי געבליבן זיצן. די טריבע געדאַנקען האָבן אים פאַרהאַלטן, זיי האָבן אַראָפּגעווישט פון זײַן פּנים דעם שמייכל און ער איז אַזוי געבליבן זיצן אַ לענגערע ווײַלע.

— אַ שאָד, באמת אַ שאָד... פּונקט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס רעכטע געדיכטע לעבן, האָט זי נעבעך אָנגעהויבן קרענקען און קרענקען און שוין... נישטאָ מער פּערליטאַ... נישט דערלעבט קאַרליטאָסעס בר־מצוה... פּערליטאַ... קאַרליטאָס... וואָס פאַר אַ פּערליטאַ? זײַן פּערעלע! וואָס פאַר אַ קאַרליטאָס? זײַן קאַלמעלע!...

און דער אַלטער בערנאַרדאָ דערמאָנט זיך איצטער ווי זײַן אייניקל האָט אים אַלעמאָל גערופן — „זיידעלע". זיידעלע. ער איז נאָך געווען אַ קינד

פון אַ צוויי־דריי יאָר, האָט ער אים גענומען אויף דער שויס און אים געזאָגט „קאַלמעלע״... וואָס בין איך דיינס? און דער פּיטשינקער קאַלמעלע האָט אים געענטפערט: — זיידעלע!... מיין זיידעלע!...

שפּעטער, ווען קאַרליטאָס איז שוין געגאַנגען אין שול, אינדערפרי — אין דער שפּאַנישער און נאָכמיטאָג — אין דער יידישער, האָט ער געהאַט אַ סך שפּאַס מיט דעם קינד; אַז ער האָט גערופן „קאַרליטאָס״, האָט ער אים געענטפערט: „אַבועליטאָ״... עפּעס האָט ער נישט געפילט קיין שום טעם אין דעם וואָרט... „אַבועליטאָ״... און ער האָט נאָכאַמאָל אַ זאָג־געטון: — וואָס בין איך דיינס, קאַלמעלע? — מיין זיידעלע!...

דער שמייכל האָט זיך צוריק אויסגעשפּרייט איבער בערנאַרדאָס פּנים און ער איז אויפגעשטאַנען.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַ שלעפּ־געטון דעם שנור און עס האָבן זיך צערוקט די גאַרדינען פון דעם ברייטן פענצטער, דורך וועלכן עס האָט זיך אַריינגעריסן אַ ים פון ליכטיקייט דורכגעוועבט מיט גאָלדיקע זון־שטראַלן.

דער שפּעט־פרילינגדיקער צעשטראַלטער פרימאָרגן האָט זיך ווי צו־נויפגעגאָסן מיט בערנאַרדאָס צעשמייכלטן געמיט און זעענדיק דורכן פענצ־טער די הויכע גרין־צעוואַקסענעביימער פון זיין גאָרטן, ווי די בלעטלעך באַוועגן זיך קוים, האָט בערנאַרדאָ אַ טראַכט געטון:

— גוט אַזוי. שוין גענוג שטורעם־וועטערן מיטגעמאַכט אין מיין לעבן... גענוג...

.2

ווי אַ סך, אַ סך עמיגראַנטן, האָט זיך בערקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען און שחיטות אויף יידן סיי מצד די פּאַליאַקן ווי מצד די אוקראַינער, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יונגע האָרעפּאַשנע מענטשן אַרויסגעריסן פון דעם קליינעם שטעטל און נאָך אַ סך וואָגלענישן, איז ער ענדלעך אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס.

אינדערהיים האָט בערקע געלאָזן זיין פּערעלע מיט דריי קינדער, יאָ־סעלען אויפן דרייצנטן יאָר, זעלדעלען — צען און חנהלען — קוים זיבן יאָר אַלט.

די ערשטע צייט, האָט בערקע דאָ געליטן הונגער און נויט. קיין פאַך האָט ער נישט געהאַט, האָט ער זיך געמאָלדן צו די שווערסטע אַרבעטן ביים פּאָרט, פּשוט אַלס טרעגער; ער האָט געאַרבעט ביי וואַשן פלעשער אין אַ ביר־ברויעריי און די אַרבעט האָט געמוזט צוגיין אַזוי שנעל, אַז ער האָט זיך יעדן טאָג צעקאַליעטשעט די הענט ביי די צעבראָכענע פלעשער; ער איז געווען אַ נאַכט־וועכטער אין אַ פאַבריק; ער האָט געטראָגן ציגל ביי אַ געביי;

ער איז געפֿאָרן קיין ענטרע־ריאָס צום שניט אויף די ייִדישע פֿעלדער פֿון באַראָן הירש און טאַקע פֿון די דאָרטיקע אָפּשפּאָרונגען, האָט ער געהאַט אַוועקצושיקן די ערשטע עטלעכע דאָלער צו פֿערעלען און זיינע קינדער אין דער אַלטער היים.

— אָ, אַ סך שטורעמס איבערגעלעבט!...

אַט שטייגן אויף די נעכט וועלכע ער איז איבערגעקומען אויף אַ באַנק ערגעץ אויף אַ פּלאַסע; אַט איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿאַר הילף, וווּ ער באַקומט אַ „וואַלע" אויף עטלעכע אומזיסטיקע מיטאָגן אין הכנסת־אורחים... איז עס דער זעלבער בערקע? אַט שטייט ער דאָ אין זיין רייכער היים, אין זיין רעזידענץ, און ער קוקט אַרויס צו זיין שיין־צעגרינטן גאָרטן און אויב עס איז אים נישט באַשערט געווען צו פּראַווען זיין יאָסעלעס בר־מצוה, ער האָט געמוזט עוקר זיין פֿון דער היים, האָט ער דערפֿאַר נעכטן געהאַט די זכיה צו פּראַווען זיין אייניקלס בר־מצוה־יום־טוב און הערן זיינע דריי הייליקע רעדעס: אויף ייִדיש, שפּאַניש און העברעיִש...

בערנאַרדאָ קוקט אַרויס דורכן פֿענצטער, אָבער ער זעט איצט גאָרנישט. די אויגן זענען אים פֿאַרלאָפֿן פֿון טרערן, טרערן פֿון נחת און פֿון פֿרייד...

— אָ, אַ סך שטורעמס איבערגעלעבט...

פֿינף יאָר האָט געדויערט ביז ער האָט באַוויזן צו שיקן אַ שיפֿסקאַרטע נאָך זיין זונדל, נאָך יאָסעלען. ער האָט געוווּסט, אַז יאָסעלע האָט געקרענקט נאָך זיין אַוועקפֿאָרן, אָבער ער איז געקומען צו זיך, ווען די מאַמע האָט באַקומען פֿון טאַטן געלט און זי האָט אים אָנגעהויבן בעסער דערנערן... פֿונדעסטוועגן האָט ער אים נישט געוואָלט אַוועקגעבן צו קיין שווערער אַרבעט, ער האָט אים אַריינגעגעבן צו אַ גאָלדשמידט אויף דער לער, פֿאַר אַ צוואַנציק פּעזאָקעס אַ חודש...

ערשט אַ צוויי יאָר שפּעטער האָט ער אַריבערגעבראַכט פֿערעלען מיט זעלדעלען און חנהלען. ער האָט שוין געהאַט אויסגעלערנט נייען הויזן מיט וועסטלעך און ער האָט אַהיימגענומען די אַרבעט, עס האָבן אים געהאָלפֿן זיין ווייב, פֿערעלע און די קינדער, ווי יונג זעלדעלע איז נאָך געווען און ווי קליין עס איז נאָך געווען חנהלע. האָבן זיי אים געהאָלפֿן נייען קנעפּלעך, פֿאַרבייגן די זוימען און ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסן ביי דער מאַשין און די קינדער האָבן געהאָלפֿן אַז די אַרבעט זאָל זיין פֿאַרטיק צו דער צייט...

— אָ, אַ סך שטורעמס איבערגעלעבט!...

די קינדער האָבן אָנגעהויבן קרענקן... געמוזט שטיין לאָזן די סאַלע און איבערקלייבן זיך אין אַ פֿינצטער שטיבל פֿון אַ „קאָנווענטיזשע"... געליטן נויט... און פּלוצים האָט די זון אָנגעהויבן שיינען, אַט אַזוי ווי איצט, ווען ער שטייט ביי דעם ברייטן פֿענצטער פֿון זיין רעזידענץ...

זיין יאָסעלע האָט אַהיימגעבראַכט אַ מאַשינדל און אָנגעהויבן אַרבעטן אין שטוב און באַלד האָט מען זיך ווידער אַריבערגעקליבן אין אַ סאַלע, פון דער סאַלע איז געוואָרן אַ הייפל, עס איז שוין געווען נאָך אַ מאַשין און נאָך אַ מאַשין, עס האָבן שוין געאַרבעט געזעלן, אָדער ווי מען רופט זיי דאָ, „אָפּיסיאַלן" און „מעדיאַ־אָפּיסיאַלן" און כסדר איז עס געגאַנגען בעסער און בעסער און ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן גיין גאָר גוט, האָט פּערעלע אָנ־געהויבן קרענקען, זי האָט בלויז דערלעבט יאָסעלעס חתונה, געטאַנצט און געפרייט זיך און אַ פּאָר וואָכן שפּעטער — נישטאָ מער...

— שווערע צייטן איבערגעלעבט!...

זעלדעלע שטייט אין שידוכים, חנהלע לערנט אין „ליסעאָ", ווי קען מען זיי אַריינברענגען אַ שטיפמאַמע אין שטוב?

בערנאַרדאָ וויל וועגן דער צייט נישט טראַכטן. נאָך אַלעם, איז בעסער אַזוי. אַבי זעלדעלע און חנהלע האָבן שוין חתונה געהאַט, זעלדעלע האָט שוין צוויי קינדערלעך ווי גאָלד, און חנהלע וואָס האָט אַ מאַן אַן אינזשיניער, איז שוין אויך אין די הויכע חדשים און אַלע צוזאַמען האָבן זיך נעכטן געפרייט אויף קאַרליטאָסעס בר־מצוה יום־טוב און געפּאַטשט בראַוואָ נאָך יעדער רעדע, וואָס די ווערטער זענען ווערט געווען מיט גאָלד צו באַצאָלן!...

און בערנאַרדאָ דערמאָנט זיך, אַז דער לערער וואָס האָט זיין אייניקל אויסגעלערנט די דריי בר־מצוה־רעדעס, הייסט פּונקט אַזוי ווי זיין אייניקל. קאַלמעלע... קאַלמעלע... ווי ער האָט אים דאָס אויסגעלערנט די ברכות פאַר דער תורה!... אָ, דער זיידעלע וועט דערפאַר גוט באַצאָלן!... אַ חוץ דעם וואָס ער האָט אים צוגעזאָגט, וועט ער דעם קאַלמעלע מוזן געבן אַ שיינע טייערע מתנה!... ער פאַרדינט עס כשר...

ווידער זענען אים די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן, ער האָט גאָרנישט געזען, אָבער זיין פּנים און זיין גאַנץ וועזן האָט ארויסגעשמייכלט צו דעם שיין־צעשטראַלטן שפּעט־פרילינגדיקן פרימאָרגן...

.3

פּונקט עלף אַזייגער, אַזוי ווי עס איז געווען אָפּגערעדט, איז כאָסע גע־קומען מיט זיין זונדל, דעם בר־מצוה־בחור כדי צו פאָרן צוזאַמען מיטן טאַטן און זיידן דערליידיקן די אַלע פאַרפליכטונגען וואָס זיי האָבן נעכטן, בעתן יום־טוב, גענומען אויף זיך.

בערנאַרדאָ האָט שוין געוואַרט אַ גרייטער צום גיין, אָבער דערזעענדיק זיין אייניקל ווי ער גייט שטאָלץ אין דעם נייעם אָנצוג מיט די לאַנגע הויזן, האָט זיך אין זיין געמיט אַ צעשפּיל־געטון אַ כוואַליע פון פרייד און ער האָט אַרומגעכאַפּט קאַרליטאָסן און אים געגומען קושן.

כאָסע האָט אַרויסגענומען די ליסטע מיט די פּאַרצייכנטע באַשטייע־רונגען וואָס ער האָט נעכטן געמאָלדן און געוויזן דעם פּאָטער.

בערנאַרדאָ האָט אָנגעטאָן די ברילן, אַרויסגענומען זייך פּולפּעדער און אָנגעהויבן אויסבעסערן.

— שפּיטאָל... פּרעג ביי זעלדעלען, ווען זי איז נישט היינט געדאַכט, דאָרט געלעגן... מען דאַרף געבן מער... הכנסת אורחים? פּרעג ביי מיר... די מיטאָגן וואָס איך האָב דאָרט באַקומען, האָבן מיר דערהאַלטן דאָס לעבן... ביקור חולים... מושב־זקנים און בית־יתומים... ביי יעדער שורה האָט בער־נאַרדאָ אויסגעבעסערט אויף אַ פּאַרגרעסערטער ציפער, אַזוי ביין אינסטיטו־ציעס, אַ חוץ קרן־קימת און פּאַראייניקטער קאַמפּיין פאַר מדינת ישראל, ווו ער האָט פּאַרדאָפּלט די אָנגעצייכנטע סומעס.

פּאַרענדיקט די אַרבעט, האָט ער מיטן טאַשנטיכל אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און אַ קוק־געטון אויפן זון:

— און דו שוויג. טו ווי דער טאַטע הייסט און איך זאָג דיר, אַז דו כאַפּסט אַ גרויסע מציאה. הלוואי, וואָלט עס אויך די מאַמע דערלעבט, וואָלט איך גרייט געווען צו באַצאָלן נאָך מערער... ער האָט אַ וויש־געטון אַ טרער פון אויג און זיך פּלוצים דערמאָנט: — יאָ, דעם לערער דאַרפסטו פּאַרציי־כענען: האָסט געהערט די רעדעס וואָס ער האָט אים אויסגעלערנט? אַ נו, קאַלמעלע, קום נאָר אַהער, הייב אָן, זאָג נאָכאַמאָל: — „פון היינט אָן", נו זאָג... און דאָס אייניקל האָט פּאַרענדיקט: — „הייב איך אָן טראָגן אויף זיך די אחריות אַלס מענטש און אַלס נאַציאָנאַלער ייִד!"...

ווידער האָט דער זיידע אַרומגעכאַפּט זיין אייניקל און אים געדריקט צום האַרצן און ענדלעך האָבן זיי זיך געלאָזט גיין, אָבער ביי דער טיר האָט זיך בערנאַרדאָ דערמאָנט אָן עפּעס און ער איז צוריק אַריין אין זיין „עסקריי־טאָריע", אַרויסגענומען פון טיש־קעסטל אַ טשעק־ביכל און געלייגט אין בוזעם־קעשענע, מיטן געדאַנק, אַז עס וועט צונויץ קומען און מינוטן שפּע־טער איז ער שוין געזעסן אין זיין זונס שיינעם נייעם קאַטש פון לעצטן מאָדעל.

ער איז געזעסן צוזאַמען מיט קאַרליטאָסן, מיט זיין אייניקל, דעם בר־מצוה־בחור, וואָס טראָגט שוין לאַנגע הויזן און האָט שוין גענומען אויף זיך די אחריות אַלס מענטש און נאַציאָנאַלער ייִד...

**.4**

עס קען זיין, אַז בערנאַרדאָ האָט שוין פון לאַנג עפּעס געליטן אויף אַ שלאַפקייט פון ווּלכער ער האָט אַפילו נישט געוווּסט און עס קען אויך זיין, אַז בלויז די שטאַרקע עמאָציעס פון נעכטן בעתן יום־טוב און היינט בעתן איבערגעבן אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג די ליסטע מיט די דאָנאַ־ציאָנעס און דעם זונס אָנשרייבן די פולע סומע לויט זיינע אויסגעבעסערטע

ציפערן, האָבן פּלוצים אַזוי צעטרייסלט זיין געמיט; ער האָט נאָך בלויז באַ־וויזן אַרויסצונעמען זיין אייגענעם טשעק־ביכל און אויסשרייבן אַ טשעק, ווען עס האָט אים עפּעס אַ דריק־געטון אין דער ברוסט. פאַר די אויגן האָבן אָנגעהויבן פליִען פונקען, אַזוי ווי שטערנדלעך. ער האָט זיך אַ שפאַר אָן גע־געבן אָן דעם אַקסל פון זיין אייניקל און געפאַלן אויף אים.

איצט ליגט ער אין זיין בעט. עס טוט אים גאָרנישט ווי און ער וויל עפענען די אויגן, נאָר ער קען נישט. עפּעס פעלט אים דער כוח צו מאַכן די אָנשטרענגונג אויף צו עפענען די אויגן... ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר אויך רעדן קען ער נישט. ער וויל זיך דערמאָנען וואָס מיט אים איז געשען, נאָר עפּעס מישט זיך ביי אים אין מוח און ער זעט אין געדאַנק זאַכן וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געזען. ער זעט די כותל־מערבי, ער זעט די הייליקע שטאָט ירושלים אַ באַגאָסענע פון גאָלדיקע זון־שטראַלן, ער זעט די מאַמע רחלס קבר, ער זעט דאָס אַלץ אַזוי ענלעך צו די בילדער וואָס ער האָט אַמאָל געזען אין זיין אייניקלס אַ ביכל... יאָ, אָט זעט ער זיין אייניקל, ער איז נאָך אַזאַ קליינינקער און ער זאָגט אים: — זיידעלע... און וואָס איז דאָס? פון רחלס קבר באַווייזט זיך עמעץ אין ווייסן געהילט... איז עס די מאַמע רחל? אָט וויקלט זיך אָפּ דאָס ווייסע און ער דערזעט פּערעלען... זיין פּערליטאַ... זי שמייכלט צו אים, זי ווינקט ביי דער מאַמע רחל אין דעם געמויערטן קבר... איז עס אַ חלום? איז די גאַנצע פרייד וואָס ער פילט אַרומשוועמען אין זיין האַרצן בלויז אַ חלום?... ווו געפינט ער זיך דאָס איצט? ווי קומט דאָ אַהער אַ ספר תורה? האַ? יאָ, ער הערט, זיין קאַלמעלע זאָגט די ברכות און באַלד דריקט ער זיך צו אים, צום זיידעלע און אָט איז אויך זיין זון, יאָסעלע, ער באַווייזט זיך פאַר אים אַזוי קליין, אַזוי ווי ער האָט אים אַמאָל איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים, נאָר ער וואַקסט אויס פאַר אים און ווערט כסדר גרע־סער און גרעסער... און אָט איז זעלדעלע, חנהלע און זייערע מענער... אַלע, אַלע זענען זיי דאָ... וואָס טוען זיי איצט דאָ? יאָ, מען פּראַוועט דאָך קאַלמעלעס בר־מצוה... אַזוי פיל מענטשן... שאַ... קאַלמעלע זאָגט די רעדע... ער זאָגט די העברעיִשע ווערטער און ער פאַרהיקעט זיך נישט קיין איין מאָל... שפּאַ־ניש... קאַרליטאָס רעדט שפּאַניש און זאָגט „אַבועליטאָ"... און אָט רעדט קאַלמעלע יִדיש: — „ווי מיין זיידעלע האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַ מענטש און אַ יִיד"...

און פּלוצים האָט בערנאַרדאָ געעפנט די אויגן און דערזען אַרום זיך זיינע קינדער, איידעמס און שנור און די אייניקלעך און צווישן זיי אַלע האָט אַרויסגעשיינט קאַלמעלע, דער בר־מצוה־בחור, וואָס איז געשטאַנען אַ גע־בויגענער, אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אויפן זיידנס טויטן־בעט און גע־מורמלט:

— זיידעלע... מיין זיידעלע...

# אַלטע בחורשאַפט

די ווייזערס אויפֿן ציפֿערבלאַט פֿון דעם שיין־געשניצטן הילצערנעם זייגער וואָס איז געשטאַנען אויף דאָן כאַימעס שרייב־טיש, האָבן שוין געוויזן צוועלף אַזייגער און אויסגלייכנדיק זיך מיט דעם סעקונדן־ווייזער וואָס האָט זיך דערנענטערט צו די „60״, האָבן די דריי ווייזערס צוזאַמען ווי אויסגע־שריגן צו דאָן כאַימע מיט אַן אויסרוף־צייכן!

אין שכנישן דעפּאַרטאַמענט האָט מען שוין לאַנג איינגעדרייט דעם ראַ־דיאָ, אַ סימן, אַז דאָס פּאָרל וואָס וווינט דאָרט, דער הויכער יונגערמאַן מיט די פּאַרשפּיצטע בלאָנדע וואָנצעלעך מיט זיין שיינע „מאַראַטשאַ״, שלאָפֿן שוין זייער נחתדיקן שלאָף. נאָר ער, דאָן כאַימע, זיצט נאָך אַלץ אַזוי ביי זיין שרייבטיש אויף דעם אַמעריקאַנער דריי־שטול, ער זיצט שוין אַזוי אַריבער צוויי שעה, ער פֿילט שוין אַ שווערקייט אין מוח און אַ מידקייט אין די ביי־נער, נאָר ער טראַכט נאָך אַפֿילו נישט צו גיין שלאָפֿן.

דערזעענדיק דעם אויסרוף־צייכן אויפֿן זייגער, האָט ער זיך ווי דער־מאָנט אָן עפּעס, אָבער אין זעלבן אויגנבליק האָט ער פֿאַרגעסן אין וואָס ער האָט זיך דערמאָנט, און וואָס שווערער עס איז אים אָנגעקומען זיך צו דער־מאָנען אָן וואָס דער אויסרוף־צייכן אויפֿן זייגער האָט אים דערמאָנט, אַלץ מער איז ער געוואָרן זיכערער, אַז דאָס איז געווען עפּעס גאָר וויכטיקס און ער מוז זיך עס דערמאָנען...

ער קוקט אויפֿן זייגער, דער גרויסער ווייזער האָט זיך שוין אָפּגערוקט היפּשלעך ווייט פֿון דער רוימישער צוועלף און עס פֿאַלט אים איין אַז ער וואָלט אפשר באַדאַרפֿט צוריקרוקן דעם ווייזער צו דער פּאָזיציע פֿון אויס־רוף־צייכן, אפשר וועט אים דער אויסרוף־צייכן אויפֿסניי דערמאָנען אין דעם וויכטיקן עפּעס. נאָר אָט פֿאַלט זיין בליק אויף די צוויי ביכלעך, וואָס ליגן פֿאַר אים אויפֿן שרייבטיש צעעפֿנט, אויף דער „סעדולע״ פֿון זיין אידענ־טיטעט און אויף זיין בירגער־ביכל. אויף די צעעפֿנטע בלעטלעך זענען פֿאַראַן שורות געשריבענע און שורות געדרוקטע, נאָר ער זעט אויף די בלעטלעך גאָרנישט מער ווי די אויסשרייענדיקע ציפֿער — 1896, דאָס יאָר פֿון זיין געבורט.

זאָל עס זיין דאָס וואָס ער האָט זיך דערמאָנט? ניין, עס איז נישט דאָס. דאָס געדענקט ער דאָך, וועגן דעם האָט ער זיך דאָך דאָ אָוועקגעזעצט

און צוליב דעם האָט ער דאָך דאָ אַרויסגעלייגט זײַנע צוויי דאָקומענטן און צוליב דעם שטייען דאָך דאָ אויפֿן שרײַבטיש די צוויי פֿלעשלעך וואָס ער האָט היינט געקויפֿט אין דעם גרויסן פּאַפּיר־געשעפֿט אין צענטער!...

דורך די אַריבער צוויי שעה ווי ער זיצט אַזוי ביים שרײַבטיש, האָט שוין דאָן כאַימע אַ צען מאָל געבומען די פֿלעשלעך אין דער האַנט, צוערשט אייגס און דערנאָך דאָס צווייטע, איבערגעלייענט דורך דעם פֿאַרגרעסער־גלאָז די דריבנע אותיות אויף די עטיקעטן און ער ווייסט שוין גענוי, וועלכע פּליסיקייט מען דאַרף באַנוצן פֿריִער און וועלכע שפּעטער, כּדי אויסצומעקן, אויסצולעשן און פֿאַרניכטן אַן אויפֿגעשריבן וואָרט, און אויף דעם פֿריי־געוואָרענעם ווייסן פּלאַץ אויפֿן פּאַפּיר, זאָל קענען אַרײַנגעשריבן ווערן אַן אַנדער וואָרט, וואָס קען אים אַ סך גרינגער מאַכן זיין סיטואַציע... יאָ, שוין אַ צענדליק מאָל האָט ער באַקוקט די פֿלעשלעך און געלייענט די אויפֿשריפֿטן, וואָס פֿאַרזיכערן אַז די שטאַרקסטע טינט מוז זיך אונטער־געבן און פֿאַרשווינדן פֿון פּאַפּיר אונטער דער ווירקונג פֿון די צוויי פֿלי־סיקע כעמישע שטאָפֿן און דאָך האָט ער איצט ווידער געוואָלט באַקוקן אַזאַ פֿלעשל, נאָר אַ שטאַרקער גערויש מיט אַ קוויטש פֿון אַ שנעל־פֿאַרהאַלטע־נעם אויטאָ אין גאַס, האָט אים דערמאָנט אין דעם עפּעס, אין דעם וויכטיקן עפּעס וואָס דער אויסרוף אויפֿן זייגער האָט אים פֿריִער געהאַט דערמאָנט און ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון שטול, אַ קוועטש געטון דאָס קנעפּל און אָנגעצונדן דעם שלאַנגן־אַרטיקן אויסגעבויגענעם לאָמפּ אויף זיין שרײַבטיש און צוגעגאַנגען ביז צו דער טיר, כּדי צו פֿאַרלעשן די ליכט פֿון דעם שיינעם קריסטאָלענעם הענג־לאָמפּ.

גייענדיק צו דער טיר, האָבן אים אַנטקעגנגעלויכטן די גאָלדענע רוקנס פֿון די ביכער, וואָס האָבן אַרויסגעשיינט דורך די שויבן פֿון דער ביבליאָ־טעק־שאַפֿע און די גאָלדענע אותיות מיט די אָרנאַמענטן האָבן אים שיעור נישט געמאַכט טראַכטן פֿון עפּעס אַנדערש, אָבער ער האָט די נייע געדאַנקען אָפּגעשטופּט און באַמיט זיך צו טראַכטן נאָר פֿון דעם וויכטיקסטן וואָס דער זייגער־אויסרוף האָט אים פֿריִער דערמאָנט. ער האָט פּלוצים, ווי דורך די ווענט אַדורכגעזען דאָס פּאָרל פֿון שכנותדיקן דעפּאַרטאַמענט, ווי זיי ליגן אין דעם ברייטן בעט און זי, די „מאָראָטשאַ”, דרייט זיך פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער און זי קען נישט אַנטשלאָפֿן ווערן, ווייל די ליכט־שטראַלן פֿון זיין הענג־לאָמפּ רייסן זיך דורך זיין אָפֿענעם פֿענצטער אַריבער אין דעם אָפֿענעם פֿענצטער פֿון איר דעפּאַרטאַמענט און דאָס שטערט איר שלאָף...

דאָן כאַימע האָט אַ קוועטש געטון דאָס קנעפּל און אַ ראַפּטומדיקע פֿינצטערניש איז ווי אַראָפּגעפֿאַלן און זיך בליץ־שנעל אויסגעשפּרייט איבער זיין שיין־איינגעאָרדנטן קאַבינעט, איבערלאָזנדיק בלויז די ליכט־שטראַלן

פון טיש־לאָמפּ, וואָס זענען געפאַלן און באַליכטן די צעעפנטע צוויי אידענ־טיטעט־דאָקומענטן, די „סעדולא״ און דאָס בירגער־ביכל און נעבן זיי — די צוויי פלעשלעך מיט די כעמישע פליסיקייטן.

דאַן כאַימע האָט געוואָלט צוריק צוגיין צום שרייבטיש, אָבער אַ גע־דאַנק האָט אים אַ צי־געטון צום פענצטער און דאָ האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס איז גאָרנישט נייטיק געווען צו פאַרלעשן דעם גרויסן לאָמפּ, ווייל די גאַרדינען זענען געווען פאַרצויגן און ער ווייסט, אַז ווען די גאַרדינען זענען פאַרצויגן, קען מען בלויז דורכזען די שאָטנס פון די מענטשן וואָס דרייען זיך נעבן פענצטער, אָבער פון דער ליכטיקייט אין שטוב, קען בלויז דורכשלאָגן אַ שוואַכע שיין... דאָס ווייסט דאָך דאַן כאַימע אויף זיכער, ווייל זינט דאָס פאָרפאָלק האָט זיך אַריינגעקליבן אין דעם שכנותדיקן דעפּאַרטאַ־מענט, איז שוין דאַן כאַימע נישט איין מאָל געשטאַנען אין זיין פינצטערן קאַבינעט ביים פענצטער און אָבסערווירט די שאָטנס וואָס האָבן זיך באַ־וועגן אויף יענער זייט פון די פאַרצויגענע גאַרדינען אין שכנותדיקן דע־פּאַרטאַמענט...

דאַן כאַימע האָט אינסטינקטיוו אַ צי געטון דעם זיידענעם שנור און דער פאָרהאַנג האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט. אַ שטראָם קילע לופט האָט אַ יאָג געטון אויף זיין פּנים און ווי אַרויפגעלייגט אַ קאַלטן טוך אויף זיין כמעט נאַקעטן שאַרבן.

אַ קורצע צייט איז דאַן כאַימע אַזוי געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער, אַריבערגעקוקט מיט אַנגעצילטע בליקן אין דעם פינצטערן חלל פון דעם אַנטקעגנדיקן אָפענעם פענצטער, נאָר ווען זיין אָנגעשטרענגטער געהער האָט נישט געקענט פאַרנעמען פון דאָרט אַפילו קיין שוואַכן שאָרך, האָט ער זיך אויסגעדרייט, צוריק פאַרצויגן די גאַרדינען, דערמאָנענדיק זיך, אַז אייגטלעך דאַרף ער היינט טראַכטן פון עפּעס וויכטיקערס, ווי פון דעם שכנותדיקן פּאָרל, וואָס האָט זיך דאָ אַריינגעקליבן עפּעס אַזוי, ווי נאָר כּדי אים צו באַאומרויקן...

דאַן כאַימע האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט צום שרייבטיש.

די אַרומיקע טונקלקייט אין קאַבינעט האָט געמאַכט, אַז דאָס ליכט פון אויסגעבויגענעם טיש־לאָמפּ זאָל ווי אַ רעפלעקטאָר באַלייכטן די צוויי דאָ־קומענטן, און דאַן כאַימען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע ליכט האָט זיך ווי אויף להכעיס קאָנצענטרירט אויף די ציפערן 1 8 9 6 , וואָס האָבן ווי שפּיזן זיך געצויגן צו זיינע אויגן און ווייטיקלעך געשטאָכן...

— גענוג! — האָט ער פּלוצים אויסגערופן מיט אַ באַפעלערישן טאָן צו זיך אַליין — גענוג געטראַכט וועגן די אַלע נאַרישקייטן, פון דער, פון יענער, אַפילו פון דער „מאָראַטשאַ״ דאָ אַנטקעגנאיבער. דאָס אַלץ האָט אים נאָר פאַראורזאַכט צייט־פאַרלוסט: פאַרלוירענע טעג, וואָכן, חדשים און

יאָרן און איצט איז געקומען דער מאָמענט, ווען ער מוז ראַטעווען דאָס פּאַרלוירענע, ער מוז, און ער וועט!...

און מיט דער זיכערקייט, אַז איצט גייט ער דורכפירן זיין באַשלוס, וואָס וועט אים אַרויספירן אויף אַ נייעם לעבנס־וועג, האָט ער אַ נעם געטון דאָס פלעשעלע מיט דער באַצייכענונג נומער 1, צוגערוקט נענטער די „סעדולא" צו זיך, אויפגעדרייט און אַרויסגענומען דעם קאָרעק, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ גלעזערן שטענגל, ער האָט עס צוריק אַראָפּגעלאָזט און געטונקען דאָס שטענגל אין דער פליסיקייט פון פלעשעלע און אָט האָט ער שוין איינגענעצט די ציפער „6" מיט דער פליסיקייט. ווי אַ נייע פראַגע האָט אים פּלוצים אַ שלאָג־געטון אין קאָפּ אַריין:

— וואָס עפּעס די „6"? וואָס קען ער מאַכן אָנשטאָט דעם זעקס? מאַכן אַ ניין? וועט עס הייסן דריי יאָר יינגער, און וואָס מיינט דען דריי יאָר? אפשר דאַרף ער גאָר אָפּמעקן דעם „9"? אָבער ניין; אויב אַזוי, מוז ער שוין אָפּמעקן דעם „9" מיט דעם „8" און מאַכן דערפון א „9" מיט אַ „0" און אויב אַזוי, דאַרף דאָך שוין בלייבן דער „6", וועט עס אויסקומען 1 9 0 6, דאָס איז גוט, דאָס מיינט מיט גאַנצע 10 יאָר יינגער!...

דאָן כאַימע האָט אויף שנעל אַרויסגעכאַפּט אַ בייגעלע לעש־פּאַפּיר פון שופלאָד, אָפּגעטריקנט די פליסיקייט און ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט זעענדיק, אַז די ציפער „6" איז נאָך דערווייל נישט באַשעדיקט געוואָרן.

— דאָס איז עס! אַבי ער ווייסט שוין וואָס ער האָט צו טון! אַזוי וועט עס זיין: מיט גאַנצע צען יאָר יינגער!...

אָנגענומען אביסל פליסיקייט פון פלעשעלע, האָט ער מיטן גלעזערנעם שטענגל איינגענעצט די צוויי ציפער, דעם „89" און וואַרטנדיק לויט דעם פאָרשריפט ביז עס וועט אויסטריקענען, איז זיין בליק דערווייל געפאַלן אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דער „סעדולא" און עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַן אומרויקייט.

די „סעדולא" האָט ער שוין געהאַט אַרויסגענומען מיט אַ סך יאָרן צוריק. ער האָט שוין כמעט פאַרגעסן ווי ער האָט אַמאָל אויסגעזען און איצט זעט ער זיך אויף דער פּאָטאָ פון אַמאָל. די פּאָטאָ פון דער „סעדולא" איז טאַקע אַ שנעל־פּאָטאָ, אָבער ווי יונג ער זעט אויס אויף איר. און ווי שיין! אַזאַ קאָפּ האָר, אַזאַ פריזור האָט ער געהאַט!... מען דאַרף אַ קוק געבן...

די פליסיקייט אויף די באַנעצטע ציפערן איז נאָך געווען אַנזעעווודיק, צייט איז פאַראַן, איז דאָן כאַימע צו צו דער ביכער־שאַפע, געעפנט אַ טיר און אַרויסגעשלעפט פון אַן אונטערשטער ריי אַ דיקן אַלבום און אים גענומען צום שרייבטיש.

ער האָט צעעפנט דעם אַלבום אינדערמיט, ווו ער האָט זיך געזען אויף צוויי בילדער אַראָפּגענומענע מיט צען יאָר צוריק. ער האָט נאָך דעמאָלט

געהאַט אַן אויפגעקעמטע פריזור, אָבער ער האָט באַשלאָסן, אַז אויב ער האָט שוין דעם אַלבום אין דער האַנט, דאַרף מען אַ קוק טון פון אָנהייב...

און ער האָט זיך געזעצן אויף דער פאָטאָגראַפיע, וואָס ער האָט אַראָפּ־גענומען נאָך אין דער אַלטער היים, פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין אַרגענטינע. אויף איין זייט איז זיין פאָטאָ און אויף דער צווייטער — די פאָטאָגראַפיע פון זיינע טאַטע־מאַמע, וועלכע האָבן אויספאַרקויפט זאַכן פון שטוב, כדי ער זאָל האָבן אויף אַ שיף־קאַרטע...

אַריבערגעמישט אַ בלאַט זעט ער זיך אין אַן אַנדער פּאָזע, אַראָפּגענו־מען געציילטע טעג פאַר זיין אַוועקפאָרן און קעגנאיבער, דאָס בילד פון שיינדעלען... ווי לאַנג זי האָט אים דאָס געהאַלטן אַרומגענומען ביים געזע־גענען זיך... מיט וויפל ליבע, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אירע פאַר־טרערטע אויגן, זי האָט אים דאָס געבעטן: — כאַימעלע, פאַרגעס מיך נישט!... איך וועל וואַרטן אויף דיר ביז מיין צאָפּ וועט ווערן גרוי, און אויף קיין אַנדערן וועל איך דיך נישט פאַרבייטן... און ווי זי האָט אים געקושט!...

דאָן כאַימע האָט געפילט ווי אַ היץ שלאָגט אים אין קאָפּ אַריין. און אָפּווישנדיק דעם קאַלטן שווייס פון שטערן, האָט ער אַ טראַכט געטון: ווי אַנדערש וואָלט אַלץ געווען, ווען ער שרעקט זיך נישט דעמאָלט פאַר אָרעמ־קייט און נויט און ער ברענגט זי טאַקע אַריבער!... און ער ווייסט, אַז זי האָט געוואַרט אויף אים, געוואַרט ביזן גרויען צאָפּ. נאָר היינט איז שיינדעלע מער נישטאָ... דער גאַז־אויוון פון אוישוויץ האָט זי פאַרצערט און ער איז דאָ געבליבן אַליין... אַליין...

כדי זיך אַרויסצוהייבן פון דער פּיינלעכער דערמאָנונג, האָט ער אַ קוק־געטון צו די באַנעצטע ציפערן. צום גליק — טרוקן. ער האָט געעפנט דעם קאַרעק פון פלעשעלע נומער „2" און ווידער מיטן גלעזערנעם שטענגל אָנגענומען פליסיקייט און באַנעצט די זעלבע ציפער און ווידער זיך גענומען בלעטערן דעם אַלבום מיט פאָטאָגראַפיעס, וואָס האָבן דעם דאָן כאַימע געפירט איבער די זיג־זאַג־וועגן פון זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט...

---

ווי אַ סך אימיגראַנטן פון זיין צייט, איז כאַימעלע געקומען קיין אַר־גענטינע אָן אַ סענט אין קעשענע און אפילו אָן אַ לייטישן מלבוש, נאָר מיט אַ פעסטן ווילן צו אַרבעטן ביי וואָס עס זאָל נישט זיין, אַבי צו קענען וואָס שנעלער פאַרדינען גענוג אויף אַריבערצוברענגען זיין געליבטע שיינדעלע און אפשר אויך אַרויסהעלפן טאַטע־מאַמע מיט אַ פּאָר טאָלער.

קיין פאַך האָט ער נישט געהאַט. די צייט איז געווען אַ שלעכטע, האָט כאַימעלע דאָ אַ סך געליטן און די ליידן פון נויט און הונגער האָבן פאַרסמט

זיין געמיט מיט אַ מורא־קאָמפּלעקס, וואָס האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ווען ער האָט שוין אפילו פאַרדינט געגוג נישט נאָר אויף צו מאַכן אַ לעבן, נאָר אפילו אויף צו שטיצן פון צייט צו צייט זיינע טאַטע־מאַמע מיט עטלעכע טאָלער, האָט ער אויך מורא געהאַט אַריבערצוברענגען שיינדעלען, טאָמער וועט ווערן ערגער און ער וועט דאַרפן ליידן טאָפּלט: אי פאַר זיך אי פאַר איר...

יאָרן זענען געגאַנגען. אַנדערע ליבעס דאָ אויפן פּלאַץ האָבן זיין אַלט־היימישע ליבע פאַררוקט אין אַ טעמפּן ווינקל פון זיין האַרץ און וואָס בעסער עס איז אים געוואָרן מאַטעריעל, אַלץ מער ליבעס־אַוואַנטורעס האָט ער מיטגעמאַכט און שיין ווי ער איז געווען און נישט קיין קאַרגער אויף אַ הוליע צו טון, האָבן אים נישט געפעלט קיין פּרויען, און וואָס מער פּרויען ער האָט געהאַט, אַלץ מער האָט ער פאַרלוירן דעם צוטרוי צו זיי און אַלץ ווייניקער האָט ער זיך געקענט צוימען די ליידנשאַפטן און באַשרענקען זיינע געפילן פאַר איינער, וואָס זאָל ווערן זיין שטענדיקע באַגלייטערין.

געשעפטן האָט ער געמאַכט גוטע. באַקאַנטע און פריינט האָבן געזוכט אים צו באַקענען מיט זייערע היימען, ווו עס זענען געווען מיידלעך. ער האָט זיי צומאָל פאַרבעטן אין אַ טעאַטער אָדער קינאָ, אָבער קיין שידוך איז דערפון נישט געוואָרן און דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן ביז כאַימעלע האָט שוין געפירט גרויסע געשעפטן. ער האָט שוין געפירט זיין אייגענעם אויטאָ און האָט שוין געהייסן דאָן כאַימע. און פון חתונה האָבן האָט ער נישט גע־וואָלט טראַכטן.

ווען עמעץ האָט נאָך געפּרוווט אַמאָל אַ רעד טון מיט אים וועגן תכלית, האָט ער זיך צעלאַכט זאָגנדיק, אַז לעבן אַ גוטן טאָג אַלס פרייער פויגל איז אַ גאַנץ גוטער תכלית...

און אַזוי זענען יאָרן געגאַנגען און יאָרן זענען געקומען. דאָן כאַימע האָט געפירט געשעפטן מיט אויסרעכענונג אויף מאָרגן און אויף איבער־מאָרגן, נאָר דאָס לעבן האָט ער געגומען נאָר פון היינט. אין די אָוונטן, אין די פרייע שעהען פון געשעפטן, האָט ער געהאַט „פּראָגראַמען" און געשעפט פון לעבן מיט פולע לעפל און ער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט זיין חיי־שעה, אַז ער האָט קיינמאָל אַפילו נישט קיין טראַכט געטון, אַז דאָס לעבנס־שעפל קען זיך אַמאָל אויסשעפן...

און דאָס לעבנס־שעפל האָט זיך טאַקע אויסגעשעפּט.

דאָס איז געווען באַלד, נאָך מיט צען יאָר צוריק, ווען דאָן כאַימע האָט זיך אַריינגעקליבן אין דעם נייעם שיין און רייך איינגעאָרדנטן דעפּאַר־טאַמענט. נאָך עטלעכע וואָכן ווילטאָג, וואָס ער האָט גענאָסן טאַקע אין דעם דעפּאַרטאַמענט, האָט ער זיך דערפילט שלעכט. ער האָט זיך געמוזט

אָנהייבן דאָקטערן; ער האָט געמוזט נעמען פאַרשידענע פּילן און באַלד האָבן די פּילן אויך אויפגעהערט העלפן און נאָך עטלעכע מאָל, וואָס ער האָט זיך געפילט פאַרשעמט צוליב זיין מענערישער שוואַכקייט, האָט ער זיך גענומען היטן צו קומען מיט פרויען אין נאָענטן קאָנטאַקט.

די בענקשאַפט אַ לעב צו טון האָט אים געפּייניקט, אָבער נאָך מער האָט אים געפּייניקט די פעסטשטעלונג, אַז ער איז אויסגעשעפּט, און ביי זיינע פופציק יאָר האָט ער זיך דערפילט ווי אַ בוים וואָס האַלט אין איינ־דאַרן. ער האָט שוין אָנגעהויבן טראַכטן מיט חרטה, אַז ווען ער וואָלט זיך געווען פאַרבונדן מיט איין פרוי, וואָלט ער זיך געווען געמוזט צוימען און ער וואָלט נאָך געקענט געניסן פון לעבנס־פרייד און פונדעסטוועגן האָט עס געטראָפן אַמאָל, ווען אַ פריינט האָט אים פאָרגעשטעלט אַ מיידל און אים אַ זאָג געטון וועגן אַ שידוך, האָט זיך דאָן כאַימע וויל־יונגעריש אויס־געלאַכט און מיט געקינצלטער פריילעכקייט געענטפערט מיט אַ לידל, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט אין יידישן טעאַטער:

„ווילסטו האָבן אין שטוב אַ גיהנום
ווילסטו האָבן אַ ווייב פאַר יענעם —
האָב חתונה! האָב חתונה!"

און דאָן כאַימע האָט זיך ווייטער געעלטערט אַלס בחור, קוויקנדיק זיך מיט קרישקעלעך לעבנס־גליק, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אויף זיין בענקענדיקן לעבנס־וועג געפונען...

אָבער אָט איז ער קראַנק געוואָרן. די האָר האָבן אים אָנגעהויבן אויס־פאַלן אויף אַן אַלאַרמירנדיקן אופן און עס האָבן נישט געהאָלפן די מעדי־צינען און די שמירעכצן. ער איז געבליבן מיט געציילטע האָר אויפן קאָפּ. און דווקא איצט האָט ער אין די לאַנג־דויערנדיקע נאַכט־שעהען אָנגעהויבן בענקען נאָך אַ פריינט און אפשר איז עס נישט געווען קיין בענקען, נאָר אַ שרעק, אַ מורא צו בלייבן מיט זיך אַליין.

אַרומדרייענדיק זיך און באַקוקנדיק זיינע עטלעכע שיין־איינגעאָרדנטע צימערן פון זיין דעפּאַרטאַמענט, האָט ער אָנגעהויבן זען, אַז די אַלע זאַכן וואָס ער האָט זיך מיט אַזוי פיל פרייד איינגעשאַפט, וועלן באַלד בלייבן אויף גאָטס באַראָט, אויף הפקר און ער אַליין וועט אפשר דאָ אַזוי דאַרפן אויסגיין בלויז צוליב דעם, וואָס עס וועט נישט זיין ווער עס זאָל אים דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער...

ערגער איז אים נאָך געוואָרן, ווען דאָס פּאָרל, דער הויכער מאַן, מיט די פאַרשפּיצטע בלאָנדע וואָנסעלעך, מיט דער שיינער „מאַראָטשאַ" האָבן זיך דאָ אַריינגעקליבן אין דעם שכנותדיקן דעפּאַרטאַמענט. באַגעגענענדיק

דאָס פּאָרל אָפּט אין קאָרידאָר אָדער אין „אַסענסאָר", זעענדיק זייערע פריי־דיקע בליקן פון איינעם אויפן אַנדערן, האָט ער שטאַרק אָנגעהויבן פילן זיין עלנט. אין זיין פיינלעכן עלנט, האָט ער זיך גאַנץ אָפּט אין די פריִע נאַכט־שעהען אָוועקגעשטעלט ביים פענצטער פון זיין נישט־באַלויכטענעם קאַבינעט און אַריבערגעקוקט מיט לויערנדיקע בליקן, אפשר וועט ער דער־זען דעם שאָטן פון דער „מאַראַטשאַ" דורך דעם פאַרהאָנגענעם קעגנאיבער־דיקן פענצטער און ער האָט געשלונגען דעם גאַוואַר פון אינסטינקטיוון תענוג, ווען ער האָט איין מאָל דערזען דעם שאָטן פון אירע באַוועגונגען, ווען זי האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן אַ קלייד און זי האָט זיך געדרייט אַ ווײַלע, ביז זי האָט אָנגעטון אַ שלאָפראָק...

דאָס אַריינבלייבן זיך פון דעם שכנותדיקן פּאָרל, האָט אין דאָן כאַימען דערוועקט דעם געדאַנק, אַז ער דאַרף, אַז ער מוז חתונה האָבן. ער האָט געפילט די לעכערלעכקייט פון דעם געדאַנק. אָבער ער האָט זיך פון אים נישט געקענט באַפרייען. און אין איינעם אַ טאָג, ווען ער האָט דערזען אין אַן אויסגאַבע, אין דער רובריק „הייראַטס־אַנאָנסן", אַז „אַן אינטעליגענט מיידל פון 31 יאָר, זוכט די באַקאַנטשאַפט פון אַ פאַרמעגלעכן מאַן ביז 45 יאָר אַלט", האָט ער באַלד אָנגעשריבן אַ בריוול און זיך פאַרגעלייגט, בעטנ־דיק אַ פאָטאָגראַפיע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָן כאַימע ווייסט נישט ווי אַזוי עס איז געשען. ער האָט שוין געהאַט איבערגעמישט אַלע בלעטער פון אַלבום און איצט האַלט ער אין האַנט די באַקומענע פאָטאָגראַפיע פון דעם אינטעליגענטן פריילין, וואָס שרייבט זיך אונטער „ראַקעל" און גלייכצייטיק זעט ער, אַז עס זענען שוין טרוקן און איינגעגאַנצן ווייס אין די ביידע דאָקומענטן די פלעצער, ווו עס האָבן פריִער פי־גורירט די ציפער „89" און ער דאַרף בלויז אַריינשרייבן די נייטיקע „90", עס זאָל זיך לייענען „1906". און ווען ער וועט זיך מאָרגן דאַרפן זען מיט דער פריילין ראַקעל, וועט ער שוין זיין מיט די נייטיקע צען יאָר יינגער...

ער קוקט אויפן בילד פון דעם אומבאַקאַנטן, אָבער גאַנץ שיינעם מיידל און פּלוצים פאַלט אים איין, אַז זי וועט אים נישט גלייבן, אַז ער איז נישט מער אַלט ווי 46 יאָר... איין יאָר עלטער ווי זי האָט געפאָדערט, וואָלט זי נאָך טאָלערירט, אָבער זי וועט נישט גלייבן, און אַז זי וועט יאָ גלייבן, וועט זיין נאָך ערגער, ווייל די צען יאָר האָט ער נאָר באַוויזן צו פאַרלייקענען אויף די דאָקומענטן, אָבער ער, ער אַליין, ער איז די לעצטע צען יאָר נישט בכוח צו פאַרלייקענען און צו פאַררעטושירן. ער איז אַ פאַרדאַרטער בוים, וואָס וואַרט נאָר אויפן העקער, וואָס דאַרף אים אונטערהאַקן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער זייגער אויפֿן שרייבטיש האָט שוין געוויזן האַלב פיר פֿאַרטאָג, ווען דאָן כּאַימע איז מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון פֿריילין „ראַקעל" אין האַנט, אַ געבויגענער כּמעט אין דרייען, אַריין אין זיין שלאָפֿצימער און געציילטע מינוטן שפּעטער, האָט זיך פֿון דאָרט געהערט אַ פֿאַרשטיקט כליפּען, ווי פֿון אַ הילפֿלאָז קליין קינד...

דאָן כּאַימע איז געלעגן אַן איינגעקורטשעטער אין זיין בעט, מיט דעם פּנים איינגעגראָבן אין קישן און שטיל געוויינט אויף זיין פֿאַרשווענדעט לעבן, באַנעצנדיק מיט זיינע טרערן די פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דעם אומבאַקאַנטן מיידל, וואָס ער דאַרף מאָרגן זען...

אָקטאָבער, 1952.



# „קוענטא קאַריענטע"

דורך די פיר און צוואַנציק שעה זייט דער דאָן כאַקאָבאָ איז אָוועקגע־פאַלן מיט דער אַטאַקע און איז געבליבן ליגן פּאַראַליזירט, איז אין זיין רייך־איינגעאָרדנטער היים פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש.

געשען איז עס מיט אים אין אָוונט. דאָן כאַקאָבאָ האָט נאָרוואָס געהאָט פאַרענדיקט מיט זיין זאַטן נאַכט־עסן, ער האָט זיך שוין געוואָלט אויפהייבן פון שטול כדי אַריינצוגיין אין זיין „עסקריטאָריאָ" צו די חשבונות, ווען ער האָט דערשפּירט ווי עמעץ וואָלט אים פּלוצים אַריינגעשטאָכן אַ לאַנגע לאַנגע נאָדל, אויבן, דורך זיין גלאַטיקן האָרלאָזן שאַרבן און זי אַריינגעדריקט טיף אַראָפּ, דורך דעם גאַנצן קאָפּ, האַלדז, ביז דער שפּיץ האָט דערגרייכט צו זיין האַרץ.

דאָס איז געשען אַזוי פּלוצים, אַז דאָן כאַקאָבאָ האָט בלויז באַוויזן אַרויסצושטויסן פון זיך אַ קורצן „אוי"! — און שוין. מיט דעם אַראָפּגעשווערטן קאָפּ צו דער לינקער זייט און אַריבערגעבויגן מיט דעם אויבערשטן טייל קערפּער איבער דעם אָנלעז פון שטול אויף רעכטס, איז ער געבליבן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

מאַטילדע, זיין ווייב, אַ שווערע ברייט־צעוירענע פרוי, וועלכע האָט זיך געוואָלט אָנהייבן גרייטן אויפצונעמען אירע פריינדינס וואָס האָבן באַדאַרפט קומען שפּילן אַ „פּאָקער", האָט אויף דעם ערשטן מאָמענט ווען זי האָט דערהערט דעם „אוי"־אויסרוף פון איר מאַן, ווי פאַרלוירן דאָס לשון, נאָר דערזעענדיק ווי כאַקאָבאָ איז געבליבן ליגן זיצנדיקערהייט אין שטול ווי אַ לעבלאָזע מאַסע, האָט זי אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלד, אַז די קעכן מיט די צוויי דינסטן זענען אָנגעלאָפן פון קיך, מען האָט גענומען שפּריצן מיט וואַסער, מונטערן, מאַטיל־דע האָט צוריקגעוווּנען איר פלינקייט און אויף שנעל געבראַכט איר פלעשל „אָ־דע־קאָלאָן" פון שלאָפצימער, באַנעצט אים אונטער דער נאָז, די שלייפן, געריבן אים, אָבער דאָן כאַקאָבאָ איז געבליבן אין דער זעלבער פּאָזע, באַ־וווסטלאָז, ווי טויט.

מאַטילדע האָט געיאָמערט, די דינסטן האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון, די קעכן האָט זיך געכאַפּט די ערשטע, זי איז אַראָפּגעלאָפן אויף דעם נידעריקערן שטאָק פון זעלבן הויז ווו עס האָט געוווינט אַ דאָקטער און אים אַלאַרמירט, אַז ער מוז שוין אַרויפקומען צו איר קראַנק־געוואָרענעם באַלעבאָס.

דער דאָקטער האָט באַטראַכט דעם קראַנקן, פאַרשריבן עפּעס און געהייסן שנעל ברענגען. דאָס זענען געווען אינזשעקציעס. דער דאָקטער האָט געהאָרע־וועט אַרום דעם קראַנקן, געשטעלט אין נאָדל נאָך דער צווייטער, אָבער, דאָן כאַקאָבאָ, ווי נישט אים מיינט מען עס, האָט מיט גאָרנישט רעאַקציאָנירט און אַ חוץ זיין שווערן, אָפּגעהאַקטן אָטעם, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימן פון לעבן.

ערשט אַ שעה שפּעטער, ווען די סעניאָראַ מאַטילדעס צוויי ברידער זענען געקומען אויף איר פאַרצווייפלטן טעלעפאָנישן רוף, האָט מען צוזאַמען מיט דעם דאָקטער׳ס הילף קוים באַוויזן אַרויסצוהייבן דעם דאָן כאַקאָבאָ פון שטול און אים איבערגעטראָגן אין שלאָף־צימער און אַוועקלייגן אים אין בעט.

שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, זענען געקומען כאַקאָבאָס צוויי זונדלעך, אַדאָלפאָ און קאַרליטאָס. אַ ווײַלע זענען זיי לעבן פאָטערס בעט געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט, אָבער באַלד האָט זיך דער עלטערער, אַדאָלפאָ, געשטאַרקט, ער האָט אַ ווינק־געטון צום דאָקטער, אַוועק מיט אים אין אַ זייט, דער דאָקטער האָט געצוקט מיט די אַקסל און אים עפּעס שטיל געזאָגט, באַלד איז אויך צוגעקומען קאַרליטאָס, דער 23 יאָריקער אַדאָלפאָ האָט זיך מער אויפן ווינק ווי מיט ווערטער דורכגערעדט אַ ווײַלע מיט זיין 19 יאָריקן ברודער און אַנשטאָט צוריקצוגיין צום פאָטערס קראַנקן־בעט, זענען זיי אַריין אין דאָן כאַקאָבאָס „עסקריטאָריאָ״ און דאָרט גענומען זוכן צווישן די פּאַפּירן, צעעפנט די שיפלאָדן, גענישטערט און ענדלעך צונויפגעלייגט פיר דיקע שמאָל און לענגלעכע טשעק־ביכלעך.

ביי אַדאָלפאָן האָבן די אויגן געגלאַנצט ווי אין פיבער און פיבערהאַפּט האָט ער נאָכגעקוקט און געזוכט אויסצוגעפינען די סאַלדאָס: ער האָט געוווסט, אַז דער פאָטער האָט אין פאַרגאַנגענעם טאָג דעפּאָזיטירט ריזיקע סומעס אין געלט און אין טשעקן און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ „ליאָס״ מען קען האָבן, אויב דער פאָטער וועט נישט קומען צו זיך כאָטש אויף עטלעכע מינוט, כדי מען זאָל ביי אים קענען אַרויסבאַקומען כאָטש עטלעכע אונטערשריפטן, כאָטש צו איינציקע חתימות אויף פיר טשעקן פון די פיר בענק...

קאַרליטאָס האָט דערווייל אַוועקגעריקט דאָס בילד פון זיין באָבע וואָס איז געהאָנגען געוווינט נידעריק ביי דער רעכטער זייט פון שרייב־טיש; דאָרט, הינטער דעם בילד, האָט זיך אין דער וואַנט געפינען די איינגעמויערטע איי־זערנע קאַסע: קאַרליטאָס זשעדנע בליקן זענען געפאַלן אויף דעם קליינעם געשלענגלטן שפּאַלט פאַר דעם זשאַלע־שליסל, באַלד האָט ער צוריקגערוקט דאָס בילד און צוגעקומען צום עלטערן ברודער.

— גיי, גיב אַ קוק וואָס דאָרט הערט זיך...

דאָס האָט אַדאָלפאָ געזאָגט צו זיין יונגערן ברודער, אָבער קאַרליטאָס

האָט מורא געהאַט אַוועקצוגיין, ער האָט פאַרדעכטיקט, אַז דאָס וויל דאָ אַדאָלפאָ עפּעס אָפּטון אַז ער זאָל נישט זען...

— פאַרוואָס גייסטו נישט?

— ס'איז דען נישט דיין טאַטע פּונקט ווי מיינער?...

זעענדיק אַז אירע קינדער האַלטן זיך עפּעס צו לאַנג אויף אין פּאָטערס „עסקריטאָריאָ", איז מאַטילדע געוואָרן אומרויק. אירע בליקן האָבן זיך באַ־געגנט מיט די בליקן פון אירע ברידער און אָן ווערטער האָבן זיי זיך פאַרשטאַנען. מאַטילדעס צוויי ברידער זענען אַריין אין כאַקאָבאָס „עסקריטאָ־ריאָ" כדי צו מאַכן אַ פאַרוווּרף די צוויי פּלימעניקעס, פאַרוואָס זיי שטייען נישט נעבן בעט פון זייער כמעט שוין טויטן פאָטער, אָבער דערזעענדיק די טשעק־ביכלעך אין אַדאָלפאָס האַנט, האָבן זיי באַלד פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָ גייט און זיי האָבן זיך איינפאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אַכטונג געבן, אפשר וועט דער קראַנקער רעאַקציאָנירן כאָטש אויף אַ מאָמענט, מען זאָל קענען ביי אים אַרויסבאַקומען התימות אויף די טשעקן...

דער קראַנקער האָט נישט רעאַקציאָנירט.

דער דאָקטער האָט אַרויסגערופן אַ צווייטן דאָקטער, מען האָט געבראַכט נייע אינזשעקציעס, געשטאָכן זיי אין פאַרשידענע טיילן פון דאָן כאַקאָבאָס פליישיקן קערפּער, אָבער די פליישיקע מאַסע איז געבליבן אומבאַוועגלעך און בלויז דער פעטער בויך האָט זיך לייכט און נישט רעגלמעסיק באַוועגט פון דעם פּאַראַליזירטנס שוואַכן אָטעמען.

די צוויי זינדלעך זענען צוגעקומען צום בעט, ווידער געשטאַנען אַ ווײַלע, פון אַדאָלפאָס קעשענע האָבן אַרויסגעשטאַרצט שטיקער פון די לאַנגע טשעק־ביכלעך און קאַרליטאָס האָט זיך נערוועז געצופּט די נעגל און באַלד זענען זיי אַוועק פון בעט און ווידער גענומען זוכן און נישטערן אין די שאַפעס, אַדאָלפאָ האָט געזוכט אין די קעשענעס פון פאָטערס מלבושים, אפשר וועט ער געפינען דעם שליסל צו דער אייַנגעמויערטער קאַסע אין דער וואַנט.

ערשט אינדערפרי זענען די פריִערדיקע צוויי דאָקטוירים געקומען צו־זאַמען מיט אַ דריטן, אַ פּראָפעסאָר, און צוזאַמען האָבן זיי אָפּגעהאַלטן אַ „קאָנסוליום", באַטראַכט דעם קראַנקן, צוגעהערט זיך צו זיין האַרץ, געציילט די באַוועגונגען פון זיין דופק און כסדר דורכגעוואָרפן זיך מיט פאַרשידענע ווערטער. מאַטילדע האָט געקוקט אויפן פּנים פון פּראָפעסאָר, אפשר וועט זי פון זיינס אַן אויסדרוק דערקענען ווי עס האַלט מיט איר מאַן, אָבער די ערנסטקייט אויפן פּראָפעסאָרס פּנים האָט זיך נישט געענדערט און מען האָט דערפון גאָרנישט געקענט אָראָפּלייענען.

ענדלעך איז דער פּראָפעסאָר צו צום טיש, געעפנט זיין קליין טשעמאָ־דאַנטשיקל, אַרויסגענומען מכשירים און אַ דאָקטער האָט דערווייל גענומען אויסקאָכן אַ נאָדל. אַ ווײַלע שפּעטער האָבן די צוויי דאָקטוירים שווער געאָר־

בעט ביז זיי האָבן באַוויזן אונטערצוהייבן כאַקאָבאָס אויבערשטן טייל קערפּער, כדי דער פּראָפעסאָר זאָל אים קענען שטעלן די נאָדל אין רוקן־ביין.

נאָך דער נאָדל איז כאַקאָבאָ ווידער געלעגן גלייך אין זיין בעט. דער פּראָפעסאָר האָט זיך ווידער צוגעהערט צו די באַוועגונגען פון קראַנקנס האַרץ, וואַרטנדיק אויפן עפעקט פון דער אינזשעקציע.

און דער עפעקט איז געקומען.

די קאָליר פון כאַקאָבאָס קיילעכדיקן פעטן פנים האָט זיך גענומען ענדערן און נאָך אַ קאָנוווּלסיוון ציטער פון זיין גאַנצן קערפּער, האָט זיך די פאָרעם פון זיין פנים גענומען ענדערן. עס האָט זיך ווי צעצויגן און פאַרלוירן די קיילעכדיקייט און נאָך אַ צווייטן קאָנוווּלסיוון ציטער, האָבן זיך פּלוצים דעם קראַנקנס אויגן ברייט צעעפנט.

— ער לעבט! ער וועט לעבן! — האָט מאַטילדע ספּאַזמאַטיש אויסגערופן און צופאַלנדיק צום מאַנס בעט, האָט זי אָנגעהויבן יאָמערן:

— כאַקאָבאָ, דו הערסט מיך? דו דערקענסט מיך?...

אויך די קינדער זענען צוגעלאָפן צום בעט און פון איבערראַשונג, האָט אַדאָלפאָ אַזש אַרויסגעכאַפּט די טשעק־ביכלעך פון קעשענע און זיי געהאַלטן אין האַנט, אָבער דער קראַנקער איז געלעגן מיט אויפגעריסענע, פאַרגלאָצטע אויגן אומבאַוועגלעך און נישט געגעבן קיין צייכן צי ער הערט, צי ער זעט און צי ער האָט צוריקגעוווּנען זיין באַוווּסטזיין.

**
*

ווען דאָן כאַקאָבאָ איז געקומען צו זיך, האָט ער געפילט, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן שלאָף מיט קאָשמאַרע חלומות.

ווי זיין געוווינהייט איז אַלע מאָל געווען, האָט ער דאָס ערשטע געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון זיך די קאָלדרע, און דאָ האָט ער זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז ער קען מיט זיין האַנט נישט באַוועגן. ער האָט געפּרווּט אָנשטרענגען די פיס, אפשר וועט ער מיט די פיס קענען אַראָפּשטויסן פון זיך דעם צודעק, אָבער ער האָט אויך מיט די פיס נישט געקענט באַוועגן און באַלד האָט אים אָנגעהויבן רוישן אין קאָפּ און אים האָט געשיינט, אַז עמעץ האַלט אים צו, אַז עמעץ דריקט אים אַריין דעם גאַנצן קערפּער ווי אין אַ קלעם און ער האָט געוואָלט אויסשרייען, רופן נאָך הילף, און אים האָט זיך אפילו אויסגעוויזן, אַז ער שרייט, נאָר קיין קול האָט זיך נישט געהערט און ער האָט אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז עפּעס איז מיט אים געשען און עס קען זיין, אַז עס איז מיט אים געשען דאָס, פאַר וועלכן ער האָט זיך פון צייט צו צייט אַזוי שטאַרק געשראָקן...

ווען ער האָט די אויגן געעפנט האָט ער דערזען ווי זיין זון אַדאָלפאָ, אַט־אָ דער תכשיט, וואָס ווייסט נאָר צו פאַרשווענדן געלט, ווי ער שטייט

איבער אים מיט טשעק־ביכלעך אין האַנט... מיט זיינע טשעק־ביכלעך... ווי קומען זיינע טשעק־ביכלעך אין אַדאָלפאָס פאַרשווענדערישע הענט?

ער שטרענגט זיך אָן, ער וויל עפּעס זאָגן, ער וויל עפּעס פרעגן, נאָר קיין קול קען ער פון זיך נישט אַרויסברענגען. וויל ער פּרוּוון זאָגן עפּעס מיט די אויגן, מיט אַ בייזן בליק, נאָר אַ נעפּל שפּרייט זיך אויס פאַר זיינע אויגן און ער זעט מער גאָרנישט, נאָר בלויז די טשעקן־ביכלעך, וואָס האָבן זיך גאָרוואָס געהוידעט אין זיין זונס האַנט, ער זעט נישט מער דעם זון, ער זעט נישט מער די האַנט וואָס האלט די ביכלעך, ער זעט בלויז די טשעקן, בלויז די טשעקן...

— „קוענטא קאָריענטע"!...

אַ געדאַנק פליט דורך אין זיין מוח. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט שוין אַמאָל געטראַכט דערפון. יאָ, „קוענטאַ קאָריענטע"; דאָס איז געווען אַמאָל, אַמאָל אין אַ ראש־השנה, אין שול... עפּעס אַ ייד מיט אַ שטיקל בערדל אויף דער שפּיץ גאָמבע האָט דאָרט געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט, אַז דער מענטש איז גאָרנישט, אַז פון שטויב קומט ער און צום שטויב גייט ער צוריק... אוי, האָט ער דאָס דעמאָלט געערעדט!... ער האָט שוין אַ סך מאָל געטראַכט פון יענעמס רייד... איבערהויפּט אין אַזעלכע טעג, ווען ער האָט פון זיין אַדאָלפאָ געהאַט צרות...

עפּעס האָט אַ קלאַפּ געטון אין כאַקאַבאַס מוח, אַזוי ווי אַ פענצטערל וואָלט זיך דאָרט פּלוצים פאַרמאַכט און עס איז געוואָרן פינצטער, אַ תוהו־ובוהו... עפּעס האָט אים געשיינט אַז ער הערט שטימען, עפּעס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מען הייבט אים אונטער, עפּעס האָט אים געשיינט, אַז ער פילט אַ שטאָך ערגעץ־ווו, נאָר עס אַרט אים נישט, עס טוט אים גאָרנישט ווי, ער וויל נאָר צוריקקומען צו דעם געדאַנק, ער וויל זיך דערמאָנען, אָן די רייד פון יענעם יידל און אָט ווערט ווידער ליכטיק אין זיין מוח, נאָך ליכטיקער ווי פריער און ער זעט, ער זעט דעם ייד ווי ער שטייט אַ געשטרעקטער און ער הערט ווי ער רעדט:

— ...פאַרן אַרויסקומען פון שטויב לאָזט דער מענטש איבער אַ טשעק „ען בלאַנקאָ", אַ נישט אויסגעשטעלטן טשעק און ווען ער קומט צוריק, מוז דער מענטש האָבן דעקונג... ער מוז האָבן דעפּאָזיטירט אַזוי פיל מעשים־טובים, אַז דער טשעק זאָל נישט דאַרפן פּראָטעסטירט ווערן... יעדער נייער דעפּאָזיט ווערט פאַרשריבן אין אַ גרויסן בוך, מיט לויף־נומערן אַזוי ווי אין באַנק אין „קוענטא קאָריענטע" און קיין טעות ווערט דאָרט נישט געמאַכט... און וויי צו דעם מענטש וואָס האָט נישט קיין דעקונג אויף דעם ארויסגעגע־בענעם טשעק...

דאָן כאַקאַבאַ וויל טראַכטן פון עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם יידנס ווערטער, האָט ער זיך באַמיט זיי אַרויסצושטופּן פון זיין געדאַנק;

ער האָט אַלע מאָל פיינט געהאַט צו טראַכטן פון די זאַכן... אויך איצט וואָלט ער געוואָלט טראַכטן פון עפּעס אַנדערש, נאָר צי האָבן אים דען די טשעקיבכלעך אין זיין זונס האַנט נישט דערמאַנט אין די זאַכן?...

**
*

מיט דאָן כאַקאַבאַ גייט עס שלעכט.

עס איז שוין צוואַנציק שעה זינט ער האָט באַקומען די אַטאַקע און עס איז נישט אַהין און נישט אַהער...

די שטוב איז שוין איינגאַנצן איבערגעקערט. די קינדער, אַדאָלפאָ און קאַרליטאָס האָבן שוין דורכגעזוכט יעדעס ווינקעלע; איבערגעקוקט פּאַפּירלעך, אָבער זיי וויסן, אַז דער פאָטער האָט געמאַכט אַ סך געשעפטן, וואָס זענען נישט פאַרשריבן געוואָרן אין קיין שום ביכער, און ווער ווייסט וויפל געלטער ער האָט ערגעץ שטעקן און מען מוז אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז ער זאָל קומען צו זיך כאָטש אויף אַ ווײַלע, מען זאָל קענען ביי אים עפּעס אַרויסבאַקומען. און זיכער וואָלט עס געווען אַ גליק, אַז ער זאָל נאָך קענען חתמענען די טשעקן, מען זאָל קענען אַרויסנעמען די געלטער אָן דער געריכטלעכער אינטערווענץ און אַפילו דעם שליסל צו דער פאַרבאָרגענער אייגעמויערטער קאַסע הינטער דער באָבעס בילד, האָבן זיי דאָך אויך נאָך נישט געפונען...

יעדע שעה קומט אָן אַנדערער פון די צוויי דאָקטוירים. אָט האָט מען שוין געבראַכט אַ קראַנקן־פלעגערין, אַ שיין מיידל מיט ראָזעווע בעקלעך, בלויע אויגן און מיט אַזאַ באַחנט גוידערל. זי ווישט דעם שווייס פון קראַנקנס שטערן מיט אַזאַ צאַרטקייט, אַז די דאָניאַ מאַטילדע קען עס אַזש נישט צוקוקן...

אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט האָט מען געבראַכט פאַרשידענע אַפּאַראַטן, וואָס מען האָט אַרומגעשטעלט אַרום בעט. ביידע דאָקטוירים צוזאַמען מיט דער שיינער קראַנקן־שוועסטער האָבן געאַרבעט אַרום די אַפּאַראַטן און ענדלעך איז די קאָנסטרוקציע געווען פאַרטיק און דער קראַנקער האָט אָנגעהויבן איינאָטעמען „אָקסיכען“־שטאָף.

נאָך עטלעכע מינוט פון איינאָטעמען אין זיך דעם אָקסיכען־שטאָף, האָבן די צוויי כסדר אָפענע אויסגעגלאָצטע אויגן פון קראַנקן, אָנגעהויבן ווייזן סימנים פון לעבן.

אין דאָן כאַקאַבאָס בליקן האָט זיך באַוויזן אַ גלאַנץ. זיינע שוואַרצאַפּלען האָבן זיך אַפילו אָנגעהויבן לייכט באַוועגן און עס איז געוואָרן קאָנטיק, אַז ער זעט און דערקענט דאָס וואָס ער זעט.

דאָס ערשטע וואָס דאָן כאַקאַבאַ האָט איצט דערזען, איז געווען די קראַנקן־שוועסטער.

נאָך איז זיין מוח געווען פול מיט די געדאַנקען וועגן דער „קוענטאַ

קאַריענטע", מיט דעם טשעק „ען בלאַנקאָ", וואָס יענער ייד מיט דעם שפּיציקן בערדל האָט ווי מיט אַ האַמער אַריינגעהאַקט אין זיין געמיט, אָבער דערזעענ־דיק פּלוצים דאָס ליכטיקע ראָזעווע פּנימל פון דעם יונגן מיידל, וואָס פּאַרעט זיך אַרום אים, איז זיין מוח ווי באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערער לאַסט און ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד וואָס קלאַמערט זיך אין דער מאַמעס פאַרטעך, אַזוי האָט ער זיך אָנגעהאָנגען מיט זיינע בליקן אין דעם שיינעם פּנים פון דער קראַנ־קנשוועסטער.

ווען זי האָט אים אַזוי צאַרט אַ וויש געטון דעם שטערן, האָט ער זיך באַמיט אַרויסצוברענגען אַ שמייכל אויף זיין פּנים. אים האָט זיך אַפילו אויס־געוויזן, אַז ער שמייכלט, אָבער די מוסקולן האָבן נישט נאָכגעגעבן, זיי האָבן זיך נישט באַוועגט און זיין איצט נאָך מער אויסגעגלעטלעכט פּנים מיט דער פאַרשפּיצטער נאָז איז געבליבן אומבאַוועגלעך.

דאָן כאַקאָבאָ האָט דערפילט ווי אַ נחת וואָלט דורכגעלאָפן איבער זיין גאַנצן לייב, ווען ער האָט דערזען, אַז זי פילט זיין בליק און עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען פון גליק, ווען זי האָט מיט איר צאַרט הענטל געגלעט זיינע שלייפן און באַנעצט אים די נאָזלעכער מיט אָ־דע־קאָלאָן.

אין דאָן כאַקאָבאָס מוח האָבן זיך גענומען מישן די געדאַנקען.

— אוי, ווען ער קען אַזוי אויפהייבן די האַנט און אַ גלעט טון דעם מיידלס חנעוודיק גוידערל!... ער וואָלט איר דערפאַר... יאָ, זאָל זיין זונדל אים איצט צוברענגען זיינע טשעק־ביכלעך... ער וועט כוח האָבן... ער וועט שרייבן, ער וועט שרייבן אַ גרויסן טשעק און אַוועקגעבן אָט־אָ דעם ווילן מיידל וואָס גלעט אַזוי צאַרט זיין שטערן... ווידער די טשעקן... ער האָט דאָך געוואָלט פאַרגעסן אין דעם... ער ווייסט, אַז ער האָט זיך אַליין אָפּגע־נאַרט... ער האָט דאָך בלויז דעפּאָזיטירט גרויסע סומעס אין די בענק. דאָס אַלץ איז דאָך פאַרשריבן אין די ביכער, „קוענטאַ קאַריענטע" און די טשעק־ביכער האָט דאָך איצט זיין זון, זיין פאַרשווענדערישער זון, און וואָס האָט ער אַליין? ער האָט דאָך עפּעס אונטערגעשריבן אַ טשעק „ען בלאַנקאָ" און מיט וואָס, מיט וועלכע מעשים־טובים וועט ער אים דעקן?... ער האָט ערשט נעכטן געקענט עפּעס אויפטון פאַר זיך...

און אין דאָן כאַקאָבאָס מוח לויפן פאַרביי אַ גאַנצע ריי געזעלשאַפטלעכע פאַרשטייער, נאָך געלט פאַרן שפּיטאָל, בית־יתומים, פאַר מדינת ישראל, פאַר דעם, פאַר יענעם; אמת טאַקע אַ סך זאַכן אָבער ער האָט דאָך געקענט געבן איבעראַל, ער האָט דאָך אַ סך, אַ סך, אַ גרויס פאַרמעגן און עס וואָלט גע־קלעקט און ער וואָלט אָנגעזאַמלט קוענטאַ קאַריענטע פאַר זיך, און עס וואָלט נאָך געבליבן גענוג פאַר זיינע זין צום פאַרשווענדן.

זיינע געדאַנקען האָבן זיך אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך באַמיט צו קאָנצענטרירן און אָט פילט ער אַ וואַרעמקייט אין זיינע גלידער,

ער איז אויפֿן פּלאַץ, ער ווייסט עפּעס; אוי, ווי גוט וואָלט געווען אַז עס זאָל טאַקע אַזוי זיין... דאָס שיינע מיידל דאָ... זאָל זי אים נאָר אַזוי גלעטן, זאָל זי אים ראַטעווען, זי, נאָר זי קען אים ראַטעווען און אַז זי וועט עס באַווייזן, אַז ער זאָל זיך כאָטש קענען אויפזעצן אין בעט, וועט ער שוין אַלץ גוט מאַכן... ער וועט איבערווייזן אַלע זיינע באַנק־קאָנטעס אויף זיין אייגענער, אויף זיין אייביקער קוענטא קאָריענטע... אוי, וועט דאָס זיין גוט!...

עס האָט אויסגעזען, אַז דער קראַנקער קומט צו זיך. אויף דאָן כאַקאָבאָס פּנים האָט זיך באַוויזן קאָליר און די קראַנקן־שוועסטער האָט עס מיטגעטיילט צו מאַטילדעס אַ ברודער און עס איז באַלד געוואָרן אַ סומאַטאָכע. מאַטילדע און די צוויי זינדלעך זענען צוגעלאָפֿן צום בעט. מאַטילדע האָט ווידער געוואָלט צופאַלן מיט אַ געיאָמער, נאָר די קראַנקן־שוועסטער האָט זי פֿאַרהאַלטן.

אַדאָלפֿאָ האָט זיך געפּרווט:

— פּאַפּאָ!... פּאַפּאָ! דו זעסט מיך?

יאָ, כאַקאָבאָ האָט אים געזען און עס איז אים ווידער פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. די קאָליר פֿון זיין פּנים איז צוריק פֿאַרשוווּנדן און ער האָט נאָר בלויז געהערט עפּעס ווי ווייטע אָפּקלאַנגען פֿון קולות. ער האָט געדענקט, אַז נעבן אים איז געשטאַנען אַ שיין מיידל... ווער איז זי? איז זי נאָך דאָ?... ער זעט זי נישט... ער זעט איצט גאָרנישט. ער ווייסט, אַז ער גייט שוין צוריק צום שטויב און אַז ער האָט נישט קיין דעפּאָזיט אין זיין הימלישער „קוענטא קאָריענטע"... — שטויב... שטויב... אַ שטורעמווינט מיט שטויב...

אַ פֿאַרשטאַרקטע דאָזע אָקסיכען האָט דעם קראַנקן געשטאַרקט צו קענען פֿאָרזעצן זיינע טראַכטענישן.

— שטויב... אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט און פֿאַר זיך גאָרנישט פֿאַרגרייט... אוי, ווען דאָס זאָל זיין אַזוי!...

אַ נייער געדאַנק האָט אין זיין מוח אויפגעלויכטן:

— די חברה קדישא!... אוי, וועט זי דאָס ביי זיינע קינדער שינדן די הויט!... גוט אַזוי... ער לאָזט איבער גענוג... זאָל די חברה קדישא פֿאָדערן וואָס מער... אפשר וועט דאָס פֿאַרשריבן ווערן אויף זיין קאָנטאָ... יאָ... ער איז געראַטעוועט. נאָר ווו איז דאָס מיידל?... האָט זיך אים בלויז אויסגעוויזן? ער הערט מאַטילדעס קולות, ער הערט זיינע זינדלעכס אויסרופֿן: פּאַפּאָ! פּאַפּאָ! עס ווילט זיך אים לאַכן פֿון אַן אַלטער זאַך, וואָס ער האָט זיך דערמאָנט, אָבער עס פֿאַרפּעלט אים אָטעם... שטויב, שטויב, שטויב האָט זיך אים פֿאַרלייגט אין האַלדז און דער שטויב שטיקט אים, שטיקט... שטיק...

די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך איבערגעצלמט און איבערגעדעקט דאָס ליילעך איבער דאָן כאַקאָבאָס פּנים...

# פימסענהאָלץ, דער שרייבער

.1

שוין צוויי שעה ווי שלמה פימסנהאָלץ דער שרייבער, גייט אַרום אין זיין קליינעם שרייב־צימערל אויף און אָפּ אַ פּאַרטיפּטער אין געדאַנקען.

נאָך זיינע איבערלעבענישן אין משך פון נעכטיקן טאָג איז ער היינט אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט און ער קען זיך עפּעס נישט קיין אָרט געפינען.

די שמאָל־געשניטענע שטרייפן ווייס פּאַפּיר ליגן אויפן טיש גרייט איינצוזאַפּן אין זיך די טינט געמישט מיטן מאַרך פון שרייבער; די פּען ליגט דערנעבן און וואַרט אויף דער באַרירונג פון פימסנהאָלצס ביינערנע פינגער, זיי זאָלן זי טובל זיין אין דעם טינטער און אָנהייבן לויפן מיט איר אויף גלייכע שורהלעך איבער די פּאַפּיר־שטרייפּעלעך און איבערלאָזן אויף זיי די סמנים פון זיינע טריט; אָבער שלמה זעצט זיך אַלץ נישט צום טיש, ער גייט אַלץ אַרום אין זיין קליין שרייב־צימערל און מחמת דאָס שטיבל איז צו קליין ער זאָל גיין בלויז אויף און אָפּ, גייט ער אַרום דעם טיש, רייבט זיך אָפּט מיט די בייניקע פינגער דעם שטערן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אָנטאַפּן און אָנכאַפּן אַ געדאַנק און זיך ביי אים אָפּשטעלן, נאָר אַנדערע געדאַנקען שפּאַרן זיך צו און זיין מוח פילט זיך ווי געפאַנגען אין אַ נעץ פון טראַכטענישן אָן אַ טאָלק.

ער פילט אַזוי ווי איינער וואָס האָט געלעכצט נאָך אַ טרינק וואַסער און פון שטאַרקן דורשט, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם און ער טרינקט זיך אין אים.

נאָך צוויי שעה אַרומדרייען זיך אין דעם שטיבל, האָט ער איינגעזען, אַז די הקפות אַרום זיין שרייב־טישל וועלן אים היינט צו גאָרנישט דערפירן און ער האָט זיך געפּרוווט אָוועקזעצן צום טישל און נעמען די פּען אין האַנט.

ער האָט געקוקט אויף די שמאָלע ווייסע פּאַפּיר־בייגעלעך אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסכשופן אויף זיי די ווערטער וואָס דריקן איצט אויף זיין געמיט, און זאָלן זיי זיך דאָ אַליין פאָרמירן אין שורות און אויס־קאָמבינירן אין לייענבאַרע לאָגישע זאַצן; אָבער די פּאַפּיר־בייגעלעך זענען

געבליבן ווייס און די פּען וואָס האָט נישט באַקומען דעם קאָנטאַקט מיט זיין געמיט זי זאָל דאָס קענען איבערגעבן אויפן פּאַפּיר, איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

.2

די איינדרוקן מיט וועלכע שלמה האָט זיך אָנגעזאַפּט אין משך פון נעכטיקן טאָג, האָבן ממש דורכגעפירט אַ רעוואָלוציע אין זיין האַרץ און אין זיין מוח.

אין משך פון נעכטיקן טאָג, האָט ער פּלוצים פעסטגעשטעלט, אַז ער דערפילט נישט זיין מיסיע אַלס ייִדישער שרייבער; אַז ער שרייבט נישט דאָס וואָס ער דאַרף שרייבן און אַז ער זאָגט נישט דאָס וואָס ער דאַרף זאָגן.

עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ער איז גערופן געוואָרן צו זיינס אַ לאַנדסמאַן, אַ בן־עיר, זיינס אַ יוגנט־חבר פון זעלבן הויף אין דער אַלטער היים, וועלכער האָלט אין שטאַרבן. שלמה האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם ערשטן אָמניבוס וואָס גייט צו דער ריכטונג פון דער געגנט „פּאַטערנאַל" און ער איז אָנגעקומען אַהין פּונקט אין מאָמענט ווען זיין יוגנט־חבר האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

שוין צוואָנציק יאָר זייט דער יוגנט־חבר איז געקומען קיין אַרגענטינע. די ערשטע צוויי דריי יאָר, האָט זיך שלמה מיט אים גאַנץ אָפט געטראָפן, אַמאָל אין אַ פאַראיין, ביי אַ פאַרזאַמלונג, אַמאָל אין פּאָיע פון ייִדישן טעאַטער אָבער וואָס ווייטער האָבן זיי זיך ווייניקער געזען און שוין יאָרן, ווי שלמה האָט כמעט געהאַט פאַרגעסן אָן זיין יוגנט־חבר אברעמל.

דאָס לעבן האָט זיי פונאַנדערגעטיילט. שלמה, אַ שרייבער און געזעלשאַפטלעכער קולטור־טוער, האָט געוווינט אין זיין באַשיידענער דירה אין צענטער און אברעמל איז געבליבן דאָרט ערגעץ אין אַ ווייט געסל פון געגנט „פּאַטערנאַל", דאָרט געהאָרעוועט, דערצויגן קינדער אין אָרימקייט, אין דער צייט, ווען שלמה האָט געזען בלויז דעם אויפשטייג פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט און פון די פילע יחידים מיט וועלכע ער איז געקומען אין קאָנטאַקט.

אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין אָנקומען קיין אַרגענטינע, האָט שלמה געשריבן שילדערונגען פון דער ייִדישער אָרימקייט און פון קאַמף פאַר פיזישער און גייסטיקער אויפהאַלטונג. אָבער אין משך פון די לעצטע יאָרן, ווען ער האָט אויף יעדן ווינקל פון ייִדישן לעבן געזען עקאָנאָמישן אויפשטייג, ווען אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן באַוויזן אויסצובויען שולן וואָס זענען ממש פּאַלאַצן און ווען עס דערשיינען לינקע, האַלב און פערטל לינקע פּאַרטיי־אויסגאַבעס, וואָס דערמאָנען נישט מיט קיין וואָרט אַז עס איז נאָך פאַראַן אָרימקייט אין אונדזער ישוב און נישט קומענדיק אין קאָנטאַקט

מיט די אָרימע מענטשן וואָס קענען זיך היינט נישט פאַרגינען צו קומען אַפילו צו די פּאַרטיי ימים־טובים, איז די אָרימקייט פּשוט ווי פאַרגעסן געוואָרן, זי איז אינגאַנצן ווי אַרויס פונעם חשבון...

איצט האָט שלמה געטראָפן זיין יוגנט־חבר אברעמל פונקט ווען אַ לעצטער קאָנוולסיווער ציטער האָט אים באַפרייט פון זיינע ליידן און ער האָט דאָ געטראָפן אַזאַ מין אָרימקייט, אַזאַ מין עלנט, וואָס האָט אים ממש ווי אַ האַמער דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ.

אברעמל האָט געהאַט פיר קינדער, צוויי שוין דערוואַקסענע טעכטער וואָס אַרבעטן ביי שטריקעריי. שיינע מיידלעך, און כאָטש אָרעם געקליידט, האָבן זיי שוין געפונען זייערע באַשערטע, ווילע אַרבעטער־בחורים, אָבער חתונה האָבן קענען זיי נישט, ווייל זיי האָבן נישט גענוג געלט איינצושאַפן זיך כאָטש אַ קליינע דירה.

אברעמל האָט געהאָרעוועט אַ גאַנץ לעבן. ער האָט אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך איינצושאַפן אַ מאַשין און אָנהייבן אַרבעטן פאַר זיך און קען זיין, אַז ער וואָלט זיך אויך געוועזן אַרויפגעאַרבעט, אָבער ער איז געווען אַ סאָציאַליסט און ער האָט נישט געוואָלט עמעצן עקספּלואַטירן, זיך באַרייכערן פון יענעמ׳ס פּראַצע און פּאַרטיי־חברים האָבן טאַקע דערפאַר פון אים שטאַרק געהאַלטן, אָבער דאָס לעבן האָט זיך גערוקט ווייטער און ווייטער, אַ סך חברים האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און זיי האָבן זיך געלאָזט קאָסטן אין פּאַרטיי, זיי האָבן כסדר געגעבן באַשטייערונגען און אברעמל איז פאַמעלעך אַראָפּגערוקט געוואָרן צום הינטער־גרונט, ביז מען האָט אים אינגאַנצן אויפגעהערט אַרויסזעען.

דאָ, אין דעם אָרים שטיבל פון אַ יידישן אַרבעטער, האָט זיך שלמה דערוווסט, אַז ווען די פאַמיליע וואָלט געווען געהאַט גענוג געלט צו קויפן פּעניסילין און סטרעפּטאָמיסין, קען זיין, אַז מען וואָלט נאָך דעם אָרימען אַרבעטער געקענט דערהאַלטן ביים לעבן.

דאָ, אויף דעם לאַנגן הויף, האָט שלמה געזען אַ סך אַזעלכע שטיבלעך ווו עס וווינען נאָך מער יידישע אַרבעטער־פאַמיליעס און ביי די מענטשן דאָרט האָט ער זיך אויך דערוווסט, אַז אין דער געגנט וווינען הונדערטער און אפשר גאָר טויזנטער אַזעלכע יידישע אַרבעטער־פאַמיליעס, וועלכע קענען נישט גע־ניסן פון די אַלע אויסגעבויטע שול־פּאַלאַצן, ווייל זיי פאַרדינען נישט אַזויפיל, כדי צו קענען צאָלן די היינטיקע גרויסע אָפּצאָלן און אַ סך פון די פילע אָרימע און האָרעפּאַשנע אַרבעטער־פאַמיליעס ליידן זייער פיל, טאַקע נאָר צוליב זייער וועלן בלייבן יידן און אויפהאַלטן יידישקייט, ווייל דאָס פאָדערט אַלעמאָל ספּע־ציעלע הוצאות און אַ סך פון די דאָזיקע דערוואַרט פּשוט דערזעלבער גורל פון זיין יוגנט־חבר אברהמל...

פאָרנדיק צוריק פון בית־עולם, האָט שלמה איבערן גאַנצן וועג גע־

טראַכט וועגן גורל פון זיין יוגנט־חבר און וועגן די אַלע אָרימע ייִדישע פּאַ־מיליעס וואָס באַרגן זיך דאָ איינערביים אַנדערן אַ ייִדישע צייטונג, כדי צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער ייִדישער וועלט און שלמה האָט זיך אַריינגע־טראַכט אין דעם געמיט־צושטאַנד פון די דאָזיקע, וואָס זיי פּילן ווען זיי לייענען וועגן די גרויסע אויפטוען אין אונדזערע שולן, וועגן דעם אויפשטייג אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו וועלכן זיי האָבן נישט קיין צוטריט, צוליב זייערע אָרימע מעגלעכקייטן...

פון בית־עולם איז שלמה נישט געפאָרן אַהיים, נאָר צוריק צו דעם געסל, אויף דעם הויף פון דער אָרימקייט און אַרבעטזאַמקייט, דאָרט האָט ער גע־רעדט און געפּאָרשט און זיך צוגעקוקט, געזען ווי די קינדערלעך שפּילן זיך און שלאָגן זיך אויף דעם לאַנגן הויף. די קינדערלעך כמעט אַלע אין צעריסענע אָדער שוין שטאַרק־אָפּגענוצטע שיכעלעך און געלאַטעטע הייזלעך און די מייד־לעך, עלטערע זענען ביי דער אַרבעט און די יונגערע שטייען און וואַשן וועש אָדער די בלעכענע טעלער און ווען ער איז ענדלעך פאַרנאַכט־צו געפאָרן אַהיים, האָט ער זיך געפילט עפּעס אַזוי ווי אַ באַטעריע פון וועלכער עס איז געהאַט אויסגעצאַפּט די עלעקטרישע ענערגיע, נאָר מען האָט זי צוריק אָנגעפילט און אַלע אברים האָבן צו אים געשריגן: — געדענק, שלמה, אַז וויפל מען האָט שוין אויסגעבעסערט דעם מצב פון דעם אַרבעטער, פון דעם האַרעפּאַשנעם מענטשן, עקזיסטירט נאָך אַלץ פאַר דעם ייִדישן אַרבעטס־מענטש, צוליב זיינע ספּעציפיש־ייִדישע באַדערפענישן, דער סאָציאַלער פּראָבלעם!...

.3

די נאַכט איז פאַר שלמה פּימסנהאַלץ געווען אַ שווערע, אַ פּייניקנדיקע.

אין האַלבן דרימל האָט זיין מוח געמאַכט חשבונות, געפּרוווט דורכפירן אַ סטאַטיסטיק וויפל ייִדן עס האָבן זיך אין משך פון די לעצטע יאָרן אַרויפגע־אַרבעט און כסדר, ווען ער האָט דערפילט אַ טעות אין חשבון, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און וואַכנדיקערהייט ווייטער געטראַכט און גערחשבונט און אויפ־געוועקט אין געדאַנק די בילדער פון די אַלע געזעלשאַפטלעכע טוער און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אָט, ערשט נישט לאַנג צוריק, זענען דאָך די אַלע נאָך געווען אין דעם זעלבן מצב ווי די־אָ, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געזען אין דער געגנט פאַטערנאַל און אין זיין מוח זענען אויפגעשווומען די בילדער פון די פּאַרטיי־טוער, פון די פּערטל, האַלבע און גאַנץ לינקע פּאַרטיי־טוער, אַלץ רייכע, אַרויפגעאַרבעטע ייִדן, וואָס פאַרמירן זיך אין בוי־קאָמיטעטן, מען בויט פּיתום־ורעמסס, סאַלאָנען מיט ווייכע פּאַטעלן, מיט באַגלאָזטע טישן, מען מאַכט באַערונגס־באַנקעטן מיט טייערע „קוביערטאָס״, און אַלץ אין נאָמען פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין נאָמען פון די אַרבעטער־אידעאַלן, אין נאָמען פון ייִדישער אַרבעטער־דערציִונג, נאָר די וועלכע וואַרטן באמת, אַז אָט אָ די

אַלע שיינע אידעאַלן זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן, די אַלע באמת האַרעפּאַשנע יידישע אַרבעטער, וועלכע בילדן נאָך אַלץ דעם קערן פון אונדזער פאָלק, די לעבן ווי פאַרגעסענע, דאָרט אין די ווייטע שטאָט־געגנטן, אין די אָרימע געסלעך, צונויפגעדריקט גאַנצע פאַמיליעס אין קליינע שטיבלעך און ווו מאַנכע קינדער רעדן יידיש, כאָטש זיי האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו גיין אין אַ יידישע שול, ווייל טאַטע־מאַמע רעדן צו זיי יידיש...

— געדענק, שלמה אַז פאַר דעם יידישן אַרבעטס־מענטש עקזיסטירט נאָך דער סאָציאַלער פּראָבלעם, און גרויס איז די אומגערעכטיקייט, וואָס ער, דער יידישער לויך־אַרבעטער, ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגערוקט אין הינטערגרונט פון אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן און דאָס לעגיטימע וואָרט פון זיינע נויטן, ווערט אין ערגעץ נישט געהערט...

לאַנג איז שלמה אַזוי געזעסן ביי זיין טישל אין דעם קליינעם שטיבל, ביז צווישן די אַלע געדאַנקען וואָס האָבן אָנגעפילט זיין מוח, האָט אויפגעלויכטן אַ געדאַנק, אַז ער אַליין, געפינט זיך אייגנטלעך אין אַזאַ זעלבן מצב ווי די אַלע וואָס ער האָט נעכטן געזען ביי דער אָרימער לויה און ער האָט אָנגעהויבן אַריינטראַכטן אין דעם, ווי אַזוי עס האָט געקאָנט געשען, אַז ער, שלמה פּימ־סנהאָליץ, זאָל ווערן אַ פּראָסטער נאָכלויפער, אַז ער זאָל זיך אַזוי לאָזן אַריינ־דרייען אין די רעדער פון רווישנדיקן לעבן, אַז ער זאָל פאַרלירן דעם חוש צו קענען הערן דעם קול דממה פון מענטשלעכע און יידישע נויטן...

יאָ, ווי אַמאָל עמיל זאָלאַ, וועט ער איצט אָנשרייבן זיין „זשאַ אַקוסאַ“!

ער וועט באַשולדיקן און אָנקלאָגן די אַלע וואָס האָבן פאַרוואַנדלט די אָרים־איינגעאָרדנטע פּאַרטיי־קעמערלעך און די קליינע שטיבלעך פון קול־טור־קרייזלעך אין גרויסע פּאַלאַצן און רייך־איינגעאָרדנטע סאַלאָנען, צו וועל־כע עס האָבן מער נישט קיין צוטריט די אַלע, וואָס אין זייער נאָמען איז דאָס אַלץ געשאַפן געוואָרן און זיי, די אָרימע און אַרבעטנדיקע וואָלטן דאָ באַדאַרפט פאַרנעמען דעם אויבנאָן!...

ער וועט אויסשרייען זיין צער און צאָרן קעגן דעם באַקאַנטן לידער פון די לינקע, דעם רייכן פאַבריקאַנט, וועלכער רעדט וועגן בויען, אַ נייעם גרויסן בנין פאַר זיין פּאַרטיי, בעת דער טאַטע פון די צוויי כלה־מיידלעך, וואָס אַר־בעטן ביי אים אין פאַבריק, האָט געמוזט שטאַרבן פאַר דער צייט, ווייל עס האָבן געפעלט די מיטלען אים צו ראַטעווען!...

און די פעדן אין שלמהס ביינערדיקע פינגער, האָט געכאַפּט קאָנטאַקט מיט דעם שנעל־פולסירנדיקן בלוט אין שלמהס אָדערן און זי האָט אָנגע־הויבן לויפן פון רעכטס צו לינקס איבער די שמאָלע פּאַפּיר־בייגעלעך, אי־בערלאָזנדיק נאָך זיך גלאַנצנדיקע שורהלעך מיט פערלדיקע יידישע אותיות...

# אַ מיליאָן פּעזעס נדן

1.

עס איז שוין לאַנג, לאַנג, זינט מיט רחלען איז געשען דער גרויסער אומגליק. די שכנים פון זעלבן גרויסן הויף און די שכנים פון אַרום וואָס האָבן זי באַווײנט און באַדויערט, האָבן זיך שוין לאַנג אַריבערגעקליבן אין אַנדערע גרעסערע און שענערע דירות און אַ טייל אַפילו אין זייערע אייגענע הייזער און זיי האָבן די פאַראומגליקטע רחלע שוין לאַנג פאַרגעסן; אָבער רחלע האָט נאָך אַלץ געוווינט צוזאַמען מיט איר אָרימען פאָטער אין דעם קליינעם שטיבל אין דער טיף פון דעם לאַנגן שמאָלן הויף פון דער אַלטער „קאָנוועגטיזשע“.

דער פראָנט־טייל פון דעם אַלטן הויז איז שוין לאַנג איבערגעבויט געוואָרן, מען האָט געעפנט צוויי געשעפטן און עטלעכע שטיבלעך זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט בלעכענע ווענטלעך און געוואָרן „דעפּאַרטאַמענטלעך“, אין וועלכע עס האָבן זיך אַרײַנגעקליבן נייע שכנים, נאָר די קראַנקע אומגליקלעכע רחלע איז נאָך אַלץ געלעגן אין זעלבן שמאָלן אייזערנעם בעטל, אָדער זיך מיט שוועריקייטן אַרומגעראַטשקעט איבער דעמזעלבן קליינעם פאַרוואָרלאָזטן שטיבל אין דער טיף פון דעם לאַנגן שמאָלן הויף, און געוואַרט, ביז איר אָרימער פאָטער וועט איר עפּעס אַרײַנברענגען פון גאַס, וואָס זאָל זי האַלטן אין קאָנטאַקט מיט דעם דרויסנדיקן לעבן און מיט דער דרויסנדיקער וועלט.

שוין צוועלף יאָר זענען פאַרגאַנגען זינט מיט איר איז געשען דער גרויסער אומגליק. זי איז דעמאָלט געווען אין שענסטן בלי פון איר יוגנט. אָרים ווי אירע טאַטע־מאַמע זענען געווען, האָט רחלעס שיינקייט פאַרשטראַלט דעם הויף. ווען זי האָט זיך אַרויסגעלאָזן גיין פון דעם אָרימען שטיבל צו דער אַרבעט האָט זי געפילט אויף זיך אַלעמענס בליקן און זי האָט געהאַט אַ סך וואַכנדיקע זיסע חלומות וועגן אַ גליקלעכע צוקונפט.

זי האָט שוין אַפילו געהאַט איר אויסדערוויילטן בחור, אַ חבר פון סינדיקאַט, וואָס האָט זי יעדן שבת ביינאַכט געבומען אויף אַ טאַנץ־אונטערהאַלט און אין סינדיקאַט גופא, אָדער אין ביבליאָטעק, האָבן זיך אַזוי פיל יינגלעך געדרייט אַרום איר, געזוכט איר באַקאַנטשאַפט, געמאַכט איר קאָמפּלימענטן

וואָס האָבן זי אָנגעפילט מיט אַזוי פיל פרייד און איר געגעבן אַזוי פיל רייץ צום לעבן און פלוצים איז דאָס אַלץ אַזוי ווי מיט אַ מעסער אָפּגעשניטן געוואָרן פון איר, זי איז קראַנק געוואָרן, אַ סך, אַ סך חדשים אָפּגעלעגן אין פאַרשידענע שפּיטעלער אין די באַזונדערע אָפּטיילונגען פאַר „פּאַראַליזיס אינפאַנטיל״, די דאָקטוירים האָבן זי געראַטעוועט פון טויט, אָבער זי איז געבליבן אַ קריפּל אויף איר גאַנצן לעבן.

די מוטער האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון איר פּאַראַומגליקטער איינציקער טאָכטער און פון וויטיק און האַרץ־קלעמעניש איז זי קראַנק געוואָרן, דער פאָטער האָט זי אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, פון וואַנען זי איז מער נישט צוריקגעקומען און רחלע האָט אַפילו נישט געקענט גיין צו דער לויה פון איר געטרייער מאַמע.

דער פאָטער האָט נאָך געפּרוווט „איינלייגן וועלטן״, זיך אויסגעליידיקט ביזן לעצטן סענט און געדופן דאָקטוירים, געוואָלט מען זאָל זי נאָכאַמאָל ערגעץ אויפנעמען אין אַ שפּיטאָל און פּרווון זי ראַטעווען, אָבער לויט די דאָקטוירים האָט עס געהייסן, אַז פיזיש און גייסטיק איז זי שוין געזונט, נאָר וואָס די פיס אירע זענען פון דער געפערלעכער קראַנקייט געבליבן אַטראָפירט, צו דעם קען מען דערוויילע גאָרנישט העלפן, בלויז איין גאָט קען באַווייזן, אַז מיט דער צייט זאָל זי זיך קענען שטעלן אַליין אויף די פיס...

.2

קיין נס איז נישט געשען; רחלע איז געבליבן אַ קאַליקע אויף די פיס. מיט די אויבערשטע טיילן פיס האָט זי צוביסלעך געקענט באַוועגן, נאָר פון די קני׳ען האָבן איר די אָפּגעדאַרטע אַטראָפּירטע פיס אַראָפּגעהאַנגען ווי דינע שטעקעלעך און זי האָט מיט זיי נישט געקענט באַוועגן.

אַ צייט לאַנג נאָכדעם ווי איר מוטער איז געשטאָרבן, האָט רחלע געטראַכט וועגן זעלבסטמאָרד; נישט קענענדיק אַראָפּגיין פון בעט, האָט זי שוין עטלעכע מאָל געפּרוווט זיך צו דערשטיקן, נאָר עס האָט זיך איר נישט איינגעגעבן און אַזוי האָט זי זיך פּאַמעלעך צוגעוווינט צו איר פּיינלעכער סיטואַציע און זי האָט אָנגעהויבן זוכן די מיטלען ווי אַזוי צו פאַרגרינגערן פאַר זיך דאָס שווערע לעבן.

רחלע האָט זיך דערמאָנט אַז זי קען שטריקן, האָט זי געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל איר ברענגען וואָל מיט די נייטיקע נאָדלען.

דער פאָטער, אַ הענדלער וואָס וואַנדערט איבער די גאַסן מיט אַ קיישל קליינינקייטן און זוכט אַ קונה, האָט באַלד דערפילט זיין קינדס באַגער, געבראַכט איר וואָל מיט שטריקער־נאָדלען און רחלע האָט אָנגעהויבן אויסשטריקן אַ סוועטער.

אַ לאַנגע צייט האָט די אַרבעט רחלען צעשטרייט און זי האָט געטראַכט

וועגן אָפּקלייב פון פֿאַרבן און כדי וואָס מער אַריינצוטון זיך אין דער אַרבעט, האָט זי געזוכט אויסצואַרבעטן קאָמפּליצירטע מאָדעלן און קאָמבינאַציעס פון פֿאַרשידענע קאָלירן און עס האָט זיך איר איינגעגעבן. דער פֿאָטער האָט אין גאַס שנעל באַקומען קונים אויף זיין טאָכטערס האַנט־אַרבעטן און דאָס איז אויך געווען אַ גוטע מיטהילף צו דער אָרעמער פּרנסה וואָס זיין קיישל האָט אים געגעבן, און ער האָט אַהיימגעבראַכט בעסערע שפּייז־אַרטיקלען וואָס ער האָט אַליין צוגעגרייט און געקאָכט און דערלאַנגט דער טאָכטער אין בעט אַריין.

אָבער מיט דער צייט, ווען די אַרבעט איז ביי רחלען געוואָרן ווי מעכאַ־ניש, און אויפגעהערט צופיל צו פֿאַרנעמען איר געדאַנק, האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פֿאַרשידענע זאַכן פון איר ליכטיקן אַמאָל, ווען זי איז געווען געזונט און געהאַט אַזוי פיל האָפֿענונגען פֿאַר איר צוקונפֿט און בענקענישן האָבן זי אָנגעהויבן פּייניקן און זי האָט אָנגעהויבן פילן איר אָפּגעריסנקייט פון דער וועלט און פון דרויסנדיקן לעבן — אַ לעבעדיקער מת...

— פֿאָפּאָ... ברענג מיר פון גאַס אַ פּאָר צייטונגען און זשורנאַלן.

דער פֿאָטער, אַ פּראָסטער תמימותדיקער מענטש וואָס האָט זיך צוגעצ־וווינט נישט צו שטעלן קיין גרויסע פֿאָדערונגען צום לעבן און ער האָט זיך נאָך דעם אומגליק מיט זיין קינד כסדר געגערט מיט דעם צער אירן, האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, אַז זי זאָל נישט זען ווי זיינע אויגן פילן זיך אָן מיט טרערן: — יאָ, ביסט גערעכט; איך וועל דיר ברענגען.

די צייטונגען און זשורנאַלן האָבן אין דעם אָרעמען שטיבל אַריינגע־בראַכט אַ ניי לעבן, זיי האָבן אָפּגעפרישט דאָס געמיט פון דעם אומגליקלעכן מיידל.

זי האָט איינגעטיילט די צייט פֿאַר אַרבעט און ווען זי איז מיד געוואָרן פון דער אַרבעט ביים שטריקן, האָט זי גענומען בלעטערן און דורכקוקן די צייטונגען און זשורנאַלן וואָס דער פֿאָטער האָט איר כסדר געבראַכט.

די צייטונגען האָבן רחלען צוריק פֿאַרבונדן מיט דער דרויסנדיקער וועלט און מיט דעם לעבן און אַמליבסטן איז איר געווען דורכצוקוקן די סאָציאַלע אָפּטיילונגען מיט בילדער פון חתן־כלה־פּאָרלעך וואָס האָבן זיך ערשט פֿאַרלאָבט, אָדער וואָס האָבן נאָר־וואָס חתונה געהאַט.

די אָפּטיילונגען, כאָטש זיי האָבן זי דערמאָנט אָן איר אַמאָליקן בחור, אָן אַלבערטאָן, וועלכן זי האָט זינט דעם אומגליק מער נישט געזען און זי וועט אים שוין זיכער קיינמאָל מער נישט זען, נישט אים און נישט קיין אַנ־דערן חתן, זענען איר געווען ליב און אפשר זענען די חתן־כלה־בילדער טאַקע דערפֿאַר איר געווען ליב, ווייל זיי האָבן אין איר געוועקט נישט בלויז איר פּיין, נאָר אויך אירע מיידלשע געפילן וואָס פֿאַרזיסן די פּיין...

דער קאָנטאַקט מיט דער דרויסנדיקער וועלט, וועלכן זי האָט באַקומען

אַ דאַנק די צייטונגען און זשורנאַלן, האָט רחלען פאַרשאַפט אי פּיין און אי געוועקט אירע מיידלשע רייצן און די רייצן האָבן זי געמוטיקט ביז זי האָט איינמאָל, ווען דער פאָטער איז נישט געווען אינדערהיים, געוואַגט אַראָפּצוקריכן פון בעט און ווען די אָפּגעדאַרטע דינע פיסלעך האָבן זיך אונטער איר געבראָכן און זי איז געפאַלן, האָט זי אָנגעהויבן ראַטשקען אויף אַלע פיר איבער דעם פּאָל, ביז זי איז צוגעקומען צו דער שאַפע, פון דאָרט האָט זי אַרויסגענומען אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס און צוריק צום בעט.

לאַנג האָט עס געדויערט ביז זי האָט זיך צוריק אַרויפבאַקומען אין בעטל אַריין. עטלעכע מאָל, ביי דורכגעפאַלענע פּרוּוון, האָט זי אַ טראַכט געטון, אַז זי וועט אַזוי מוזן בלייבן ליגן אויף דער ערד, ביז דער טאַטע וועט קומען און זי אַרויפהייבן אין בעט אַריין. אָבער זי האָט געפּרוּווט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, ביז עס האָט זיך איר איינגעגעבן אַרויפצודראַפּען זיך אויפן בעטל אַרויף.

אַבי איינמאָל איינגעגעבן, איז זי שוין יעדן טאָג אַראָפּ פון בעטל, אַרומגעפּויזט איבער דעם שטיינערנעם פּאָל פון שטיבל, זי האָט שוין אַפילו געפּרוּווט אַרומוואַשן דעם פּאָל פון שטויב און שפּעטער האָט זי שוין — צו איר פאָטערס גרויסער פרייד — אַליין געקענט אָנצינדן די פּרימוס־מאַשינקע וואָס איז געשטאַנען אויף אַ נידעריק טאַבורעטל. דאָס קענען אָנצינדן די פּרימוס־מאַשינקע האָט פאַר איר ווי פאַר דעם פאָטער געמיינט ממש אַ גרויס גליק.

אָבער אַמליבסטן איז איר געווען, ווען זי האָט זיך נאָך אַ סך אָנשטרענגונג אַרויפבאַקומען צוריק אין בעטל אַריין און זי האָט גענומען איבערקוקן די בילדער אין די זשורנאַלן און זי האָט צו זיי צוגעלייגט איר שיינע פאָטאָגראַפיע וואָס זי האָט זיך געמאַכט בלויז אַ פּאָר טעג איידער דער אומגליק האָט זי געטראָפן און זי האָט גענומען פאַרגלייכן איר בילד מיט די בילדער פון די כלות וואָס זי האָט געזען אין די זשורנאַלן נעבן זייערע חתנים.

און אַזוי זענען פאַרגאַנגען טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן פון רחלעס אַמאָליקן אַזוי שיינעם, ביז דער היינטיקער רחלעס אַזוי פּיינפולן לעבן...

.3

שוין לאַנג האָט דער פאָטער געפּלאַנט צו קויפן פאַר זיין רחלע אַ וועגעלע מיט וועלכן ער זאָל זי קענען אַרויספירן אַביסל אויף דער פרייער לופט, אָבער רחלע האָט עס בשום אופן נישט געוואָלט האָבן; זי האָט נישט געוואָלט זען די וועלט. איצט, זעענדיק אַזאַ ענדערונג אין דעם מיידלס געמיט־צושטאַנד, האָט ער ווידער געפּרוּווט רעדן דערפון, ער האָט זי צוגערעדט, אַז ער וועט איר קויפן אַזאַ גוט וועגעלע וואָס זי וועט מיט די הענט קענען אַליין

אָנפירן און זי וועט זיך דערמיט קענען באַוועגן און אַפילו אַרומפאָרן אויף אַ פלאַסע; אָבער זי האָט אַלץ נאָך נישט צוגעשטימט. זי וויל עס נישט און זי דאַרף עס נישט.

נאָר אין איינעם אַ טאָג, ווען דער פאָטער האָט איר צוגעטראָגן אַ טעפּל עסן צום בעט, האָט זי מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט אויסגערופן צו אים:

— פאָפּאָ, דו ביסט דאָך אַזוי גוט צו מיר... דו ווילסט מיר קויפן אַ וועגעלע... גוט, אָבער צוערשט וויל איך ביי דיר עפּעס בעטן... זאָלסט מיך נישט פרעגן צו וואָס און צו ווען, נאָר זאָלסט עס טון פאַר מיר...

— זאָג, רחלע, קינד מיינס, אַפילו דאָס טעלערל פון הימל, אַבי איך זאָל עס נאָר קענען פאַר דיר דערגרייכן...

— אַ קלייניקייט, פאָפּאָ... נעם די פאָטאָ און גיי אַריין צו אַ פאָטאָגראַ־פיסט און באַשטעל אַ טוץ קאָפּיעס וואָס זאָלן זיין פּונקט אַזוי ווי דאָס מוסטער.

דערזעענדיק אַז דאָס איז רחלעס פאָטאָגראַפיע פון דעמאָלט, ווען איר לעבן איז נאָך געווען פול מיט פרייד, האָט עס אים אַ קלעם־געטון ביים האַרצן און ער האָט זיך געמוזט שטאַרקן, צוריקצוהאַלטן די טרערן וואָס האָבן גענומען גלאַנצן אין זיינע אויגן. ער האָט גענומען דאָס בילד און איז אַרויס פון שטיבל.

גייענדיק זוכן אַ פאָטאָגראַף, האָט ער איבערן וועג נאָכגעטראַכט צוליב וואָס זיין אומגליקלעכע טאָכטער דאַרף האָבן די קאָפּיעס פון דעם בילד, אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט צוטראַכטן און האָט עס צוגעשריבן בלויז צו אַ קאַפּריז פון אַן אומגליקלעך נפש און ער האָט געוואָלט באַפרידיקן איר קאַפּריז, אַבי זי זאָל כאָטש האָבן די איינע הנאה וואָס זי האָט אַ געטרייען טאַטן.

רחלע האָט אָבער יאָ געוווּסט די סיבה און דעם צוועק צוליב וואָס זי דאַרף האָבן קאָפּיעס פון איר אַמאָליקער פאָטאָגראַפיע; לאַנג האָט עס גע־דויערט ביז עס האָט זיך אין איר מוח אויסגערייפט דער געדאַנק פאַר אַ פיקסער אידעע און די פאָטאָס זענען בלויז געווען אַ טייל פון איר אויסגע־אַרבעטן פלאַן ווי אַזוי צו קענען די פיקסע אידעע פאַרווירקלעכן.

ווען די פאָטאָס זענען פאַרטיק געוואָרן, האָט זי ווידער געבעטן איר פאָטער, ער זאָל זי נישט פרעגן פאַרוואָס און פאַרוועו, נאָר זאָל אַוועקגיין אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער און דער צייטונג און אַריינגעבן דעם אַנאָנס וואָס זי וויל פאַרעפנטלעכן.

אויפן וועג צו דער באַטרעפנדיקער צייטונג, האָט דער פאָטער אי־בערגעלייענט דאָס באַשריבענע שטיקל פּאַפּיר וואָס רחלע האָט אים געגעבן און אַ שאַרפער ווייטיק האָט גענומען דריקן אויף זיין האַרץ.

— נישט אַנדערש, נאָר דיליידן האָבן זי געררירט פון זינען...

**און כאָטש ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ ווילדן קאַפּריז, האָט ער עס געוואָלט נאָכגעבן, זאָל די אומגליקלעכע זיין צופרידן.**

**פאַרן אַריינגיין אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער אויסגאַבע, האָט ער זיך געוואָלט איבערצייגן צי ער האָט נישט געמאַכט אַ טעות און ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דעם טעקסט וואָס זיין טאָכטער הייסט אים שטעלן אַלס אַנאָנס אין דער צייטונג; ניין, ער האָט נישט געמאַכט קיין טעות. דער טעקסט פאַרן אַנאָנס האָט זיך געלייענט אַזוי:**

## אַ יונג מיידל

איינציקע טאָכטער, שיין, אינטעליגענט, האָט אַ מיליאָן פּעזעס נדן, האָט אַ שיינע איינגעאָרדנטע דירה אין איר אייגן הויז, זוכט צו שליסן באַאַקנטשאַפט מיט אַ פּראָפעסיאָנאַל, אינטעלעקטואַל אָדער סתם אינטעליגענטן שיינעם ברונעטן בחור, וואָס זאָל זיין ביז 28 יאָר אַלט, געזונט הויך, פון פיינער משפּחה און מיט אַ שיינעם אויס־זען. אָנבאָטן קען מען צושיקן בריוולעך צו דער אַדמיניסטראַציע פון דער אויסגאַבע, פאַר נומער 21...

**4.**

**די אומגליקלעכע רחלע האָט ווי געפונען אַ זין פאַר איר טרויעריק לעבן.**

**איר אַנאָנס האָט געמוזט מאַכן אַ גאַר גרויסן פוראָר אין אַלע בחורשע קרייזן פון רייך און אָרעם, ווייל יעדן טאָג האָט איר דער פאָטער געבראַכט פון דער צייטונג פּעקלעך בריוו וואָס זענען אָנגעקומען פאַרן נומער „21״, און רחלעס פּנים האָט געפלאַמט פון עמאָציע ווען זי האָט צעעפנט די בריוו און געלייענט די פאַרשידענע האַנט־ און מאַשין־שריפטן פון יונגעלייט וואָס האָבן זיך אָנגעבאָטן אַלס ווירדיקע צו בעטן איר האַנט...**

**לייענענדיק די בריוו, האָט רחלע איבערגעלעבט און דורכגעפילט דאָס גאַנצע גליק פון יוגנטלעכע מיידלשע פרייד און אַ נייער קוואַל פון גליק האָט זיך פאַר איר געעפנט, ווען זי האָט אַרויסגעשיקט צו די בחורים־פּרע־טענדענטן קאָפּיעס פון איר אַמאָליקער פאָטאָגראַפיע און זי האָט אַלס ענט־פער באַקומען די פאָטאָס פון די פּרעטענדענטן מיט בייגעלייגטע ליבעס־בריוולעך.**

**רחלע האָט געפיבערט פון פרייד און גליק. זי האָט געלייענט די ליבעס־ווערטער פון די אומבאַקאַנטע שיינע יונגעלייט, די קאָמפּלימענטן וואָס זיי האָבן איר געמאַכט, אויפן סמך פון איר פאָטאָגראַפיע וואָס זיי האָבן באַקו־מען און דאָס האַרץ האָט דערהויבן איר געמיט ביז צו אַ פיבערדיקן עקסטאַז וואָס האָט זי געמאַכט גלייבן אַז דאָס אַלץ איז אַ ווירקלעכקייט, אַז זי איז**

טאַקע אַ מיליאָנערסקע יונגע בת־יחידה וואָס בחורים שלאָגן זיך צוליב איר און אַלע באַמיִען זיך צו געווינען איר האַרץ און זי איז גליקלעך, גליקלעך!...

אָט זיצט זי איצט אויף איר שמאָלן אַלטן אײַזערנעם בעטל און זי שרײַבט ענטפערס אויף די פילע ליבעס־בריוו; עס ליגן פאַר איר אויסגע־לייגט אויפן צודעק די פאָטאָגראַפיעס פון די בחורים און יעדנס אויסזען און שמייכלדיקער בליק, דיקטירט איר וואָס צו שרײַבן און זי פיבערט און שרײַבט, קוקט אויף די פאָטאָס און שרײַבט: זי קלײַבט און בראַקירט מאַנכע בילדער און לייגט אַרויס אַנדערע, וואָס זענען איר אויס לייטישער און מער ווירדיק צו דערגרייכן איר יאָ־וואָרט און זי שרײַבט; זי פילט זיך שוין אַזוי מיד, אַז זי גלײַכט זיך אויס אויפן געלעגער, עס שליסן זיך אירע אויגן און זי ווערט אַנטשלאָפן.

---

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי רחלע איז נאָכן שרײַבן אַ סך בריוו אײַנגעשלאָפן, איז אָנגעקומען דער פאָטער אירער.

ער האָט געבראַכט מיט זיך אַזאַ דריי־רעדערדיק וועגעלע וואָס מען קען עס באַוועגן מיט די הענט אַזוי ווי מען באַוועגט אַ ביציקלעט מיט די פיס; ער האָט געלאָזן שטיין דאָס וועגעלע ביי דער טיר, אײַנדרויסן, ווייל ער האָט געוואָלט זיין אומגליקלעך קינד איבערראַשן, האָט ער זי צוערשט געוואָלט פרעגן, זי זאָל טרעפן וואָס ער האָט איר איצט געבראַכט... אָבער שאַ... ער האָט זי געטראָפן אַ שלאָפנדיקע.

פאַמעלעך און שטיל האָט ער זיך דערנענטערט צו איר בעטל אויף וועלכן עס זענען געלעגן אויסגעשפרייט אַזוי פיל בריוו און פאָטאָגראַפיעס. ער קוקט אויף די שמייכלדיקע פנימער פון די פרעמדע שיינע יונגעלייט און פון זיי, וואַנדערן זיינע בליקן אַריבער צום פנים פון זיין איינציקע טאָכטער, אירע אויגן זענען געשלאָסן, זי שלאָפט, אָבער אויף איר פנים איז אויסגעגאָסן אַזאַ זיסער האַרציקער שמייכל, וואָס אַזוי קען מען נאָר שמייכלען ווען מען איז גליקלעך, גליקלעך!...

און דער פאָטער זעצט זיך אויף דעם קליינעם טאַבורעטל, נעבן בעטל, און קוקט אויף זיין גליקלעכער טאָכטער און עס גיט אים אַ דריק ביים האַרצן און די טרערן הייבן זיך אָן גיסן פון זיינע אויגן, אָבער ער היט זיך נישט צו וויינען אויפן קול, חלילה! ער טאָר זיין אומגליקלעך קינד נישט אַרויס־רייסן פון איר גליק!...

און לאַנג האָט דער פאָטער אַזוי געוויינט נעבן בעטל פון זיין טאָכטער, ביז זי האָט זיך אַליין אויפגעכאַפּט פון איר גליקלעכן שלאָף און ער האָט איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער האָט שוין פאַר איר געקויפט דאָס וועגעלע און זי וועט שוין קענען זען אַ וועלט פאַר זיך...

# מיטאָגן און נאַכט־עסנס

.1

ווען פּעסעלע איז אַזוי פּלוצים געבליבן אַן אלמנה, איז איר פון סאַלאָמאָנען נישט מער געבליבן ווי דאָס דעפּאַרטאַמענטל פון צוויי צימערן מיט אַ קיך, דאָס ביסל מעבל, איר פינף־יאָריקער יתום פּנחסל אָדער פּעדריטאָ און איר אייגענע אלמנהשאַפט.

קיין געלט איז נאָך סאַלאָמאָנען נישט געבליבן, אַפילו אויף אַן ערשטן מאָלצייט.

אַלץ האָט ער פאַרקרענקט, אַלץ, ביז צום לעצטן סענט; פּעסעלע האָט אַלץ געהאָפט, אַז זי וועט אים נאָך אָפּראַטעווען, עס האָט זיך איר גאָרנישט געגלייבט, אַז די קרענק זיינע איז אַזוי געפערלעך און זי האָט גערופן איין דאָקטער און נאָך אַ דאָקטער און בלויז עפּעס מער ווי צוויי חדשים האָט געדויערט, זי האָט שוין געהאַט פאַרזעצט און פאַרקויפט סאַלאָמאָנס גאָלדן האַנט־זייגערל און אירע צירונג, פאַר איר לעצטן רינגל האָט זי גערופן אַ פּראָפעסאָר, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, מען האָט אים געמוזט אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין אויף אַ שנעלער אָפּעראַציע און עטלעכע טעג שפּעטער, איז געווען די לוויה.

ווי לאַנג זי איז געווען פאַרנומען ביים וועלן אָפּראַטעווען איר מאַן, האָט זי נישט געהאַט קיין צייט אַפילו אַ טראַכט צו טון וועגן מאָרגן; זי האָט בלויז געוואָלט אַז איר סאַלאָמאָן זאָל ווידער זיין געזונט און אַלץ וועט שוין ווידער זיין גוט און דערפאַר איז אויף איר די נויט און דער עלנט אָנגעפאַלן אַזוי פּלוצים, אַזוי אומגעריכט.

די עטלעכע לאַנדסלייט און פריינט פון איר מאַן, וועלכע האָבן זי פון בית־עולם אָפּגעפירט אַהיים, איז אַפילו נישט איינגעפאַלן זי צו פרעגן, צי זי בייטיקט זיך נישט אין עפּעס, צי זי האָט פון וואָס צו לעבן; זיי האָבן איר צוגעוואָרפן די געוויינלעכע טרייסט־ווערטער מיט „גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט גענומען" און זי דאַרף זיך טרייסטן און ווייטער לעבן און זיין אַ געזונטע מאַמע צו איר יונג יתומל און מיט אַ רויִק געוויסן, אַז זיי האָבן דערפילט זייער פליכט, זענען זיי אַוועק און פּעסעלע איז מיט איר פאַרוויטיקט

האַרץ געבליבן אַליין, אַליין מיט איר פּאַרוויינטן שיינעם יונגעלע, וואָס האָט זיך געטוליעט מיטן קעפּל אויף איר שויס און געכליפּעט.

.2

די נויט איז דערפינדעריש און זי לערנט אויס אַ סך זאַכן.

פּעסעלע איז נאָך געווען יונג, נישט קיין גאַנצע דרייסיק יאָר אַלט. זי האָט פאַר דער חתונה געהאַט אַ פּאָסטן אין אַ וויכטיקן ביוראָ, אָבער איצט, דאַרפנדיק אַכטונג געבן אויף איר קינד, האָט זי נישט געקענט פאַרלאָזן די שטוב אויף גאַנצע טעג. האָט זי אַ סך געליטן, פאַרקויפט זאַכן פון שטוב אַרויס כדי צו האָבן אויפן שטיקל ברויט, ביז ענדלעך איז איר געקומען אויפן געדאַנק, אַז זי דאַרף איינאָרדענען אַ שטיקל פּענסיאָן; אויב זי וועט באַקומען אַ דריי־פיר פּענסיאָניסטן אויף מיטאָגער און נאַכטעסנס, וועט עס שוין קלעקן אויף פאַר איר מיט איר קינד.

דעם מאַנס עטלעכע לאַנדסלייט און פריינט האָבן אפילו נישט געוווּסט אַז פּעסעלע איז געבליבן אין אַזאַ גרויסער נויט; זיי האָבן געוווּסט, אַז סאַ־לאָמאָן האָט אַלס האַנדלס־אַגענט גוט געאַרבעט און גוט פאַרדינט און זיי האָבן געגלייבט אַז ער האָט איבערגעלאָזט גענוג, אַז די אלמנה מיטן יתום זאָלן נישט ליידן קיין נויט, ביז פּעסעלע וועט עפּעס צוטראַכטן וואָס צו טון.

ווען פּעסעלע האָט זיך ענדלעך פאַר זיי פאַרטרויט, אַז זי טראַכט וועגן איינאָרדענען אַ שטיקל פּענסיאָן, נאָר עס פעלט איר דאָס נייטיקע געלט צו קענען איינקויפן געשיר און עס־צייג, האָבן זיי זיך געוווּנדערט. פונדעסטוועגן האָבן זיי אינטערווענירט אין דער קהילה און מיט דער סובסידיע וואָס זי האָט באַקומען פון דער קהילה, האָט זי איינגעקויפט די נייטיקע זאַכן און איצט האָט בלויז געפעלט, אַז עס זאָלן קומען די פּענסיאָניסטן.

אויף אַ קליין אַנאָנסל אין דער צייטונג, אַז דאָ און דאָ סערווירט מען געשמאַקע מיטיקער און נאַכטעסנס, באַדינט פון דער באַלעבאָסטע גופא, האָבן זיך צוערשט געיאָוועט צוויי אַלטע בחורים און עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָט מען שוין אין די קאַפע־קיבעצאַרניעס גערעדט וועגן דעם נייעם פּענסיאָן פון דער יונגער אלמנה פּעסעלע, וואָס נישט בלויז דאָס עסן איז געשמאַק און זי רעכנט ביליקע פּרייזן, נאָר עס איז אַ נחת און אַ פרייד, ווען זי דערלאַנגט דעם טעלער צום טיש און ווינטשט צו „מיט אַ גוטן אַפּעַ־טיט"...

יעדן טאָג האָבן זיך צו פּעסעלען געיאָוועט נייע פּענסיאָניסטן און זי האָט געמוזט איינאָרדענען צוויי טורנעס פאַר די מאָלצייטן און זי האָט שוין געמוזט אַריינעמען אַ דינסט אויף אויסהילף און ווי שווער עס איז איר גע־ווען די אַרבעט, איז זי געווען צופרידן, וואָס עס גייט גוט און זי פאַרדינט ערלעך איר פּרנסה און זי דאַרף נישט פאָלגן די עצות פון גוטע פריינט, אַז

זי זאָל דאָס קינד אַוועקגעבן אין בית־יתומים, נאָר זי קאָן עס אַליין דערנערן און דערציִען.

.3

די פּענסיאָניסטן וואָס זענען געקומען צו פּעסעלען, זענען געווען פאַר־שידענע, סיי מיט זייערע כאַראַקטערן און סיי מיט זייער עלטער.

געווען אַזעלכע, וואָס זענען געקומען בלויז צו די מיטאָגער און אַנדע־רע — בלויז צו די נאַכט־עסנס. ווען פּעסעלע האָט איינגעפירט צוויי טור־נעס, האָבן אַלע געוואָלט עסן ביי דער צווייטער טורנע, כדי זיי זאָלן קענען לענגער פאַרבלייבן ביים טיש.

פּעסעלע איז געווען גענוג אינטעליגענט צו זען און צו פאַרשטיין, אַז די געסט וואָס קומען דאָ צו איר אָפּעסן אַ מאָלצייט, מיינען נישט בלויז די מאָלצייטן, נאָר זיי שאַרפן זיך די ציינער אויף נאָך עפּעס.

די ערשטע טעג, ווען עמעץ פון די געסט האָט געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, געזאָגט אַ וויץ אָדער געגעבן אַ שאַרפערן אָנצוהערעניש, איז פּעסעלע רויט געוואָרן און זי האָט זיך ווי פאַרלוירן, אָבער שנעל איז זי אַריין אין דער ראָל פון אַלץ פאַרשטיין און אַלץ באַגרייפן, זי האָט געוואָלט און געמוזט אָנהאַלטן איר פּענסיאָן און זי האָט געפונען דעם וועג ווי אַזוי מען קען זיין פריינטלעך צו אַלעמען, און דאָך אַלעמען האַלטן אין דיסטאַנץ און אויפ־האַלטן ביי זיי דעם געהעריקן רעספּעקט צו איר.

געווען אָבער אויך אַזעלכע נאַכאַלנע געסט, וואָס האָבן זיך נישט אַזוי לייכט געלאָזט צוימען. איינער פון זיי איז געווען דער סעניאָר דאַוויד, וואָס ווען זי האָט אים געפרעגט צי ער וויל ציבעלעס מיט אייער צום פאַרשפּייז אָדער עפּעס אַנדערש, האָט ער איר געענטפערט, אַז אַמבליבסטן וואָלט אים געווען, אַ פאַרציע פּעסעלע... אָט־אָ דער דאָן דאַוויד האָט יעדן טאָג איבער־געלאָזט אויפן טיש אַ פיינעם טרינק־געלט און ער האָט זיך דערפאַר דער־לויבט אַ סך מערער ווי די אַנדערע צוויי־דריי נאַכאַלניקעס און ווי שטאַרק פּעסעלע האָט נישט געוואָלט פאַרלירן אַזאַ גאַסט, האָט זי פונדעסטוועגן נישט געקענט מער פאַרטראָגן זיינע וואָס ווייטער מער־דירעקטע אָנצוהע־רענישן ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט זי עס געמאַכט אַזוי, אַז די אַלטע דינסט זאָל אים אָנהויבן צוטראָגן די טעלער צום טיש. דאָן דאַוויד האָט זיך באַ־ליידיקט, געוואָלט דערפירן צו אַ קריגעריי, אָבער זעענדיק אַז זיין שפּיל איז פאַרן טייוול, פּעסעלע קוקט זיך נישט אום אויף אים, האָט ער אויפגעהערט קומען.

יאָ, די נויט און דער מוז האָבן פּעסעלען אויסגעלערנט ווי אַזוי זי זאָל זיך האַלטן צווישן דעם אויפגעלויף פון די מענער וואָס זענען כלומרשט געקומען בלויז אָפּעסן אַ מאָלצייט און געמיינט האָבן זיי אַלעמאָל נאָך עפּעס.

זי האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם, ווי אַזוי צו האַנדלען לגבי די נאַכאַל־ניקעס און זי האָט זיך אַ סך מאָל אונטערהאַלטן, ווען די נישט־דרייסטע אַלטע בחורים האָבן זיך געפּרוווט אויף פאַרשידענע אופנים צוצוקומען צו איר האַרץ און צו אירע יונגע געפילן, וואָס זי לאָזט אַזוי אומברחמנותדיק אַטראָפירט ווערן...

זי האָט פאַר יעדן געהאַט איר פּאַסיקן ענטפער, פאַר מאַנכע אַ שטרענגן בליק, וואָס האָט ווי געוואָרנט, אַז מען וועט האָבן דעמזעלבן סוף ווי דער דאָן דאַווידי, אַז די אַלטע דינסט וועט צוטראָגן דאָס עסן, און פאַר אַנדערע — אַ פריינטלעך־וואַרעמען שמייכל, וואָס ווינטשט פון גאַנצן האַרץ „מיט אַ גוטן אַפּעטיט".

**.4**

פּעסעלע איז גוט אַריין אין איר ראָל אַלס אייגענטימערין פון דעם קליינעם היימישן רעסטאָראַן וועלכן זי אַליין האָט באַדינט.

אירע לאַנדסלייט זענען געווען זיכער, אַז די פּעיקע און קלוגע פּעסעלע וועט זיך איינגיכן אויסגעפינען עמעצן פון אירע פּענסיאָניסטן אַלס איר באַ־שערטן, אָבער חדשים זענען פאַרגאַנגען, עס איז שוין אַריבער דאָס יאָר זינט איר מאַנס טויט, זי האָט שוין אָפּגעדעקט אַ שיינע מצבה אויף סאַלאָ־מאָנס קבר און אַנשטאָט צו זוכן אַ טרייסט, איז זי יעדן זונטיק גאַנץ פרי אויפן בית־עולם, ווו זי באַווײנט נאָך אַלץ איר מאַנס פריצייטיקן טויט...

נישט איינער פון די לאַנדסלייט האָט איר דאָס פאַרגעוואָרפן און זאָגנ־דיק איר מוסר, האָט מאַנכער אַפילו זיך אַליין אַ פּרווו געטון זיין מזל ביי איר, אָבער זי האָט געענטפערט מיט אַזאַ טרויעריקן און דאָך שטרענגן בליק, אַז מען האָט זיך אויפגעהערט פּרווון ביי איר דאָס מזל און געטראַכט האָבן די דורכגעפאַלענע, אַז די פּעסעלע, לויט ווי יונג זי איז נאָך, איז זי עפּעס גאָרנישט קיין פרוי...

אָבער פּעסעלע איז יאָ אַ פרוי.

צווישן די צוואַנציק פּענסיאָניסטן וואָס עסן ביי איר טיש יעדן טאָג, די מיטאָגער און נאַכט־עסנס, האָט זי נישט געפונען קיין איינעם וואָס זאָל זי מיט וואָס נישט איז דערמאָנען אָן איר סאַלאָמאָנען; זי זעט נאָר אין זיי די באַהאַלטענע גיריקייט פון חיות, וואָס וואַרטן אויף דער געלעגנהייט צו קענען פאַרציקן אַ נייעם קרבן און אפילו דער בעסטער, דער איידלסטער פון זיי, אַפילו איסאַק, דער אַלטער בחור וואָס רעדט צו איר מיט אַזוי פיל דרך־ארץ, פילט זי, אַז אַפילו ער, האַלט זיך נאָר אַזוי דרך־ארצדיק, ווייל ער גלויבט, אַז אַזוי וועט ער לייכטער קענען צוקומען צו זיין ציל...

אירע געפילן זענען נישט אַטראָפּירט געוואָרן. פּעסעלע פילט און בענקט. אירע יונגע יאָרן שרייען און ווייבען אַרויס פון איר געמיט, ווען די פּענסיאָניסטן פאַרלאָזן ביינאַכט איר שטוב און זי בלייבט אַליין.

זי ווייסט, אַז מעגלעך, ווען זי זאָל ווייניקער פאַרשטיין און ווען זי זאָל זיין ווייניקער עמפינדלעך, וואָלט זיך אפשר עמעץ, אַ פּאַסיקער, זיך געקענט מער דערנענטערן צו איר און אפשר, עס קען זיין... עס קען זיין, אַז נאָך אַ פלירט, קען קומען אויך אַן ערנסטער געפיל וואָס קען דערפירן ביז צו אַ חתונה, און זי זאָל נאָך אפשר וויסן פון אַ לעבן...

אָבער אַזוי איז זי, פּעסעלע.

אַ גאַנצן טאָג, אינדערפרי פאַרנומען ביים קאָכן און גרייטן דאָס מיטאָג; שפּעטער די צוויי טורנעס, מיטן דערלאַנגען דאָס עסן; נאָכמיטיק פאַלט זי אַוועק אַ מידע אויף אַ שעה אָפּרו און באַלד מוז זי ווידער אויפשטיין און גרייטן דאָס נאַכט־עסן און ווידער באַדינען די געסט און אויסהערן זייערע טריוויאַלע אַנצוהערענישן, גייט אַריבער איר טאָג מיט אַרבעט און מי און מיט גרייטן דעם געדאַנק ער זאָל קענען באַלד אָפּשלאָגן יעדע מענערישע אַטאַקע וואָס וועקט אין איר פאַרדרוס און פאַרביטערונג און ערשט עטלעכע שעה נאָכדעם ווי די געסט פאַרלאָזן די שטוב, אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט, ליגנדיק אין איר בעט, הויבן זיך אָן וועבן אירע געדאַנקען און די געדאַנקען מאַכן באַוועגן איר האַרץ שטאַרקער און שטאַרקער און אַ וויי־טיקלעכער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון איר ברוסט.

צוואַנציק מענער זיצן אין איר שטוב יעדן טאָג ביי מיטאָג און ביי נאַכט־עסן; אַלע שלינגען זי גיריק מיט די אויגן און זי פילט און ווייסט, אַז יעדער פון זיי טראַכט זיך זיכער, אַז צו די אַנדערע איז זי בעסער, אַז עמיצן האָט זי דאָך זיכער... זי איז דאָך יונג און שיין... און נאָר זי ווייסט דעם אמת, אַז עס איז איר שלעכט, זייער שלעכט, אַז אַ גאַנצן טאָג לעבט זי אין פאַרגעסנהייט וועגן איר אייגענעם גורל; זי ווייסט נאָר, אַז זי קעמפט כדי צו קענען דערציִען איר יתום און נאָר ביינאַכט, אין די פינצטערע נעכט נאָך די נאַכט־עסנס, דעמאָלט הייבט זיך אָן איר פּיין און דאָס קישן אויפן בעט ווערט נאַס פון אירע טרערן...

נאָך די נאַכט־עסנס שטייגט אויף דער ווייטיק אין איר האַרץ און ער פּייניקט זי מיט דער ברוטאַליטעט פון נישט־באַפרידיקטע ווונטשן און אַ סך מאָל שפּרינגט זי אַראָפּ פון בעט, צינדט אָן די ליכט און שטעלט זיך פאַרן שפּיגל, זי וויל זען צי האָט זי נאָך אַ רעכט צום לעבן, צי איז זי באַרעכטיקט צו צערייסן די צוימען פון אָנשטענדיקייט, כדי צו שטילן אירע מוראדיקע ליידן און פּיין...

יעדע נאַכט ,נאָך דעם נאַכט־עסן, ווען די צוואַנציק מענער פאַרלאָזן איר שטוב, פייניקט זי דער ווייטיק אַזוי לאַנג, ביז זי ווערט ענדלעך אַנט־שלאָפן און זי זעט אין חלום צווישן אירע פענסיאָניסטן איינעם וואָס קוקט אויף איר אַנדערש ווי אַלע, זי שמייכלט צו אים, יאָ, צו אים וועט זי זיין גוט... זי ווייסט, אַז ער האָט זי שטאַרק ליב און זי וואַרט נאָר, אַז ער זאָל בלייבן אויף נאָך דעם נאַכט־עסן, זאָל ער בלייבן, אָבער וואָס איז דאָס, דער מענטש ווערט עפּעס בלאַסער און בלאַסער און זי דערקענט אים, דאָס איז דאָך סאַלאָמאָן, איר פאַרשטאָרבענער מאַן!...

און פּעסעלע פאַרשטיקט מיט דער קאָלדרע איר געוויין, כדי נישט איבערצוּוועקן איר עלנטן יתום...



# שיר השירים לייִדיש

## קאַפּיטל איינס

.1

### דער „באַטעליעראַ״*) מיט זיין וועגעלע

דער וואַנט־זייגער האָט קוים אויסגעשלאָגן די זעקסטע שעה, ווען יואל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און שוין, איינס און צוויי, איז ער אַראָפּ פון בעט און קוים אַ צען מינוט שפּעטער, איז ער שוין געזעסן ביי זיין שרייב־טיש אין דעם קליינעם שטיבל ווו ער האָט זיין ביבליאָטעק און וועלכעס ער באַטראַכט פאַר זיין גייסטיקן מקום־קדוש.

געוויינלעך, ווען יואל כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, בלייבט ער נאָך אַזוי ליגן אין בעט און טראַכט זיך אַריין אין פאַרשידענע טראַכטענישן און ער פוילט זיך אויפצושטיין און זעלטן־ווען שטייט ער אויף פריִער ווי צווישן אַכט און ניין אַזייגער; אָבער היינט, איז עס ביי יואלן געווען גאָר עפּעס אַנדערש; ער האָט היינט באַדאַרפט פאַרענדיקן די לעצטע סטראָפן פון זיין גרויסער לידער־סעריע: „מיין שיר השירים לייִדיש״, און ער האָט איצט, פון דעם געזאַנג אין זיינע בלוטן, אַרויסגעהערט דעם רוף, אַז איצט איז פאַר אים דער אמתער שעת־הכושר צו פאַרענדיקן זיין גרויסע און הייליקע אַרבעט.

שוין מיט עטלעכע שעה פריִער, האָט עפּעס אַ שטילער גערויש, עפּעס אַזוי ווי אַ שאָרך פון זיידענע קליידער אים אויפגעוועקט און ער האָט דער־פילט אַז דאָס איז די געטלעכע מוזע געקומען צו אים מיט אַ וויזיט... זי האָט אים צוערשט צוגעוואָרפן אירס אַ וויזיט־קאַרטע, מיט אַ ליכטיקן שטראַל פון אינספּיראַציע און דער ליכטיקער שטראַל האָט זיך צעשאָטן אין קליינע פונקען און ער האָט די פונקען באַדאַרפט צוריק צונויפנעמען און פאַרמירן פון זיי אַ לויכטנדיקן טורעם אויף זיין פילפאַרביקער פּיראַמידע, אויף זיין „שיר השירים לייִדיש״...

ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער אַלע זיינע חושים זענען

---

*) „באַטעליעראַ״ — אַן אויפקויפער פון אַלטע פלעשער און מאַקולאַטור.

געווען וואָך און זיך געיאָגט נאָך די צעשאָטענע אינספּיראַציע־פונקען, לאַנג האָט געדויערט דאָס יאָגן זיך נאָך זיי און ענדלעך איז אָנגעקומען אַ נייער ליכט־שטראַל, אַ נייע מעלדונג פון דער מוזע, אַז זי איז דאָ, זי שטייט הינטער דער טיר און ער דאַרף זי בלויז עפענען און אַריינלאָזן... מיט פאַר־מאַכטע אויגן האָט יואל זי פונדעסטוועגן געזען גאַנץ קלאָר און דייטלעך; ער האָט געזען ווי זי שטייט ביי דער טיר פון זיין קליינעם שרייב־צימער, זי איז געקומען צו אים אין דער געשטאַלט און אין די צניעותדיק־ווייסע זיידענע קליידער פון שרה־בת־טובים מיט אַ דיקן טייטש־חומש אין האַנט און ער האָט דערפילט, אַז איצט איז דער גרויסער שעת־הכושר, איצט רופט אים די מוזע ער זאָל פאַרענדיקן זיין ווערק, זיין „שיר השירים לייִדיש" און איינס און צוויי, איז ער אַראָפּ פון בעט און בלויז געציילטע מינוטן שפּעטער, איז ער שוין געזעסן ביי זיין שרייב־טיש, אין דעם קליינעם שטיבל וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר זיין גייסטיקן מקום־קדוש...

.2

וואָס ווייסט דער לייענער וועגן די „חבלי לידה", וועגן די שווערע גע־בורט־ווייען פון דעם דיכטער, ביז ער באַווייזט אַרויסצוברענגען זיין גייס־טיקע שאַפונג פאַר דער וועלט?

וואָס ווייסט דער לייענער וועגן די אומרויִקע שעה,ן טעג, וואָכן, חדשים און אַמאָל יאָרן, וואָס באַאומרויִקן, נאָגן און מאָנען ביים דיכטער, ער זאָל אָנ־קליידן אַ געוויסן געדאַנק מיט שיינע ווערטער און איינראַמען אין אַ שיין־גראַווירטער סימעטריש־אויסגעהאַלטענער ראַם און אים ווייזן פאַר דער וועלט: — אָט, אַזאַ און אַזאַ איז דער געדאַנק!...

און יעדער געדאַנק איז דאָך אַזוי ווי די ערשטע צוואַנג פון ששת ימי בראשית מיט וועלכער מען האָט געמאַכט אַלע אַנדערע צוואַנגען... יעדער געדאַנק באַשאַפט דאָך נייע געדאַנקען און יעדער געדאַנק וועקט געפילן און די געפילן זענען דאָך אַזוי פאַרשידן ווי די געדאַנקען און אָט־אָ, אין אַזאַ ים פון געדאַנקען און געפילן דאַרף דער דיכטער אַרומשווימען און אויפכאַפּן די געדאַנקען און געפילן וואָס זאָלן זיך פּאַסן אַזוי ווי די בלומען וואָס מען קלייבט און מען שטעלט צונויף, אַז זיי זאָלן זיין האַרמאָניש פאַר אַ בוקעט...

אַזוי האָט יואל געטראַכט בעת די צוויי שעה זיצן ביי זיין שרייבטיש מיט דער פען אין דער האַנט.

ווען ער איז אַריין אין מקום־קדוש, איז ער געווען זיכער, אַז אָט־אָט, און ער וועט אויפבויען דעם טורעם מיט אַ שיינער ווערטער־מאָזאַיִק, וואָס פון יעדן וואָרט וועט אַרויסשטראַלן הייליקייט און איבערצייגונג; אָבער שוין דער קורצער איבערשלאָג ביז ער איז אַריינגעקומען, האָט אין זיין געמיט אויפסניי צעוואָרפן די צונויפגענומענע אינספּיראַציע־פונקען, ער האָט בלויז

באַוויזן אויפֿצושרייבן עטלעכע שורות וואָס זענען שוין פון פריער געווען אויסגעפּאַרטיקט און אויסגעצייטיקט אין זיין מוח, און ווייטער איז עס עפּעס נישט געגאַנגען...

ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די אַלע סטראָפן וואָס ער האָט אין משך פון וואָכן־לאַנג אָנגעשריבן, ער האָט געפילט מיט אַלע חושים, אַז ער האָט אין זיין מוח די אַלע מאַטעריאַלן פון וועלכע ער האָט זיך געגרייט אויפֿצושטעלן דעם „לייכט־טורעם" איבער זיין לידער־פּיראַמידע „מיין שיר השירים צו ייִדיש", אָבער, עפּעס ווי דער שטן וואָלט אים אונטערגעשטעלט אַ שטיין אין וועג און ער קען אים בשום־אופן נישט אַוועקשטויסן און נישט אַריבערשפּרינגען...

.3

יואל האָט אַוועקגעלייגט די פּען.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין זיין קליינעם מקום־קדוש, ער האָט געקוקט אויף די פּאָליצעס ביכער פון וועלכע עס האָבן צו אים מיט אַזוי פיל יוגנט־לעכער שטיפערישקייט אַראָפּגעוווּנקען די ייִדישע אותיות און ווידער האָט ער דערפילט אין אַלע זיינע חושים און אין זיין גאַנצן געמיט, דאָס געזאַנג פון וועלכן ער דאַרף איצט אויסזינגען די לעצטע אַקאָרדן, אָבער ער האָט מורא זיך אַוועקצוזעצן, ער זאָל זיך נישט דאַרפן אויפסנייַ אָנשטויסן אָן דעם שטיין וואָס דער שטן האָט אים אונטערגעשטעלט.

זיינע בליקן זענען געפאַלן און זיך אָנגעקלעפּט אויף די פּאָטאָ־בילדער פון ייִדישע שרייבער, וואָס האָבן באַצירט יעדעס שטיקל פרייען פּלאַץ אויף די ווענט פון זיין קליינעם מקום קדוש; אָט איז י. ל. פּרץ, אָט — שלום־עליכם, מענדעלע, יהואש, דוד פרישמאַן; עס זענען דאָך נאָר בילדער, און דאָך, וויפל חכמה און וויפל אהבת־ישראל עס שטראַלט אַרויס פון זייערע אויגן...

און אָט זענען די פּאָטאָ־בילדער פון אַ נאָכגעקומענעם דור ייִדישע שריי־בער; אַ היפּשע צאָל פון זיי זענען שוין אויך אויפן עולם־האמת און זיי אינ־טערעסירן זיך דאָרט אין גן־עדן מיט יעדן נייעם שפּראָץ אין זייער גע־פלאַנצטן גאָרטן פון אונדזער מאַמע־לשון...

יואל פאַרגעסט אויף אַ וויילע אָן זיין לידער־פּיראַמידע, ער וויל דערפילן אַ חברלעכע פּליכט און אָפּטיילן די לעבעדיקע קאָלעגן פון די טויטע און ער הייבט אָן איבערצוהענגען די פּאָטאָ־בילדער. און כאָטש עס פאַלט אים איין, אַז פאַר אים און פאַר יעדן ייִדישן שרייבער וואָס האָט ליב ייִדיש, זענען די אַלע אַ נישט טויט, זיי לעבן און וועלן לעבן, פונדעסטוועגן, ווען ער האָט פאַרענ־דיקט מיט דעם אָפּטיילן די וואָס זייערע ערדישע רעשטן געפינען זיך נישט

מער צווישן די לעבעדיקע, האָט ער דערפילט, ווי ער וואָלט דערפילט אַ חברלעכע פליכט...

אָבער, בעת ער איז געווען פאַרנומען מיטן איבערהענגען די פּאַטאָס און אָפּטיילן די לעבעדיקע פון די טויטע, איז זיין מוח אַלץ געווען אַקטיוו און נישט אויפגעהערט וואַנדערן צו די הויכן פון דעם לייכט־טורעם וואָס ער דאַרף אַוועקשטעלן איבער זיין „שיר השירים צו ייִדיש״ און ביי יעדער באַרירונג פון אַ בילד, האָט זיין מוח אַזוי שנעל ווי אַ בליץ מיט אַ רעפלעקטאָר אַ וואָרף־געטון אַ שיין אויף די שאַפונגען פון דעם שרייבער, אפשר וועט ער דאָרט געפינען אַ געוויסע אָנדייטונג פון אַ פאָרמולע ווי אַזוי צו פאַרענדיקן זיין ווערק און אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז ער זאָל זיך פלוצים אָפשטעלן ביים בילד פון מלך ראַוויטש און אין זיין מוח האָט אויפגעלויכטן דער ליכט־און־שאָטנדיקער זיגזאַג־וועג פון דעם נייעם יונגן ייִדישן דיכטער, דער לאַנגער וועג פון לייד און פרייד, וואָס מלך ראַוויטש שילדערט אין זיין פאַנטאַסטישער דיכטונג „די קרוינונג״ — ביז דער יונגער דיכטער ווערט געקרוינט...

בלויז סעקונדן האָט געקענט אָנהאַלטן אָט דער בליץ וואָס האָט אין יואלס מוח באַלויכטן ראַוויטשעס פאַנטאַסטישע שאַפונג, אָבער ווי באַלזאַם האָבן די סעקונדן געווירקט, באַרויִקנדיק יואלס געבורט־ווייען; ער האָט פלוצים דערפילט ווי פרישע, אַנגענעם־וואַרעמע פרילינג־ווינטלעך ווייען אָן אויף אים אַזאַ דערפרישנדיקן בלומען־דופט וואָס שפרייט זיך און דרינגט אַריין אין זיין גאַנצן געמיט און אָט פילט ער, אַז זיין שאַפונג שטייט שוין אויף דער שוועל פון ווערן און ווי אין אַ היפּנאָטיזירטן צושטאַנד זעצט ער זיך צום טיש, זיין האַנט נעמט לויפן מיט דער פען שורותווייז אויף די פאַפיר־שטרייפעלעך, ער זעט שוין איצט גאָרנישט אַרום זיך, אַלץ איז פאַרהילט אין אַ דיקן נעפל פון וועלכן עס הייבט אָן פאַמעלעך, פאַמעלעך, אַרויסלייכטן זיין טורעם און נאָך יעדער אויפגעשריבענער שורה קומט דער טורעם נענטער און ליכטיקער, ביז ענדלעך, אַ הייליקער ציטער איז דורכגעלאָפן זיין גאַנצן קערפער, אַ ציטער פון אויסלייזונג, אַ ציטער פון לאַנג־דערוואַרטער באַפרייונג. יואל האָט זיך אויפגעשטעלט, ער איז איבערגעקומען די חבלי־לידה, זיין ווערק, זיין „שיר השירים לייִדיש״ איז געווען פאַרענדיקט.

**.4**

מעגן זיך פאַבריקאַנטן פרייען ווען זיי בויען אויף נייע פאַבריקן; מעגן סוחרים זיך גרויסן און פרייען מיט יעדן נייעם באַלאַנס וואָס ווייזט זיי נייע מיליאָנען פאַרדינסט, אָבער זייער פרייד וועט קיינמאָל נישט קענען דערגרייכן אַפילו ביז צו די קנאַכל פון יואלס גרויסער און הייליקער פרייד וואָס

האָט אַרומגעכאַפּט זיין גאַנץ וועזן, ווען ער האָט געזען זיין גייסטיקע שאַפונג אַ פאַרענדיקטע...

ער האָט זיך פּלוצים דערפילט אַזוי ווי יענער באַרג־קלעטערער, וואָס קומט ענדלעך, נאָך לאַנגער און שווערער מי ביז אויפן שפּיץ באַרג, ער צעשפּרייט די הענט, קוקט אין אַלע זייטן און זעט זיך אַזוי נאָענט צום הימל און זעענדיק זיך ווי אַ באַרג־קלעטערער, פילט ער, אַז דאָס איז נאָך נישט אַלץ, ער דערמאָנט זיך פּרצעס „אויב נישט נאָך העכער"... און אַ פאַרגעבנדיקער שמייכל אַזוי ווי ביי אַ קימפּעטאָרן וואָס האָט ערשט געבוירן, שפּרייט זיך אויף זיין פּנים און ער פילט, ווי זיין גאַנץ געמיט ווערט פאַרוויגט אין אַזאַ האַרציק־זיסן נחת־רוח וואָס דערקוויקט די נשמה...

בלויז געציילטע מינוטן האָט אָנגעהאַלטן דער צושטאַנד פון יואלס הייליקער אַנטציקונג; זיין ווערק איז פאַרטיק און מען דאַרף זען, אַז זיין הייליק געזאַנג צו מאַמע־יידיש, זאָל וואָס שנעלער קומען צום אויסדרוק, זאָל ווערן באַקאַנט און זאָל האָבן די געהעריקע ווירקונג קעגן די אַלע באַוויינער און באַקלאָגער וואָס שטייען כסדר מיטן „מעבור יבוק" אין האַנט ביים צוקאָפּנס פון דער רייך־אַרויפגעאַרבעטער „שפחה" יידיש...

מיט ציטערדיקע פינגער האָט יואל גענומען אין אָרדענונג־ברענגען די באַשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר; אַ סך זענען זיי געווען, האָט ער זיי גלייכגעלייגט לויט די נומערן, און כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז אָט אַזוי־אַ, וועט ער איצט מיט זיין שאַפונג גאָרנישט אויפטון, האָט ער זי אַריינגעשטופּט אין קעשענע און זיך געלאָזט אין גאַס אַריין.

ער איז אַוועק אויף דער גאַס קאַריענטעס.

דאָרט זענען די קאַפע־קיבעצאַרניעס ווו מען טרעפט שרייבער און אַקטיאָרן און דאָרט זענען אויך די רעדאַקציעס און ער דאַרף דאָך איצט אַזוי נייטיק פאַר עמעצן צו פאַרטרויען זיין גרויסע פרייד און מעגן עס זיין אַפילו קאַלעגן נישט־פאַרגינערס, וואָס אַרט עס אים? ער דאַרף איצט אַז די וועלט זאָל אָנהייבן וויסן, אַז ער האָט זיין גרויסע און הייליקע אַרבעט פאַרענדיקט!...

.5

ווען יואל איז אַרויס פון דעם זייטיקן געסל און געקומען אויף דער גאַס קאַריענטעס, האָט ער נעבן אַ שיינער, כמעט ניי־אויפגעבויטער געביידע געזען שטיין אַ היפּשע גרופּע מענטשן.

דאָס צענויפזאַמלען זיך פון אַזעלכע גרעסערע און קלענערע מענטשן־גרופּעס זענען אויף דער גאַס קאַריענטעס קיינמאָל נישט קיין נייעס, אָבער יעדעס מאָל ציט עס די אויפמערקזאַמקייט פון נייע פאַרבייגייער און אויך זיי שטעלן זיך אָפּ, פרעגן זיך וואָס עס איז געשען און דער געווימל פון מענטשן ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער...

די מענטשן־גרופע וואָס יואל האָט איצט אָנגעטראָפן, האָט זיך שוין געהאַלטן אין צעגיין; עפּעס געווען איינער וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט און צוגערופן אַ צווייטן און געוויזן אויף אַ וועגעלע וואָס איז געשטאַנען האַרט נעבן טראָטואַר, דאָס איז געווען אַזאַ קליין צוויי־רעדערדיק וועגעלע וואָס דערויף זענען געלעגן אַלטע פאַרשטויבטע פלעשער און פּעקלעך אַלטע צייטונגען און ביכער, אַלטע און כמעט נייע, געבונדענע און בראָשירטע ביכער...

די צוויי האָבן געקוקט אויף די צעוואָרפענע ביכער, עפּעס גערעדט צווישן זיך, דערווייל איז אַרויסגעקומען פון דעם שיינעם הויז דער אייגנטימער פון וועגעלע, אַן עלטערער גוי, מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס. ער איז צוגעקומען, אַ וואָרף־געטון מיט דעם זאַק אויפן וועגעלע און גענומען אַרויסשיטן נאָך ביכער. אויסגעשאָטן, איז ער מיט דעם זאַק צוריק אַריין אין הויז און דאָ, ביי דעם וועגעלע, האָבן זיך געזאַמלט נאָך מענטשן און זיי האָבן אָנגעהויבן קאָמענטירן און באַוויינען דעם גורל פון ביכער, וויסנשאַפט, קולטור און קונסט. אָט, זעט, דאָס אַלץ גייט אויף „שמעלץ”... דער אויפקויפער פון געניצטע גלאָזוואַרג און אַנדערע אַלטע זאַכן, קויפט עס אָפּ פאַר סענטן, וואַרפט עס אַזוי ווי מיסט אויף זיין וועגעלע און פירט אַוועק די גייסטיקע אוצרות אַזוי ווי „אשר־יצר”־פּאַפּירן...

ווען יואל איז צוגעקומען, איז שוין דאָס וועגעלע געווען הויך באַלאָדנט מיט אַן אָנגעהויפטן באַרג מיט ביכער און אָט איז דער אַלטער אויפקויפער ווידער אַרויסגעקומען פון טויער פון דער שיינער געביידע און אויפסניי אַרויסגעשאָטן אויפן וועגעלע אַ פולן זאַק מיט פרישע ביכער...

יואל האָט דערפילט ווי עמעץ וואָלט אים פּלוצים אָפּגעגאָסן מיט אַן עמער שמוציק וואַסער, אָבער נאָך מוראדיקער, ממש אַ פיזישן ווייטיק האָט ער דערפילט, ווען ער האָט אויף שנעל אויפגעהויבן אַ בוך וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין רינשטאָק און דערזען אַז פון די טאָוולען גלאַנצן אַראָפּ שיין־געצייכנטע גאָלדענע יידישע אותיות...

יואל האָט געוואָלט אויסשרייען פון ווייטיק, אָבער ער האָט זיך באַהערשט, גענומען אַ צווייט בוך, אַ דריט בוך אין דער האַנט; יאָ, יידישע ביכער; אַ גאַנצע יידישע ביבליאָטעק גייט דאָ אַוועק אויף „מאַקולאַטור” און דאָ שטייען אַרום יידן, קוקן, רעדן און לאַכן אויפן בראָך פון גייסטיקן אומקום...

דער אַלטער אויפקויפער פון די אַלטע גלאָזוואַרג און פּאַפּירן, איז געווען פאַרטיק. ער האָט שוין גלייכגעלייגט די ביכער אויפן וועגעלע, אַז זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן און ער האָט זיך שוין געקליבן אַוועקצופאָרן, נאָר עט־לעכע יידן האָבן נאָך גענישטערט צווישן די ביכער, איינער האָט עפּעס אויס־געקליבן צוויי ביכער פון שלום־עליכמען און דערלאַנגט דעם אַלטן צוויי פּעזעס; אַנדערע האָבן נאָכגעטון דאָס זעלביקע, נאָר יואל איז געשטאַנען

ווי פֿאַרגליווערט, געקוקט אויף דעם בילד מיט פֿאַרגלעזערטע אויגן, דאָס בילד ווי דער אַלטער שיט אַרויס אַ זאַק מיט ביכער, האָט אים איצט אויסגעוויזן ווי מען וואָלט אויף זיין קאָפּ אַרויפגעשאָטן אַ זאַק מיט שווערע שטיינער און די קלעפּ האָבן אים צעטומלט... ער האָט בלויז געפילט, אַז עפּעס ברענט אים אין בוזעם, יאָ, זיין אויפגעבויטער לייכט־טורעם איבער זיין ליידער־פּיראַמידע ברענט, זי ברענט אין זיין בוזעם־קעשענע און זי ברענט אויס אַ לאָך, אַ טיפֿע ווונד אין זיין האַרצן...

דער אַלטער אויפקויפער, דער „באַטעליעראַ" מיט זיין וועגעלע, איז שוין לאַנג געהאַט אַוועקגעפֿאָרן, די מענטשן זענען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען און יואל איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפֿן זעלבן פּלאַץ, נעבן דעם שיינעם בנין פֿון וואַנען מען האָט אַרויסגעטאַסקעט די זעק מיט יידישע ביכער און זיי אַוועקגעפֿירט אַזוי ווי מתים צו אַ געמיינזאַמען קבר און ער איז דאָ געבליבן שטיין ווי אַן עלנטער יתום, אָן אַ טרייסט...

קאַפּיטל צוויי

## פֿאַר וועמען, פֿאַר וועמען...

### 1.

ווען יואל האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך נאָך דער גרויסער אַנטוישונג וואָס ער האָט נאָך־וואָס איבערגעלעבט, האָט ער נאָך אַלץ געפּילט ווי עס פּלאַמט אים דאָס פּנים, עס בריט אים ממש די הויט און ער האָט געפּילט, אַז דאָס פּנים ברענט אים פֿון חרפּה.

ער האָט נאָכגעקוקט אין דער ריכטונג וווהין דער אויפקויפער פֿון גלאָז־וואַרג און מאַקולאַטור איז אַוועק מיט זיין אָנגעהויפטן וועגעלע מיט ביכער און ווען דער „באַטעליעראַ" האָט זיך ענדלעך אַריינגעקערעוועט אין אַ זייטיקער גאַס, האָט זיך ערשט יואל אויסגעדרייט און אַ קוק־געטון אויף דעם שיינעם הויז, אויף דעם זעקס־שטאָקיקן נייעם בנין, פֿונוואַנען דער „באַטעליעראַ" האָט אַרויסגעטאַסקעט די אָנגעשטאָפּטע זעק מיט יידישע ביכער און זיי אויסגעשאָטן, אַזוי ווי מיסט, אויף זיין וועגעלע.

פֿון ביידע זייטן פֿון דעם זעקס־שטאָקיקן בנין, זענען געשטאַנען נידעריקערע הייזער, צווישן וועלכע, דער הויכער בנין האָט זיך אַרויסגעהויבן מיט גדלות, מיט פֿאַריסענער גאווה און יואל האָט עפּעס אָנגעהויבן פֿילן אַ האַס צו דעם פֿאַריסענעם בנין און אין אַ ווינקל פֿון זיין געמיט, האָט זיך ווי פֿאַרגנבעט אַ מין קללה, אַז דאָס גאַנצע הויז וואָלט איצט געמעגט זיך איבערקערן און ווי דערשרעקנדיק זיך, אַז זיין קללה גייט אָט־אָט, שוין

מקוים ווערן, האָט ער זיך מיט שנעלע טריט געלאָזן אַוועקגיין פון דעם בנין, אָבער קומענדיק אויף דער צווייטער זייט, פונקט אַנטקעגן דעם הויכן בנין, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זען מיט זיינע אייגענע אויגן ווי גאָט איז זיך נוקם אין דעם הויז...

איצט, פון קעגנאיבער, האָט די אַרויסגעהויבענע געביידע אויסגעזען אין יואלס אויגן, ווי אַ הויכע מצבה וואָס הייבט זיך אַרויס צווישן נידעריקע שטיינער און די פענצטער־ראָמען האָבן אים אויסגעזען ווי שורות ווערטער, פון מצבה־קריצער אויסגעהאַקטע שבחים, און מיט אַ פּינקטלעכע קלאָרקייט האָבן די פענצטער פון איין שטאָק פאַר אים אויסקאָמבינירט אותיות, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די ווערטער: „פה נקבר״...

**.2**

שוין עטלעכע מאָל האָט זיך יואל געפּרוּווט דערווייטערן פון דעם פּלאַץ, אָבער כסדר האָט עס אים צוריק־אַהערגעטריבן. עפּעס האָט ער געפילט, אַז ער טאָר נישט גלאַט אַזוי פאַרלאָזן דאָס אָרט וואָס האָט אים היינט דערלאַנגט ווי מיט אַ פאַרזשאַווערט מעסער אין האַרצן; עפּעס האָט ער דערפילט, ווי עמיץ אַן אומזעבאַרער שונא, האָט אים אָט־אָ־דאָ, אויף דעם פּלאַץ, היינט דערקלערט אַ מלחמה אויף לעבן און טויט און ער קאָן נישט אַנטלויפן פון דאַנען ווי אַ טרוס, ווי אַ פּייגלינג, ער מוז זוכן, ער מוז טשאַטעווען און פּאַקן דעם שונא; ער מוז זען דעם טיפּ, ער מוז וויסן ווער עס איז דאָס דער ייִד וואָס האָט היינט אַוועקגעשיקט אַזויפיל ייִדישע ביכער צו דער גילאָטינע...

אגב, צו ווּעמען וועט ער איצט לויפן? ער וועט קומען אין קאַפע, ער וועט זיך דאָרט טרעפן מיט חברים שרייבער, מיט ייִדישע קולטור־טוער, ער וועט זיי ווייזן זיין גרויסן אויפטו, זיין נאָר־וואָס פאַרענדיקטע לידער־פּיראַמידע „מיין שיר השירים לייִדיש״, צי וועט ער קענען עפענען אַ מויל פאַר זיי? צי וועט זיך דען נישט אַוועקשטעלן פאַר זיינע אויגן דאָס בילד ווי דער „באָטעליעראָ״ קערט איבער דעם זאַק אויף דעם וועגעלע און עס שיטן זיך אַרויס ייִדישע ביכער און זיי פאַלן אַרויס מיט אַ געדרויש וואָס ווירקט אויף אים ווי אַ טייווליש געלעכטער: — כאַ־כאַכאַ־כאַ־כאַ!...

ניין, ער וועט פונדאַנען נישט אַוועקגיין; ער וועט נישט גלאַט אַזוי פאַרלאָזן דעם קאַמף־פּלאַץ ווו מען האָט דערקלערט מלחמה צו מאַמע־לשון! ער מוז דאָ אויסגעפינען דעם שונא! ער מוז זיך שטעלן קעגן אים פנים־אל־פנים און זיך פאַרמעסטן מיט אים... ער וועט אים איצט קענען אַקעגנשטעלן זיין „ניי וואָפן״, זיין „שיר השירים לייִדיש״!...

ער האָט זיך אַ כאַפּ־געטון מיט דער האַנט צום האַרץ; אין בוזעם־קעשענע נעבן האַרץ, איז געלעגן זיין ניי־פאַרענדיקט ווערק. ווען ער איז אַרויס פונדערהיים, האָט דאָס היפשע פעקל פּאַפּיר וועלכעס האָט מיט זיך פאַרגע־

שטעלט יואלס נאַר־וואָס געבוירענע שאַפונג, אים געוואַרעמט און געגלעט דאָס האַרץ און יואל האָט געפילט, ווי די אותיות פון זיין מאַנוסקריפּט וואָלטן פון זיך אַרויסגעוואָרפן גאַנצע סנאָפּעס מיט זוניקער פרייד, וואָס שפּרייטן זיך אויס איבער זיין גאַנצן געמיט און איצט, האָט יואל געפילט, ווי די באַשריבענע בלעטלעך אין זיין בוזעם־קעשענע, וואָלטן זיך אין שרעק גע־טוליעט צו זיין האַרץ און זיי בעטן זיך ביי אים: — באַשיץ אונדז! פאַרהיט אונדז! מען וויל אונדז אומברענגען!...

.3

אַ באַקאַנטער לערער פון אַ יידיש־העברעישער שול איז פאַרבייגע־גאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט נעבן יואלן:

— שאַלאָם; וואָס שטייט איר עפּעס דאָ אַזוי ווי אַ נעכטיקער?

יואל האָט גאַנץ אומגערן געענטפערט מיט אַ שאַלאָם. אין זיין צו־שטאַנד, איז ער איצט אַמווינציקסטן געווען מסוגל צו האָבן אַ שמועס מיט דעם לערער, וועלכער איז אין די יידישע קולטור־קרייזן גוט באַקאַנט אַלס שוואַרץ־זעער לגבי יידיש; אָבער דער לערער איז דווקא געווען אין אַ גוטער שטימונג און נאָך דער באַגריסונג האָט ער באַלד צוגעגעבן:

— וואָס איז, יואל? איך זע, אַז איר קוקט אַזוי אויף דער געביידע קעגנ־איבער; זייט איר אפשר געקומען מאָנען ירושה, כאָטש איין שטאָק? דאָ איז דאָך ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געשטאָרבן דער באַלעבאָס פון הויז, דער דאָן פּעדראָ עקיס, וועמענס קינדער איך האָב מיט יאָרן צוריק געגעבן לעקציעס אין העברעיש...

יואל האָט דערפילט, ווי דער לערער וואָלט פאַר אים פּלוצים פאַרגע־שטעלט דעם באַהאַלטענעם שונא וועלכן ער האָט נאַר־וואָס געזוכט צו זען פּנים־אל־פּנים און צי האָט ער דען נישט געזען צווישן די ביכער וואָס מען האָט אַזוי אומפאַרשעמט אַרויסגעוואָרפן אויף דעם האַנט־וועגעלע, אויך העברעישע ביכער? איז דאָך היינט דאָ אויף דעם פּלאַץ נישט דערקלערט גע־וואָרן מלחמה בלויז צו יידיש, נאָר אויך צו העברעיש; איז דאָך שוין דער לערער איצט אַן אח־לצרה און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז יואל איז מיט דעם לערער אַריין אין דעם נאָענטסטן קאַפע און זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל.

— דאָן פּעדראָ עקיס? — האָט יואל איבערגעפרעגט:

— יאָ, דער זעלבער וואָס מען האָט אים אפשר צען מאָל פאַרשריבן אין ספר־הזהב; דער זעלבער דאָן פּעדראָ, וואָס האָט זיך געקהלט און געאַר־בעט פאַר אינסטיטוציעס, ער איז געווען אַ גוטער באַזוכער פון יידיש טעאַ־טער און כמעט אַלע היגע שרייבער האָבן אין אים געהאַט אַ גוטן אָפּנעמער פון זייערע ביכער. איך געדענק אים נאָך פון דעמאָלט, ווען זיינע קינדער האָבן ביי מיר געלערנט העברעיש, אַ ווילער מענטש און אַ ווילער ייד

געווען... איז עס געשען מיט עטלעכע טעג צוריק, דאָן פעדראָ איז געזעסן ביים טיש, נאָרוואָס פאַרנדיקט דאָס מיטאָג עסן, גיט ער אַ זאָג צום ווייב:

— דאָראַ... עפּעס איז מיר מאָדנע... און ביז זי האָט באַוויזן אים אויפצו־שפּיליען דעם קראַגן, האָט ער שוין פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ. מען האָט באַלד אַרויסגערופן דעם דאָקטער, אָבער שריי חיי־וקים, אַז עס איז שוין נישטאָ וועמען צו ראַטעווען... נו, און האָסט געזען די גרויסע געביידע... אַ חוץ דעם נייעם בנין, האָט ער נאָך הייזער און אַ ריזן־פאַבריק און דאָס אַלץ וועלן די קינדער ירשענען, נאָר בלויז פאַר זיין ביסל ייִדישקייט, האָט ער ליידער נישט איבערגעלאָזט קיין יורש...

.4

דער לערער האָט יואלן צוריקגעפירט צו דער געשעעניש וואָס האָט אים פריִער אַזוי צעטרייסלט:

— יאָ, איר זייט גערעכט. אַלץ וועלן די יורשים איבערנעמען, אַ חוץ דאָן פעדראָס ביסל ייִדישקייט; עטלעכע וואָכן בלויז ווי ער האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן, האָב איך אַליין געזען ווי די יורשים האָבן נאָר־וואָס אַרויסגע־וואָרפן אויפן מיסט דאָס געבליבענע ביסל ייִדישקייט...

און יואל האָט אים דערציילט וועגן דעם „באַטעליעראָ" וועלכער האָט אַרויסגעטאַסקעט פון דעם הויז עטלעכע פולע זעק מיט ביכער, ייִדישע און אויך העברעיִשע ביכער, די יורשים האָבן זיי, ווייזט אויס, געוואָלט וואָס שנעלער אַרויספּטרן פון שטוב און זיי האָבן עס פאַרקויפט, אָדער פּשוט אַוועקגעשענקט, כדי זיך דערפון צו באַפרייען...

ווען דער לערער האָט באַמערקט אין יואלס אויגן אַן אויפגעגלאַנצטע טרער, האָט ער זיך צעלאַכט:

— דאָס איז ביי אייך אַ נייעס? וויפל ייִדן, ווילט איר זאָל איך אייך דאָ אויסרעכענען, וואָס אָט־אָט האָבן זיי געלעבט און גערודערט מיט זיך אין געזעלשאַפט, געווען גאַנץ ווילע ייִדן און אַבי זיי האָבן צוגעמאַכט די אויגן, איז זייער גאַנץ ביסל ייִדישקייט שנעל פון זייערע יורשים אויסגערויכערט געוואָרן, זיי האָבן זיך געאיילט צו באַפרייען דערפון, אַזוי ווי פון אַן אַנגע־וואַקסענעם שימל; אַ רייע אינסטיטוציעס זענען נאָך דעם אָפּשטאַרבן פון די טאַטעס, אָרעמער געוואָרן מיט וויכטיקע טוערס און אין ייִדישן טעאַטער, זענען געבליבן פרייע ליידיקע בענקלעך, די איינציקע אמתע באַוויינער נאָך זייערע אַמאָליקע באַזיצער...

יואל האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעגעבן חשבון, אַז ער ווייסט אַליין אויך דעם ביטערן אמת און אַז דער לערער איז טאַקע גערעכט, אָבער וואָס איז מיט אים אַזוי די פריידי? וואָס רעדט ער עפּעס אַזוי וועגן די דאָזיקע טרויע־ריקע זאַכן מיט אַזאַ האַפערדיקייט, אַזוי ווי אַ גליק וואָלט אים באַטראָסקעט...

וואָס איז אויף אים די גדולה? צי מיינט ער, אַז העברעיִש וועט עפּעס געווינען פון דעם אונטערגאַנג פון יידיש? צי האָט ער דען נישט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, אַז צווישן די ביכער, וואָס דער „באַטעליעראָ" האָט אַוועקגע־פירט מיט זיין וועגעלע, האָבן זיך אויך געפונען העברעיִשע? צי איז דען איין בוך פון די צוויי וואָס זענען אַראָפּגעפאַלן און ער, יואל, האָט זיי אויפ־געהויבן פון רינשטאָק, נישט געווען אַן איינגעבונדענער יאָרגאַנג פון אַ העברעיִשן זשורנאַל — אין וועלכן ער, דער לערער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע גאַנץ פיינע העברעיִשע אַרטיקלען? וואָס איז אויף אים די גדולה, וואָס רעדט ער עפּעס וועגן אַזעלכע ווייטיקלעכע פאַקטן מיט אַזעלכע טענער, ווי דער גאַנצער ענין וואָלט אים גאָרנישט באַרירט?...

יואל האָט זיך דערמאָנט אָן זיין „שיר השירים ליידיש", עפּעס האָט אים אַ קלעם־געטון ביים האַרץ און ער האָט זיך געכאַפּט מיט דער האַנט צום בוזעם און כדי דער לערער זאָל ווידער נישט לאַכן פון אים וואָס ער זעט אין זיינע אויגן גלאַנצן אַ טרער, איז ער אויפגעשטאַנען, שנעל זיך געזעגנט און אַרויס פון קאָפּע.

אָפּגייענדיק עטלעכע טריט, איז יואל געבליבן שטיין. עפּעס האָט זיך אין זיין מוח געבאָמבלט אַ געדאַנק, ער האָט אים געוואָלט כאַפּן, אָבער דער געדאַנק האָט זיך ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל פון זיין מוח אויסבאַהאַלטן, עפּעס האָט אים געצויגן ער זאָל נאָכאַמאָל צוריקגיין דאָרט אַהין, צו דער געביידע, צו דער גרויסער מצבה וואָס דער דאָן פּעדראָ האָט אויפגעבויט פאַר זיינע מאַטעריעלע יורשים, נאָר ער האָט זיך פאַרהאַלטן, געמאַכט אַ טראָט אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג, ווו ער האָט געוואָלט גיין ווען ער איז מיט אַזויפיל פרייד אַרויס פון זיין היים, אָבער ווידער האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אויסגעדרייט זיך און זיך געלאָזן אויפן וועג צוריק אַהיים.

איבערן וועג אַהיים, האָט ער נאָך אַלץ געזוכט דעם געדאַנק וואָס האָט זיך פריִער אַ באָמבל־געטון אין זיין מוח. אָבער ער האָט דעם געדאַנק נישט געקענט אַרויסשלעפּן פון זיין באַהעלטעניש...

ערשט אינדערהיים, אין זיין קליין שרייב־צימערל, וועלכעס ער האָט געהאַלטן פאַר זיין גייסטיקן מקום־קדוש, שטייענדיק ווידער קעגן די פּאָטאָ־בילדער פון די אַמאָליקע און פון די נאָכגעקומענע יידישע שרייבער, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם געדאַנק וואָס האָט זיך פריִער אַזאַ ווייטיקלעכן באָמבל געטון אין זיין מוח...

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע דאָס פּעקל כתבים און קניִיטשנדיק אַזוי די פּאַפּירן אין זיינע הענט, איז זיין בליק געפאַלן אויף דעם בילד פון מלך ראַוויטש, אויף דעם מחבר פון דער ווונדערלעכער פּאָעמע „די קרוינונג" און קוקנדיק אַזוי אויף דעם בילד, האָט פון זיין גאַנצן געמיט געגומען אַרויסוויינען דער געדאַנק: — פאַר ווּעמען?... פאַר וועמען?!...

## קאַפּיטל דריי

# דער אונטערגאַנג פון דאָן פּעדראָ

**1.**

לאַנג איז יואל אַזוי געשטאַנען און געקוקט אויף די בילדער פון די באַרימטע יידישע שרייבער, וואָס האָבן באַצירט די ווענט פון זיין קליינעם שרייב־צימער.

ער האָט געקוקט פון איין שרייבער צום צווייטן און זיינע בליקן האָבן ווי געמאָנט ביי זיי אַן ענטפער אויף זיין פראַגע: — פאַר וועמען?...

ענדלעך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און גענומען אויסגלייכן די בייגלעך פּאַפּיר פון זיין מאַנוסקריפּט, פון זיין לידער־פּיראַמידע, וואָס ערשט מיט אַ צוויי שעה צוריק האָט פון יעדן בלעטל אַרויסגעזונגען זיין פריידיקער „שיר השירים ליידיש״, און איצט, נאָך זיין איבערלעבעניש אין גאַס, האָבן די שורות פאַר אים ווי אַראָפּגעווײנט פון פּאַפּיר...

אָבער... וואָס איז דאָס? צי האָט עס זיך אים בלויז אויסגעוויזן? נו, דאָס איז דאָך נישט מעגלעך! און דאָך... יאָ, ער זעט עס ממש! מענדעלע מוכר ספרים האָט צו אים אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און איבער די ברילן אַריבער־געקוקט צו אים און חכמהדיק געפינטלט מיט די אויגן און באַלד האָבן זיך די פּנימער פון אַנדערע בילדער צעשמייכלט צו אים, טייל מיט חוזק־שמיי־כעלעך און טייל — מיט פּאָטערלעכער וואַרעמקייט...

יואל ווישט זיך די אויגן. ער ציט זיך ביי די אויערן, אָבער פּאָרט, ער זעט און הערט; עס איז נישט קיין דמיון; די שרייבערס קוקן צו אים אַראָפּ פון די בילדער־רעמלעך ווי לעבעדיקע, און ער הערט בולט שטימען, די שטימען זענען פאַרשידענע, אָבער זיי גיסן זיך צונויף אין כאָראַלע קלאַנגען און ער דערהערט אַ פאָרוואורף, וואָס קומט ווי אַן ענטפער אויף זיין פראַגע: „פאַר וועמען״?

— וואָס איז דען אַזוינס געשען? וואָס האָסטו זיך היינט אַזוי איבער־גענומען? צי מעג זיך אַ יידישער פּאָעט, וואָס זינגט אויס זיין „שיר השירים ליידיש״, לאָזן אָפּהאַקן די פליגלען פון אַן אומבאַדייטנדיקער געשעעניש אין אַ הויז פון אַ געוויסן יחיד?...

יואל איז צעטומלט. ער באַגרייפט נישט, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך; אָבער דאָך, ער קוקט אויף די בילדער מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן. ער זעט די לעבעדיקע פּנימער פון די באַרימטע יידישע שרייבער, וואָס זענען שוין לאַנג טויט, און ער הערט ווי זיי וואַרפן אים פאָר:

— צי מיינסטו, אַז אונדזערע וועגן פון אַמאָל זענען געווען אויסגע־

שפרייט מיט רויזן? וואָס נעמסטו זיך אַזוי איבער? האָסט געזען אַ סצענע, ווי מען פירט אַרויס ביכער פון אַ יידישער שטוב, ווו זיי זענען געוואָרן איבע־ריק. איז וואָס? אפשר זענען אונדזערע צייטן געווען נאָך שווערערע, דעמאָלט ווען מען האָט נאָך אין קיין יידישער שטוב דאָס יידישע בוך נישט אַריינגע־לאָזט!... דעמאָלט, ווען מיר האָבן באַדאַרפט אויפרייסן טיר און פענצטער פון יידישע שטיבער; ווען מיר האָבן באַדאַרפט ברעכן מויערן, כדי צו קענען אַריינוואַרפן די ערשטע קערנער פון יידישער ליטעראַטור און זיי פאַרפלאַנצן אין יידישע הימען!

יואל האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט אַ ציטער אין האַרצן, אָבער זיין ווייטיק איז נאָך אַלץ געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך נאָך נישט געקענט אונטערגעבן און מיט אַ ציטערדיקער שטימע האָט ער געוואַגט זיך אַנטקעגנצושטעלן:

— יאָ, דעמאָלט, אין אייערע צייטן, האָט עס אָבער געהאַלטן ביי אויפ־גאַנג, ביי ווערן, איז דעמאָלט טאַקע כדאי געווען דער קאַמף. אָבער היינט? איך האָב אַליין מיט מיינע אויגן געזען דעם אונטערגאַנג!...

די פנימער פון צוויי שרייבער האָבן זיך אָנגעברוגזט און געקוקט אויף יואלן מיט לערערישן פאָרוווּרף:

— אונטערגאַנג? וועמעס אונטערגאַנג? עס איז בלויז אונטערגעגאַנ־גען אַ דאָן פּעדראָ, אָבער נישט דאָס יידישע בוך, דאָס יידישע שאַפן!... די מוזע האָט דיך היינט צופיל געצערטלט און דו ביסט געוואָרן ווי אַ צו־איידל געפּאַטשקעטער בן־יחיד, וואָס ברעכט צוזאַמען ביים קלענסטן ביסל עגמת־נפש... ווייניק האָט עס געטראָפן אין אונדזערע אַלטע הימען, אין אונדזערע פרומע יידישע צייטן, וואָס קינדער זענען אַרויס לתרבות־רעות און זיי האָבן נישט געוואָלט איבערנעמען די גייסטיקע ירושות פון זייערע אבות? נו? איז יידישקייט דערפון אונטערגעגאַנגען?...

יואל האָט די פאָרוווּרפן און טענות אַזוי דייטלעך געהערט, און ער האָט פון אונטער די ברוגזע מינעס אויף די פנימער פון די שרייבער אַזוי שטאַרק אַרויסגעזען און אַרויסגעפילט די גוטסקייט און פאָטערלעכקייט זייע־רע, אַז ער האָט ווידער געוואַגט אַרויסצושטעלן אַ קעגן־טענה:

— יאָ, אָבער דער דאָן פּעדראָ איז דאָך נישט קיין יחיד! מיר זעען דאָך ממש טאָג־טעגלעך, אַז ווען עס שטאַרבט אַ ייִד פון די אַלטע תושבים, וועלכע האָבן נאָך געלייענט און ליב געהאַט יידיש, איז דאָך נישטאָ ווער עס זאָל פאַרנעמען זיין פלאַץ!...

יואל האָט געקוקט מיט אַ שאַרפן בליק אויף די בילדער, מאָנענדיק ביי זיי אַן ענטפער. אָבער אָנשטאָט אַן ענטפער, האָבן די בילדער אָנגעהויבן ווערן בלאַסער און בלאַסער, די פנימער זענען פאַרשוווּנדן פון די רעמלעך, און אָנשטאָט די באַליבטע שרייבער האָט ער איצט געזען אויף דער וואַנט

גאַנצע סצענעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַזוי ווי אויף דעם ווייסן קוואַ־דראַט אין אַ קינאָ. ער האָט געזען טרויעריקע בילדער פון לוויות. קליינע מענ־טשן־גרופּעס קומען צוטיילן דעם נפטר זיין לעצטן כבוד. ער זעט ווי צו־ערשט טראָגט מען אַרויס פון דער אבל־שטוב די קראַנצן בלומען און מען לייגט זיי אויף דער עגלה און שפּעטער — דעם קאַסטן, און ווי נאָר די עגלה רירט פון אָרט, קומט באַלד אַן אַנדער וואָגן. מען פירט אַרויס פון הויז די לוויה־רעקוויזיטן און ווי נאָר דער וואָגן פירט אַוועק די רעקוויזיטן, קומט אָן אַ „באָטעליערא", שטויסנדיק פאַר זיך זיין האַנט־וועגעלע און ער זינגט אויס מיט זיין ספּעציעלן ניגון: — באָטעליעראַאַאַ!... עס עפנט זיך אַ פענצ־טער; עמעץ רופט פון דאָרט דעם באָטעליעראָ; ער גייט אַריין אין הויז און עס דויערט נישט לאַנג, קומט ער צוריק אַרויס מיט אַ שווערן זאַק, וועלכן ער גיט אַ וואָרף אויף דעם וועגעלע און ער שיט אַרויס פון דעם זאַק ביכער און ביכער, און די ביכער צעפאַלן זיך איבער די אָנגעוואָרפענע אַלטע פלעשער אויף דעם וועגעלע. עטלעכע ביכער פאַלן אַראָפּ אין רינשטאָק. איין בוך צעשפּרייט זיך מיט די צעעפנטע בלעטער, און ער דערזעט ייִדישע אותיות.

כסדר בייט זיך די גאַס. אַנדערע הייזער באַווייזן זיך, אָבער די בילדער פון די לוויות זענען כמעט די זעלבע, מיט דעם זעלבן פינאַל, וועלכן עס פאַר־ענדיקט דער באָטעליעראָ מיטן אַרויסטראָגן די זעק מיט ביכער, דאָס ביסל ייִדישע איבערבלייבעכץ, וואָס איז געבליבן נאָך די נפטרים און עס איז מער נישטאָ אין שטוב קיין פלאַץ דערפאַר.

יואל פילט ווי זיין גאַנץ געמיט ווערט געדריקט און געפּייניקט פון אַ גיהנומדיקן ווייטיק; ער בייסט זיך די ליפּן און שניידט זיך איין מיט די נעגל פון די פינגער אין אייגענעם לייב. ער וויל מיט פיזישן ווייטיק פאַרטויבן זיין גייסטיקע פּיין. אָבער אָט האָט זיך ווידער באַוויזן די זעקס־שטאָקיקע געביידע פון דאָן פּעדראָ, מיט דעם אויסזען פון אַ הויכער מצבה און אויף וועלכער די פענצטער־ראָמען פאַרוואַנדלען זיך אין אותיות, וואָס קאָמבינירן מיט זיך אויס אַ „פּה נקבר"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי קאַפּריזנע ווי עס איז די נאַטור צווישן באַרג־שפּיצן אויף הויכע הויכן, אַזוי איז דער געמיט־צושטאַנד, וואָס ענדערט כסדר די שטימונג פון קינסטלער.

יואל האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסרייסן פון זיין אימאַזשי־נירטן צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט געזען נאָר טויט און אומקום. און דווקא דאָס ווידער באַוויזן זיך פון דאָן פּעדראָס זעקס־שטאָקיקער געביידע, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די הויפּט־שולד פון זיין היינטיקער פּיין, האָט זיך זיין געמיט אָנגעהויבן אויסלייטערן, און אָט האָבן די בילדער פון די

ייִדישע שרייבער, וואָס האָבן באַצירט זייַן קליין שרייב־צימערל, ווידער אויפ־געלויכטן מיט ליכטיקע קלוגע און געטרייע פּנימער און יואל האָט ווידער דערהערט דעם זאָג: — צי מעג זיך אַ ייִדישער פּאָעט לאָזן אָפּהאַקן זייַנע דיכטערישע פליגלען פון אַן אומבאַדייטנדיקער געשעעניש ביי אומוויכטיקע יחידים?...

פון ערגעצוווּ האָבן זיך פּלוצים דערהערט קלאַנגען פון מוזיק. יאָ, יואל דערקענט די מוזיק: דאָס איז ייִדישע מוזיק און ער פילט, אַז די קלאַנגען דרינגען אַריין אין זייַן האַרץ און זיי שטויסן אַרויס פון דאָרט זייַנע אַקאָרשט אַזוי שטאַרק געפילטע ווייטיקן און צווישן די מוזיקאַלישע קלאַנגען הערט ער ווידער דעם אויסרוף: — עס איז בלויז אונטערגעגאַנגען אַ דאָן פּעדראָ, אָבער נישט דאָס ייִדישע בוך, דאָס ייִדישע שאַפן!...

און אָנשטאָט לוויות מיט וועגעלעך פאַר אַלטוואַרג דערזעט ער פּלוצים בילדער פון מסיבות, פון פרייליכע צוזאַמענקונפטן פון אַ סך מיטליעריקע ייִדן. מען רעדט, מען ווינטשט זיך, מען אַמפּערט זיך און מען מאַכט זיך קאָמפּלימענטן און אַלץ אין ייִדיש און אָט זעט ער ווי איינער גייט אַרויף אויף אַ טריבונע און רופט אויס:

— און איצט וועלן מיר ליציטירן אויף אַמעריקאַנער אופן צען ניי־דערשינענע ייִדישע ביכער לטובת אונדזער ניי־דערעפנטער ייִדישער שולע!...

און אַזוי ווי מיט מינוטן פריִער — בלויז טויט און אומקום, — אַזוי האָט יואל איצט אָנגעהייבן זען בילדער פון לעבן און אויפקום. עס האָט אויסגעזען ווי די בילדער פון די ייִדישע שרייבער וואָלטן זיך בכיוון אָפּגערוקט און גע־מאַכט פּלאַץ אויף דער וואַנט פאַר די בנינים פון ייִדישע שולן, וועלכע זענען אין משך פון די לעצטע יאָרן אויפגעבויט געוואָרן און פאַר די בנינים, וועלכע האַלטן זיך ערשט אין בויען.

...און אָט זעט ער אַ גרויסן שול־הויף; קינדער פון איין גראַד פאַרלאָזן די קלאַס און שטעלן זיך אויס אין רייען אויפן שול־הויף. באַלד קומט אַרויס אַ צווייטע קלאַס, קינדערלעך, קינדער פון אַלע גרויסן און אַלע אין ווייסן, מיט פינקלדיקע קלוגע אייגעלעך, פון וועלכע עס שייַנט אַרויס פרייד און גלויבן און ווידער דערהערט יואל די טענער פון ייִדישער מוזיק און צווישן די טענער דערהערט ער אַ קול אַזוי ווי פריִער:

— אונטערגעגאַנגען איז בלויז אַ דאָן פּעדראָ, אָבער נישט דאָס ייִדישע בוך און נישט דאָס ייִדישע שאַפן!...

און בילדער דערשיינען איינס נאָכן צווייטן, לעבעדיקע, פריידיקע. אָט זעט ער, ווי עס ווערט פאַרטיילט אַ פּרעמיע פון אַ קאָנקורס פאַר אַ בעסטער שאַפונג אין ייִדיש פון אַ יוגנטלעכן, און אָט דערשייַנען פאַר אים גרויסע דרוק־מאַשינען, וואָס דרוקן ייִדישע ביכער. און אָט זעט ער איינבינדערייען, ביכער, ביכער און ביכער. און ווידער הערט ער די קלאַנגען פון ייִדישער

מוזיק. עפּעס רירט עס אים. עפּעס וועקט אים די מוזיק. עפּעס פילט ער, ווי יעדער מוזיקאַלישער קלאַנג גיט אין אים אַריין נייע כוחות, און ער הייבט פּאַמעלעך אָן קומען צו זיך. אַלע אַנדערע בילדער פאַרשווינדן. ער זעט איצט בלויז ביכער, יידישע ביכער, זיי ליגן שיין־געבונדענע אויף דער ביכער־אויס־שטעלונג אין קהילה, און ער זעט יידן קויפן די ביכער. זיי קומען אַליין און קויפן. טייל קויפן אויף צו שענקען זיי אַלס מתנות און עס גייט, עס לעבט דער אינטערעס פאַרן יידישן בוך. און ער זעט ווי די שול־קינדערלעך טראַנס־פאָרמירן זיך אין גרויסע און זיי פרעגן זיך אויף יידישע ביכער און צווישן די ביכער שיינען אַרויס זיינע, יואלס אייגענע ווערק, אויך זיין „שיר השירים ליידיש”, און ער זעט, מיט וויפל ליבשאַפט די נייע אויפגעוואַקסענע יידן קוקן אויף זיין בוך, אויף זיין לידער־פּיראַמידע, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט אויפגעבויט פאַר זיין האַרציק יידיש מאַמע־לשון.

יואל איז אַרויס פון זיין אימאַזשינאַטישן צושטאַנד.

די פּנימער פון די יידישע שרייבער האָבן קלוג אַראָפּגעשמייכלט צו אים פון די בילדער און עפּעס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז מלך ראַוויטש קוקט צו אים מיט טריאומף:

— זעסט, אָט האָסטו זיך היינט אַליין געקרוינט, און פון די טויזנטער שול־תלמידים וועט מען בקרוב קרוינען נייע צענדליקער און צענדליקער, וואָס וועלן אָנשטאָט די פאַרגעסענע אונטערגעגאַנגענע דאָן פּעדראָס, בויען אַ שיין באַוווסטזיניק יידיש לעבן נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר די נאָכקומענדיקע דורות!...

ערשט איצט האָט יואל געהערט, אַז די מוזיקאַלישע קלאַנגען קומען פון אַ שכניש פענצטער. דאָרט וווינט אַ יידיש פאָרפאָלק. דער מאַן איז איצט געקומען צום מיטאָג, און דאָס ווייב האָט אַ חוץ די שפּייזן אויך צוגעגרייט פאַר אים די גראַמאָפאָן־פּלאַטן פון יידישע לידער.

יואל איז אויפגעשטאַנען אַ געשטאַרקטער:

עס איז אים גוט געווען צו גלייבן, אַז בלויז דער דאָן פּעדראָ איז אונ־טערגעגאַנגען, אָבער נישט דאָס יידישע שאַפן; עס איז אים גוט געווען צו גלייבן, אַז מער ווי אַלעמאָל קומט דאָ דאָס יידישע בוך אין יידישע שטיבער!...

יואל האָט זיך איצט געפילט געשטאַרקט און אויפסניי אָן אָנגעפילטער מיט שטאָלץ אויף זיין היינט פאַרענדיקטער לידער־פּיראַמידע. האָט ער ווידער געלייגט דעם מאַנוסקריפּט אין בוזעם און מיט לייכטע טריט, ווי שוועבנדיק, איז ער אַרויס אין גאַס, אויפן וועג צום קאַפע, ווו עס קומען זיך צונויף יידישע שרייבער...



# הונדערט שידוכים

.1

ר' שלמה איז היינט אויפגעשטאַנען מיט אַ פריילעכן געמיט.

נאָך קיינמאָל אין משך פון זיינע זעקס און פופציק איבערגעלעבטע יאָרן, האָט ער זיך בעתן אויפשטיין פון שלאָף נישט געפילט אַזוי גוט ווי היינט.

רירעוודיקער און באַוועגלעכער ווי געוויינלעך, האָט ער זיך היינט אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן דעם בעסערן אָנצוג, אַרויסגענומען פון ספרים־שענקל דאָס קליינע פיר־קאַנטיקע פאַרקנעפּלטע בלויע זעקל מיט טלית און תפילין און אַוועק אין שילעכל וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון זיין וווינונג.

זיין טראָט איז געווען אַ געמעסיקטער, אָבער אַ זיכערער און זיין אינערלעכע צופרידנקייט האָט אַרויסגעשיינט פון זיינע בליקן.

— ער וועט היינט פאַרן מנין שטעלן משקה! — איז אים איינגעפאַלן;

— נישקשה, ער מעג זיך פאַרגינען; אגב, קאָן עס אויך דינען אַלס פּראָפּאַגאַנדע... זאָל מען וויסן, אַז ער, ר' שלמה, האָט נעכטן צונויפגעפירט און אויסגעפירט דעם הונדערטסטן שידוך!...

אַ פרייד האָט געגלעט זיין געמיט: — איך בין אַ נוצלעכער מענטש, עפּעס האָב איך פאָרט אויפגעטון!... און זאָלן די מאָדערנע לייט חוזקן, זאָלן זיי האָבן טענות צו די אַלט־פרענקישע אופנים פון צונויפפירן און צונויפּפאָרן שידוכים, ער איז גרייט זיך מיט זיי אויסצוטענהן, ער איז גרייט זיך צו פאַרמעסטן מיט זיי אין אַ דיסקוסיע וועלכע אופנים פון מזווג־זיווגים צו זיין איז בעסער...

און גייענדיק אַזוי, האָבן אין זיין מוח אויפגעלויכטן געדאַנקען און איינפאַלן מיט וועלכע ער פילט, אַז ער וואָלט גובר געווען אַלע טענות פון די מאָדערנע לייט און ער וואָלט זיי אַפילו געקאָנט באַווייזן, אַז ער איז גאָרנישט קיין שונא פון ליבע, אדרבה, ער האַלט פון אהבה זייער שטאַרק און טאַקע דערפאַר, ווייל אהבה מאַכט גאַנץ אָפט דעם מענטשן בלינד און ליבע איז מערסטנס אַזוי ווי אַ בלום אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל שטעכלקעס און דערנער, אַז מען דאַרף האָבן דעם ניכטערן אָביעקטיוון מענטש, וואָס זאָל אַרומרייניקן די דערנער און דערפירן די ליבע צו אַ מזלדיקן טאָלק...

ר׳ שלמה האָט אַ שמייכל־געטון אין זיך אַריין:

— כאָטש אַ ר׳ שלמה, עפּעס אַ שדכן דאָרט, דאָך ווייס דער שלמה וואָס איז אַזוינס ליבע; שלמה איז נישט געבוירן געוואָרן אַלס שדכן, ער האָט געלעבט, געליבט און געליטן און זיך געבראָטן אויף אַלע פייערן פון לעבן און ער ווייסט שוין, אַז מיטן ווערלן פליִען צו די הימלען, פאַרלירט מען גאַנץ אָפט דעם באָדן אונטער די פיס און עס איז נייטיק, אַז דער זייטיקער פּראַק־טישער מענטש זאָל צומאָל וועקן דעם באַוווסטזיין פון די פאַרלעך וואָס גע־פינען זיך אין אַ צושטאַנד פון הינערפלעט, וואָס איז נישט אַהער און נישט אַהין...

שוין זייענדיק נעבן טויער פון שולעכל, האָט זיך ר׳ שלמה דערמאָנט אָן די נעכטיקע תנאים פון זיין הונדערטסטן אויסגעפירטן שידוך, ווי פריילעך דאָרט איז געווען, ווי די מחותנים האָבן זיך דאָס אָקעגנגעטאַנצט אַ האָצקע און ווי די מחותנתטעס האָבן זיך דאָס צעקושט און געמאַכט פּיסקעלעך צום וויינען פון גליק און ווי די חתן־כלה וואָס קענען זיך ערשט עטלעכע וואָכן, קוקן זיך מיט ליבשאַפט אין די אויגן און זייערע פּנימער שטראַלן פון גליק...

— יאָ, ער וועט היינט שטעלן משקה פאַרן מנין און זאָלן אַלע וויסן, אַז ער האָט נעכטן צונויפגעפּאָרט דעם הונדערטסטן שידוך און געפּראַוועט די הונ־דערטסטע תנאים!...

און ער איז אַריין אין שולעכל.

.2

ר׳ שלמה האָט אַ סך מיטגעמאַכט אין זיין לעבן איידער ער איז געוואָרן ר׳ שלמה דער שדכן.

אַ קינד פון חסידישע טאַטע־מאַמע אין אַ שטעטל פון גאַליציע, האָט ער געלערנט אין חדרים, דערנאָך אַוועק אין אַ גרעסערער שטאָט, געלערנט אין אַ ישיבה און געגעסן טעג ביי רייכע באַלעבאַטים, שוין באַלד געקאָנט באַקומען „סמיכה" אויף רבנות, ווען רחלע, דעם רייכן סוחר ר׳ מאָטעלעס טעכטערל, אין וועמענס הויז ער האָט „געהאַט אַ טאָג", האָט אָנגעצונדן אַ העליש פייער אין זיין האַרצן.

שלמהלע האָט דעמאָלט געוווּסט, אַז ער ברענט, נאָר ער האָט נאָך נישט געוווּסט דעם נאָמען פון דעם פייער וואָס פאַרצערט זיין האַרץ, ביז רחלע האָט אים געגעבן ביכלעך און ער האָט גענומען לייענען אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אין בית־המדרש און ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דאָס פייער וואָס ברענט אין זיין האַרצן — הייסט ליבע...

ווען דער בליק פון רחלעס שוואַרצע אויגן האָט זיך באַגעגנט מיט זיי־נעם, האָט ער געפילט ווי ער הערט אינגאַנצן אויף צו עקזיסטירן. ער האָט זיך געפילט ווי אַ מלאך, וואָס איז בלויז פייער און גייסט און קאָן שוועבן אין דער לופט און בלויז אַ בלאָז, און ער איז שוין נישטאָ...

אָבער מער ווי בענקעניש, צער און האַרצווייטיק, האָט ער פון דער ליבע נישט געהאַט.

מען האָט אים אין בית־המדרש געכאַפּט ביי די ביכלעך און אַרויסגע־טריבן אים מיט חרפה, ער האָט פאַרלוירן „די טעג", נישט מער געזען רחלען, געמוזט אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט, ווו ער איז געוואָרן אַ באַהעלפער ביי אַ דרדקי־מלמד, געליטן נויט און לאַנג־לאַנג נישט געקאָנט פאַרגעסן אָן רחלען און אַ שנאה איז זיך צעוואַקסן אין זיין האַרץ קעגן דעם חסידישן פאַ־נאַטיזם, וואָס האָט אים אַזוי אומברחמנותדיק דערווייטערט פון איר.

ער איז געוואָרן אַן אפיקורס.

ער האָט געלייענט ביכער, באַקענט זיך אין ביבליאָטעק מיט חברים, עס איז אים נמאס געוואָרן דאָס באַהעלפעריי און ער האָט אָנגעהויבן געבן לעקציעס פון יידיש און לשון־קודש. געוואָרן אַ לערער און ווייטער געהונגערט און איבערלעבנדיק אַ סך אַנטוישונגען, איז ער ענדלעך אָנגעקומען צוריק אַהיים, צו זיין מאַמען אין דעם קליינעם שטעטל. דער פאָטער האָט שוין נישט געלעבט.

זיינע צוויי שוועסטער, חנהלע און גיטעלע האָבן שוין געהאַט חתונה געהאַט, און די מאַמע האָט געלעבט פון דעם וואָס זיי האָבן איר געגעבן.

די שוואָגערס, חסידישע יונגעלייט, שאַרפע גמרא־קעפּלעך און אויך גוטע אויפטוער אין מסחר, האָבן געקוקט קרום אויף זיין צוריקקומען, זיי האָבן זיך כלומרשט אַזוי, אין גוטן געמיט, געוואָרטלט מיט אים, געבעטן אים, ער זאָל זיי געבן צו פאַרשטיין, וואָס ער וויל אַזוינס אויפטון אין זיין לעבן... עפּעס מוז דאָך אַ מענטש אויפטון אין זיין לעבן; מיט עפּעס מוז זיך דאָך אַ מענטש נוצלעך מאַכן!...

זייערע ווערטער האָבן אים באַגלייט אויף אַלע זיינע ווייטערדיקע וועגן און אומוועגן.

ער איז ווידער אַוועק, געפאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, אָן אַ טאָלק, אָן אַ באַשטימטער אַדרעס וווהין און צו וועמען, אָבער איין זאַך האָט ער געוווסט, דאָס וואָס די ביכער שרייבן און וואָס אויך זיינע שוואָגערס האָבן אים געזאָגט: — מיט עפּעס מוז זיך דאָך אַ מענטש נוצלעך מאַכן!...

אין זיין נע־ונד האָט ער אָנגעהויבן פאַרשטיין, אַז צו קנאַפּ איז זיין וועלטלעכע בילדונג, אַז ער זאָל קענען דערגרייכן מיט איר אַ נוצלעכע פּאָ־זיציע אין לעבן און ער האָט באַשלאָסן, אַז כדי צו זיין נוצלעך, מוז ער אויס־לערנען עפּעס אַ פאַך, ווערן אַן אַרבעטער און דעמאָלט וועט ער ערשט קענען ווערן אַ נוצלעכער מענטש.

נישט אַזוי לייכט איז עס אָבער געווען פאַר דעם געוועזענעם בית־המדרש־בחור צו לערנען און אויסלערנען אַ פאַך, וואָס מיינט, אַז מען דאַרף יעדן טאָג טוען און אַרבעטן דאָס זעלבע און ווידער דאָס זעלבע. ביי שלמהן

האָבן זיך געדאַנקען געשפּאַרט אין מוח און ער האָט געהאַט אַ דראַנג צו עפּעס אַן אויפטו, צו עפּעס אַ זאַך וואָס זאָל אים באַפרידיקן...

נו, האָט ער זיך געוואָרפן פון איין פאַך צום אַנדערן און ענדלעך, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ מיידל און חתונה געהאַט מיט איר, און דאָס איז פאַר אים געווען ממש אַן אויסלייזונג און אַ גליק.

רבקהלע האָט אים ליב געהאַט און זי האָט געהאָרעוועט ביי אַ הענטשקע־מאַכער, געשטריקט הענטשקעס ביז שפּעט אין דער נאַכט און שלמה האָט געהאַט אַ היים, אַ ווייב און דאָס שטיקל ברויט.

אָבער אויך דאָס ביסל גליק האָט נישט לאַנג געדויערט. שלמה האָט אָנגעהויבן פילן, אַז ער לעבט אַן אומזיניק און נוצלאָז לעבן, ער לייענט די ביכער וואָס פאַרשאַרפן נאָך זיין באַוווּסטזיין אַז ער לעבט אויפן חשבון פון ווייבס פּראַצע און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַוועקפאָרן ווייט, אין אַנדערע לענדער, זאָל זיין קיין אַרגענטינע, דאָרט פאָרן דאָך אַזויפיל מענטשן און זיי מאַכן אַ לעבן, וועט ער אויך פּרוּוון ווערן איינער פון זיי...

און ער איז געקומען קיין אַרגענטינע צוזאַמען מיט רבקהלען.

.3

ווען ר׳ שלמה איז צוריק אַרויס פונעם שולעכל, איז ער געווען צע־פלאַמט פון די עטלעכע לחיימס וואָס ער האָט אַריינגעכאַפּט מיט זיין מנין און ער איז אַ צופרידענער, מיט בנעימותדיקע טריט געגאַנגען אַהיים.

— וואָס־וואָס, נאָר נוצלעך בין איך פאַרט און עפּעס האָב איך דער־גרייכט; ווען אַפילו בלויז דאָס, וואָס רבקהלע דאַרף נישט מער אַרבעטן אַלס שטריקערן כדי אים אויסצוהאַלטן, דאָס אַליין איז שוין אויך אַ גרויסע דער־גרייכונג.

און ער דערמאָנט זיך וויפל נויט און פּיין ער האָט דאָ איבערגעלעבט אין משך פון די ערשטע עטלעכע יאָר אין אַרגענטינע, אָן די פינצטערע שטיבלעך אין וועלכע ער מיט זיין רבקהלען האָבן אָפּגעחושכט זייערע טעג און ווי אַזוי עס איז אים ענדלעך געקומען אויפן געדאַנק, זיך אַ נעם צו טון צו שדכנות...

נישט אַזוי שנעל איז ער געקומען אויף דעם געדאַנק. צוערשט האָט ער באַדאַרפט מגולגל ווערן אַלס קאָבראַדאָר פון אַ תלמוד־תורה מיט אַ שולעכל און דאָרט, אין דעם שולעכל, האָט ער זיך ווידער אָנגעהויבן פילן ווי אַמאָל, אין דער אַלטער היים, אין זיין שטעטל אין גאַליציע, ער האָט זיך געפינען צווישן ייִדן, היימישע ייִדן און ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָ איז זיין פּלאַץ; אַז אומזיסט האָט ער פאַרלוירן אַזויפיל יאָרן מיט פוסט־און־פּאַסעווען, מיט חלומות, מיט וועלן שפּרינגען פון דער אייגענער הויט. דאָ, אין שולעכל, איז ער געווען אַ מענטש צווישן זיינע מענטשן; דאָ האָט ער געהאַט אַ וואָרט; דאָ

האָט מען זיך צוגעהערט צו זיינע אַמאָליקע קענטעניש אין די דריבנע או־תיות, וועלכע ער האָט פון טאָג צו טאָג מער אויפגעפרישט אין זיין זכרון און דאָ איז עס געווען, וואָס אַ התנצלות פון זיינס אַ באַלעבאָס וועגן זיין טאָכטער וואָס לעבט אַ צוריקגעצויגן לעבן און ער ווייס נישט ווי אַזוי זי וועט קענען געפינען איר זיווג, האָט אים געבראַכט צום געדאַנק, אַז ער זאָל פּרווון זוכן אַ פּאַסיקן בחור פאַר איר.

גייענדיק אַזוי, צעשמייכלט זיך ר׳ שלמה: — דאָס איז טאַקע געווען דער ערשטער פון מיינע הונדערט שידוכים וואָס איך האָב צונויפגעבראַכט!...

ר׳ שלמה איז אַריין אין שטוב. רבקהלע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אים זיין באַליבט עסן צום פרישטיק, צוויי פרישע פלעצעלעך מיט מאָן, באַשאָטן און אויף אַ טעצעלע אַ היפּש שטיקל פּוטער. ר׳ שלמה האָט שוין פון לאַנג געהאַט פאַרגעסן זיין אַמאָליקע אַפּיקורסות, ער האָט זיך געוואַשן און אָפּגעמורמלט אַ שאו־ידיכם און זיך געזעצט צום טיש.

נאָכן ערשטן ביסן, האָט ער צוגערופן רבקהלען און איר דערלאַנגט עט־לעכע באַנקנאָטן: — דאָס איז מיין מתנה פאַר דיר, צום הונדערטסטן שידוך וואָס איך האָב נעכטן אָפּגעשלאָסן.

רבקהלע האָט גענומען דאָס געלט און ווישנדיק זיך די אויגן, איז זי אַוועק אין קיך כדי צו ברענגען דאָס טעפּל קאַווע מיט מילך צום טיש...

ר׳ שלמה האָט געשניטן מוציאלעך פון דעם פלעצל און שלינגענדיק אַ ביסן נאָך אַ ביסן, האָט ער נישט אויפגעהערט טראַכטן:

— זאָלן זיי זאָגן וואָס זיי ווילן, די מאָדערנע טפשים; איך בין גרייט זיי צו באַווייזן, אַז מיין אַרבעט איז אַ נוצלעכע און אַ נייטיקע!... איך בין גרייט זיך אַוועקצוזעצן מיט זיי און מיט אַ בלייער אין האַנט מאַכן מיט זיי דעם חשבון, קלאָר, שוואַרץ אויף ווייס, אויסרעכענען זיי די נעמען פון מיינע הונדערט פּאָר־פּעלקער, וועלכע זענען שוין היינט געבענטשט מיט קינדער־לעך און מיט גוטע און גאָר גוטע פּרנסות און זאָלן זיי מיר אָקעגנשטעלן הונ־דערט פּאָרלעך וואָס האָבן זיך אַליין פאַרשדכנט מיט זייער ליבע און זאָל מען זיך איבערצייגן וועלכע הונדערט פּאָרלעך האָבן אַ גרעסערן פּראָצענט גליקלעכע צוזאַמענלעבנס!...

ר׳ שלמה האָט זיך צעשמייכלט: — זיי וועלן מיט מיר רעדן וועגן ליבע? נו, בין איך דען קעגן ליבע? אדרבה, אָבער וויפל אַזעלכע ליבעס דערפירן זיך צו אַ טאָלק? אַ נו, זאָל מען מאַכן אַ חשבון, פון הונדערט געשלאָסענע שידוכים דורך אַ שדכן און הונדערט ליבעס, וויפל פאַלן עס טרעפן דאָ און דאָרט וואָס די פּאָרלעך צעגייען זיך דערנאָך... האָ־האָ, מאַכנדיק אַזאַ חשבון, וואָלטן זיך די מאָדערנע לייט געמוזט פאַרשעמען...

ר׳ שלמה איז געווען צופרידן מיט זיך. די נעכטיקע תנאים וואָס איז געווען זיין הונדערטסטער אויסגעפירטער שידוך, האָט אים אָנגעפילט מיט

שטאָלץ; ער איז אַ נוצלעכער מענטש און טוט דערביי אַ הייליקע אַרבעט און כאָטש דאָס אויספירן די הונדערט שידוכים האָט ביי אים געדויערט שיינע עטלעכע יאָר, נו, איז וואָס? זאָל מען אים באַווייזן דעם חשבון פון הונדערט פאַרליבטע פאָרלעך וואָס מאַכן חוזק פון די שדכנים, וויפל פון זיי עס האָבן אין משך פון די עטלעכע יאָר חתונה געהאַט און פון וויפל עס איז נאָך יאָרן געוואָרן גאָרנישט מיט גאָרנישט און וואָס נאָך ערגער, וויפל עס שלעפּן זיך נאָך אַרום נישט אַהין און נישט אַהער!...

אָפּגעגעסן, איז ר׳ שלמה צו צו דעם ספרים־שענקל, אַרויסגענומען אַ העפט, אַוועקגעלייגט דעם העפט אויפן טיש און גענומען איבערקוקן די נע־מען פון זיינע צונויפגעפּאָרטע זיווגים. די אויגן האָבן זיך ביי אים צעשטראַלט און ווי אַמאָל אַ סופר, אויף אַריינצושרייבן אַ לעצטע שורה אין אַ ספר מיט אַזאַ ענלעך הייליקן געפיל האָט ר׳ שלמה איצט אַריינגעשריבן אין העפט די נעמען פון זיין הונדערטסטן פּאָרל...

✶

# שרהלע, רבקהלע און דער לערער

.1

שרהלע און רבקהלע זענען געווען צוויי שוועסטער, אַ צווילינג־פּאָר. שרהלע איז געווען עלטער פון רבקהלען מיט צוויי שעה.

ביידע, די זעלבע גרויס, בעסער געזאָגט — די זעלבע קליין, ווייל ביידע זענען געווען נידעריטשקע, באַחנטע מיט די זעלבע חן־גריבלעך אויף די בעקלעך, ביידע כמעט מיטן זעלבן אויסזען, נאָר שרהלע האָט געהאַט שוואַרצע אויגן אַזוי ווי די מוטער און רבקהלע האָט געהאַט בלויע אויגן — אַזוי ווי דער פֿאָטער.

זייער קינדהייט, איז נישט געווען קיין גליקלעכע.

טאַטע־מאַמע זענען געווען אַרבעטער און ווען זיי זענען געבוירן געוואָרן, האָט בלויז דער פֿאָטער געקאָנט אַרבעטן און שוין מיט די איבערשעהן וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן, הייבנדיק דאָס שווערע אייזן אַלס פּרעסער, האָט ער קוים פֿאַרדינט אויפֿן טרוקענעם שטיקל ברויט און אויף דירה־געלט פֿאַר דעם קליינעם שטיבל אין וועלכן זיי האָבן געוווינט.

אָבער, כאָטש אין אָרעמקייט, איז דאָס צווילינג־פּאָרל געוואַקסן שיין און קלוג, די מוטער האָט אַרום זיי אַ סך געאַרבעט און געהאַלטן זיי ריין און ציכטיק, פֿאַרקעמט זיי די הערעלעך אין לאָקן און גרויס איז געווען דער נחת־רוח פון טאַטע־מאַמע, ווען זיי זענען זונטיק אַרויסשפּאַצירט מיט זייער שיינעם צווילינג און געזען ווי אַלע פֿאַרבייגייער באַוווּנדערן דאָס קליינע מלאכים־פּאָרל.

צו די דריי יאָר האָט די מוטער אַריינגעגעבן דאָס פּאָרל איבערן טאָג אין יידישן קינדערהיים און אויך די מוטער איז צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט און דעמאָלט האָט שוין אָנגעהויבן לייכטער ווערן מיט פּרנסה, מען האָט שוין אויף אַ יום־טוב געקאָנט באַקליידן די קינדערלעך מיט נייע קליידלעך און שיכלעך און שפּעטער אַ ביסל, אויך זיך אַריבערקלייבן אין אַ באַקוועמערער דירה און ווען די קינדערלעך האָבן שוין באַדאַרפֿט גיין אין שול, האָט די מוטער געקויפֿט אַ ניי־מאַשין צום אויסצאָלן, אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער היים פֿאַר אַ קאָנפֿעקציע־געשעפֿט און דערביי האָט זי געקאָנט אַכטונג געבן אויף די קינדער.

ווען דאָס צווילינג־פּאָרל איז געוואָרן צוועלף יאָר אַלט, האָבן זיי שוין אין די פרייע שעהן, נאָך דער שול און נאָכן מאַכן די לעקציעס — צוגע־האָלפן דער מאַמען אין דער אַרבעט, געצויגן פאַסטריגעס און געניית קנעפ־לעך און דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט, אַז די מאַמע זאָל קענען אויסאַר־בעטן צוויי מאָל אַזוי פיל ווי פריִער און אין שטוב האָט זיך שוין אָנגעהויבן דרייען אַן איבעריקער סענט.

אָבער שנעל האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן די דיפערענצן צווישן די צוויי שוועסטערלעך.

שרהלע איז געווען אַרבעטסזאַם און אַרויסגעוויזן מער חשק צו דער ניי־מאַשין ווי צו דער שול און רבקהלען האָט עס געצויגן צום לערנען און עס איז געוואָרן אַזוי, אַז שרהלע איז געוואָרן אַ נייערין און רבקהלע איז אַריין אין „ליסעאָ" שטודירן.

קיין קנאה צווישן די צוויי שוועסטערלעך איז נישט געווען. יעדע פון זיי האָט אויסגעקליבן דאָס וואָס איז זיי געווען נענטער צום האַרצן און ביידע זענען געווען צופרידן.

אָבער שפּעטער, ווען זיי זענען געוואָרן זעכצן יאָר אַלט, האָט זיך די לאַגע אָנגעהויבן ענדערן; בעת שרהלע האָט אָנגעהויבן אַקטוִירן אין קרייזלעך פון לינקע איז רבקהלע שוין געווען אַן אָנגעזעענע מיטגלידערין אין „הנוער הציוני", און ווען שרהלע האָט אהיימגעבראַכט יעדעס מאָל נייע „באַנאָס" און „ריפעס" פון די לינקע קרייזלעך, האָט זיך רבקהלע אַרומגעטראָגן מיט „שקלים" און אַהיימגעבראַכט אַ פּושקע פון קרן קימת לישראל.

רבקהלע האָט זייער גוט געלערנט און נאָך אַ יאָר, וואָלט זי שוין גע־קאָנט פאַרענדיקן מיט דער מיטלשול, אָבער דער גורל האָט אַנדערש אָנגע־געצייכנט איר וועג, דער פאָטער איז קראַנק געוואָרן, עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ סדרה פון דאָקטוירים און מעדיצינען, רבקהלע האָט געמוזט איבער־רייסן איר שטודיום און העלפן אין דער אַרבעט, און אַזוי האָט דער גורל פאַראייניקט די צוויי שוועסטער, אָבער בלויז אין שטוב; אין גאַס איז שרהלע געגאַנגען צו אירע קרייזן און רבקהלע — צווישן אינטעליגענץ און נאַציאָ־נאַל־יידישע קרייזן.

און וואָלטן די צוויי צווילינגס־שוועסטער זיך געהאַלטן צוזאַמען אויך אויסער דער היים וואָלט נישט געקאָנט פּאַסירן, אַז דער לערער איזאַק, זאָל זיך אַזוי לאַנג דרייען אַרום ביידע און איינע זאָל נישט וויסן אַז די אַנדערע האָט מיט דעם זעלבן לערער אָפטע ראַנדעוווען...

.2

איזאַק איז נישט געווען קיין אויסשטודירטער לערער, נאָר ווי אַ סך אַנדערע האַלב־אינטעליגענטע בחורים וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין פאַר־

שידענע קולטור־קרייזלעך, איז ער אויך געוואָרן אַ לערער אין איינער פון די שולן וואָס די חברים פון זיין סביבה האָבן דערעפנט.

איזאַק איז געווען איינער פון די אַזוי־גערופענע „לייכטע געהער״; קיין אידעאָלאָגישן רוקנביין האָט ער נישט געהאַט, אַלס לערער האָט ער געלערנט אין אַ לינקיסטישער וועלטלעכער שול אָבער געדרייט האָט ער זיך אין רעכטע קרייזן; ליב געהאַט אַ שמעק צו טון דאָ און דאָרט און אויב קיינער האָט נישט געוווּסט און זיך נישט באַמיט צו וויסן וואָס איזאַק זוכט אַזוינס אין די פּאַר־שידענע קרייזן, האָט ער עס אָבער אַליין יאָ געוווּסט, ער האָט פּשוט געזוכט, אפשר וועט זיך פּאַר אים מאַכן אַ לייטישער שידוך...

אין די קרייזן וואָס האָבן אַרומגערינגלט זיין שול, האָבן זיך אַפילו גע־פונען געגוג שיינע מיידלעך; אָט האָט ער זיך באַקענט מיט שרהלען, אַ פּרעכ־טיק מיידל, וואָס יעדעס מאָל ווען זי צעשמייכלט זיך, ווערט ער די כפרה פאַר אירע אויסגעטאָקטע חן־גריבלעך אויף די שיינע בעקלעך; אָבער, דאָס איז דאָך אַ פּרוכט וואָס וואַקסט אין זיין גאָרטן און ער פילט דווקא אַ רייץ צו די פּרוכטן וואָס וואַקסן אין אַנדערע גערטנער...

און אַזוי האָט זיך געמאַכט, אַז אין זיין קרייז, צווישן די לינקע, האָט ער זיך באַקענט מיט שרהלען און אויף אַ יום־טוב פון נאַציאָנאַל־יידישע יוגנטלעכע וואָס איז פאָרגעקומען אין קהילה־זאַל, האָט ער זיך באַקענט מיט רבקהלען.

מיט יעדן מאָל, ווען ער האָט אויפסניי געזען שרהלען, האָט ער זי שטאַר־קער געוואָלט באַקומען און וואָס־וואָס, נאָר ווערטער אויף צו פאַרדרייען אַ יונג מיידל דעם קאָפּ, האָבן אים נישט אויסגעפעלט און רעדנדיק מיט איר איינמאָל און נאָכאַמאָל, איז פון זייער באַקאַנטשאַפט געוואָרן אַ פריינטשאַפט און פון פריינטשאַפט איז מען אַריבער צום ליבעס־פלירט און שרהלע, דאָס אַרבעטער־מיידל, האָט זיך אין דער געזעלשאַפט פון דעם לערער געפילט זייער גוט און אַלץ געהאָפט, אַז פון דעם פלירט וועט ער ענדלעך איבערגיין צו ערנסטע ווערטער און עס וועט עפּעס ווערן צווישן זיי.

אָבער איזאַק האָט אַפילו נישט געטראַכט צו רעדן מיט איר ערנסטע ווערטער וועגן אַ תכלית; דאָס מיידל מיט וועלכער ער האָט זיך באַקענט דאָרטן, אָט־אָ־די רבקהלע, האָט אים אינגאַנצן צעחושט; דאָס איז דאָך עפּעס גאָר אַן אַנדער מיידל! אין אירע בלויע אויגן צעשפּילן זיך דאָך זיבן הימלען און אויב חן־גריבלעך מיינען עפּעס, זענען דאָך רבקהלעס חן־גריבלעך ווי צוויי הייליקייטן, וואָס בעטן זיך מען זאָל זיי קושן!...

און נאָך אַ זאַך: פון שרהלען וויס ער, אַז זי איז אַ פּראָסטע אַרבעטער־מיידל; אמת, אַ זיס קינד און ער קאָן זיך פון איר נישט אָפּרייסן און ווען ער דערזעט זי, פרעסט ער זי ממש אויף מיט די אויגן און ער טראַכט זיך, אַז

פינף יאָר לעבן וואָלט כדאי געווען אָפּצוגעבן, אַבי צו קענען מיט איר אַ לעב־טוּן, אַזוי ווי ער פאַרשטייט...

אָבער רבקהלע איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש! זי איז דאָך אינטעליגענט, עס איז דאָך אַ נחת צו הערן ווי זי רעדט און כאָטש ער האָט אַ שטאַרקן ווידערווילן קעגן די אַלע נאַציאָנאַל־יידישע קרייזן, איז דאָך אָבער אַ נחת צו הערן ווי אַזוי זי, רבקהלע, רעדט וועגן ייִדיש־נאַציאָנאַלן רענעסאַנס און מיט וויפיל באַגייסטערונג זי רעדט וועגן דער יידישער מלוכה, וועגן מדינת־ישראל!... און עס קאָן דאָך זיין, אַז זי איז דערצו אַ טעכטערל פון אַ רייכער היים... אַ, דאָס איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש...

האָט זיך עס אַזוי געצויגן אַ געגנוג לאַנגע צייט: איזאַק האָט שרהלען געזוכט צו געווינען פאַר לוסטיקע מינוטן און צו רבקהלען האָט ער זיך באַצויגן מיט פאָרזיכטיקייט און געזוכט צו געווינען איר ליבע.

ער האָט זיך שוין אַפילו געגרייט זיך צו דערוויסן ווער עס זענען רבקהלעס עלטערן, אָבער מיט שרהלען האָט ער דערווייל שוין געהאַלטן אַ סך ווייטער, ער האָט זיך שוין באַשטעלט מיט איר אַרויסצופאָרן אַ ביסל אויף אַן אינדזל אין טיגרע, זי האָט אויף אים אַזוי פאַרבענקט געקוקט, אַז דאָס האַרץ האָט זיך אין אים געצאַפּלט פון פרייד... — יאָ, אויף דער שויס פון דער פרייער נאַטור וועט זי אים שוין זיכער באַגליקן מיט איר ליבע!...

3.

וויפל דאָס לעבן האָט דאָס צווילינג־פּאָר אינדרויסן פונאַנדערגעטיילט, זענען זיי אַלץ אינדערהיים געבליבן צווי קעגנזייטיק געטרייע שוועסטערלעך.

ווען שרהלע איז אַהיימגעקומען אַ צעפלאַמטע פון איר צוזאַמענטרעף מיט איזאַקן, האָט רבקהלע פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זי זיך געזען מיט אַ ייִנגל און זי האָט זיך געטראַכט, אַז הלוואי זאָל עפּעס ווערן דערפון, דעמאָלט וועט זי איר קענען אויסזאָגן דעם סוד, אַז זי האָט שוין אויך אַ בחור וואָס שטאַרבט נאָך אירע טריט...

כאָטש בלויז צוויי שעה עלטער, האָט רבקהלע שרהלען פאַרט באַטראַכט פאַר דער עלטערער שוועסטער און זי האָט געוואָלט, אַז שרהלע זאָל פריִער אַרויס מיט איר גליקלעכן סוד.

שרהלע ווידער, ווען זי האָט געזען אַהיימקומען רבקהלען אַ צעשטראַלטע, האָט זי פאַרשטאַנען די סיבה פון איר צעשטראַלטקייט, נאָר זי האָט, לויט דער שפּראַך פון אירע קרייזן, „נישט געוואָלט קריכן מיט אירע שטיוול אין רבקהלעס האַרץ אַריין...".

אָבער דאָסמאָל, ווען שרהלע האָט זיך געהאַט באַשטעלט מאָרגן אַרויס־צופאָרן אויף אַן אינדזל פון טיגרע, איז איר האַרץ געווען אָנגעפילט מיט אַזויפיל פרייד, אַז זי האָט זיך געמוזט אויסשוימען און אַהיימקומענדיק האָט

זי אַרומגעכאַפּט רבקהלען, געגומען זי קושן אָן אַ טאָלק און ענדלעך האָט זי אויסגערופן:

— איך בין גליקלעך! מאָרגן וועל איך זיכער הערן פון מיין אויסדער־וויילטן דאָס וויכטיקע וואָרט וועגן אונדזער צוקונפט!

רבקהלע האָט זיך געווישט די טרערן פון די אויגן:

— זאָל דיר זיין מיט אַ סך מזל!... אויך איך האָלט שוין נאָענט דערביי... אַז דו האָסט שוין מיר אויסגעזאָגט, מעג איך דאָך דיר שוין אויך אויסזאָגן...

און די צווי צווילינג־שוועסטער האָבן אין זייער גליקזעליקן צושטאַנד אָנגעהויבן זיך אויסרעדן זייערע פולע הערצער איינע פאַר דער אַנדערער; נאָר ווען שרהלע האָט אָנגעהויבן אויסמאָלן ווי איר בחור זעט אויס, אַז ער איז אַ לערער, האָט אַ געדיכטע טשופּרינע מיט צוויי פייערדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן אַזוי דורכדרינגלעך אַריין אין דיר, ממש ביז אין די טיי־פענישן פון דיין נשמה, איז רבקהלע פּלוצים בלאַס געוואָרן און זי האָט גע־נומען אויספרעגן אויף נאָך דעטאַלן פון דעם לערערס אויסזען און פּלוצים האָט זי אויסגעבראָכן מיט אַ ווילדן ספּאַזמאַטישן געלעכטער; זי האָט גע־וויינט און געלאַכט און ענדלעך, נאָך אַ לענגערער ווילע ביז רבקהלע איז געקומען צו זיך, האָט זי אויסגערופן:

— דאָס איז דאָך דער זעלבער שאָלטיק, דער זעלבער לערער, וואָס באַ־מיט זיך אויך מיר דעם קאָפּ צו פאַרדרייען!...

לאַנג האָבן נאָך די צוויי צווילינג־שוועסטער גערעדט צווישן זיך; צו־ערשט האָבן זיי גערעדט מיט אויפרעגונג און פאַרביטערונג, אָבער שנעל האָט זייער יונגע לעבנסלוסטיקייט גובר געווען און זיי האָבן אָנגעהויבן לאַכן צוערשט פון זייער אייגענעם דורכפאַל און שפּעטער האָבן זיי נאָך שטאַרקער געלאַכט וועגן איזאַקס, דעם לערערס, דורכפאַל...

עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, ווען ביידע שוועסטערלעך זענען איינגעשלאָפן מיט זייער בשותּפותדיקן באַשלוס...

## .4

מער ווי אַלעמאָל האָט זיך היינט איזאַק געפּוצט ביים שפּיגל און גע־זוכט אויסצוזען אימפּאָנירנדיק. גרויס איז געווען זיין פרייד ווען שרהלע האָט אָנגענומען זיין באַשטעלונג צו פאָרן מיט אים מיט דער באַן קיין טיגרע און פון דאָרט מיט אַ שיפל אויף אַ ווייטן אינדזעלע און דאָרט וועט שוין זיין גוט, שוין איינמאָל גוט! מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן...

אַזוי ווי ביי אַנדערע אַזעלכע געלעגנהייטן, האָט ער זיך אויך היינט פאַרזאָרגט מיט אַ פלעשל פּאַרפום און אָט שטייט ער קעגן שפּיגל און שמעקט זיך אַרום דעם נייעם אַנצוג, גיט אַ שפּריץ אויף דער געדיכטער טשופּרינע און פאַרקעמט זיך אויפן נאַכלעסיקן אופן ווי ער האָט ליב און ער לאָזט זיך גיין.

זיין גאַנץ וועזן איז איצט פול מיט שרהלען. איר באַשטיין צו פאָרן מיט אים אויף אַן איינזאַם־פאַרוואָרפענעם אינדזל אין טיגרע (דאָס וואָרט „איינ־זאַם" האָט ער איצט אַליין צוגעגעבן), האָט אין אים געצונדן די פאַנטאַזיע און ער האָט זיך געמאָלן די בילדער פון זיין היינטיקן באַגעגענען זיך מיט איר, וואָס וועט מוזן זיין אַ סך אינטימער ווי די ביז־היינטיקע באַגעגענישן און דערנאָך, ווי ער וועט דאָס זיצן מיט איר אין באַן, צונויפגעדריקט איינס צום אַנדערן און שפּעטער, אויפן שיפל און נאָך שפּעטער, דאָרט ערגעץ אויף דעם שטילן אינדזעלע... די פייגעלעך וועלן זינגען שירה פאַר זיין געניוס און די גאַנצע נאַטור אַרום וועט זיך פרייען מיט זיין גרויסן, גרויסן זיג איבער אַ פּרויען־האַרץ.

מיט אַן אָמניבוס איז ער געפאָרן ביז צו דער באַן־סטאַנציע ווו ער האָט זיך געהאַט באַשטעלט מיט שרהלען און דאָס האַרץ האָט זיך אין אים אַ צאַפּל־געטון פון פרייד, ווען ער האָט זי דערזען שטיין אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער סטאַציע.

נאָך איידער ער האָט זיך באַוויזן פאַר איר, איז ער צוגעלאָפן צו דער קאַסע און געקויפט צוויי בילעטן ערשטע קלאַס און מיט די בילעטן אין האַנט האָט ער זיך מיט שנעלע טריט דערנענטערט צו זיין גליק.

— גוט־מאָרגן, שרהלע, מיין מלאכל!...

ער האָט זי געוואָלט אַרומכאַפּן און ווי ער האָט עס געהאַט פאַרטראַכט, אויך זיך צעקושן מיט איר, אָבער פלינק ווי אַ קעצל האָט זי זיך אַרויסגע־גליטשט פון זיינע הענט און אויסגערופן:

—איין מינוטקעלע, איזאַק, איך וויל דאָ פאַר אייך פאָרשטעלן מיין שיין שוועסטערל, רבקהלע...

און נאָך איידער איזאַק האָט באַוויזן צו באַנעמען וואָס דאָ קומט פאָר, איז רבקהלע וועלכע איז ביז איצט געשטאַנען אָפּגערוקט אָן אַ זייט, צוגע־קומען און זיך געשטעלט זייט ביי זייט צו איר שוועסטער, נאָענט קעגן איזאַקן.

דערזעענדיק זיינע בײדע מיידלעך צוזאַמען, מיט דעם שעלמישן גע־לעכטערל וואָס האָט נאָך שטאַרקער פאַרטיפט די פאַרכישופנדיקע חן־גריבלעך אויף זייערע שיינע בעקלעך, האָט עס איזאַקן אָפּגענומען דאָס לשון און ער איז געבליבן שטיין ווי לוטס ווייב, ווען זי האָט זיך אומגעקוקט אויף איר חורבן...

שרהלע און רבקהלע זענען אַוועק פון אים מיט אַ קלינגענדיקן געלעכטער פון חוזק און דער לערער איזאַק, איז נאָך לאַנג אַזוי געשטאַנען מיט די צוויי באַן־בילעטן אין דער האַנט, נישט קענענדיק באַשליסן צי זאָל ער גיין אַהיים אָדער זאָל ער בעסער דאָ צוואַרטן ביז עס וועט אָנקומען אַ באַן, ער זאָל זיך קענען אַ וואָרף־טון אונטער די רעדער...

# איר זיס־שמייכלענדיקער בליק...

.1

פריִער ווי יעדן טאָג האָט דאָן ריקאַרדאָ היינט פאַרלאָזט דאָס בעט.

ער איז נישט אַראָפּ פון בעט ווי געוויינלעך, בנעימותדיק, פּאַמעלעך, לויט זיין געוווינהייט, נאָר עס האָט אים ממש אַרויסגעוואָרפן פון בעט. דאָס זענען געווען זיינע נערוון וואָס האָבן זיך ווי קריכנדיקע מערעשקעס צוערשט געזאַמלט אין זיין האַרץ און דערנאָך אָנגעהויבן קאַראַוואַנעסווייז צו קריכן צום מוח, ביז זיי האָבן אים אָנגעפילט זיין קאָפּ ממש ביז צום פּלאַצן און דעמאָלט ערשט, האָט עס אים אַ הייב־געטון פון זיין ווייכן געלעגער און אַ וואָרף־געטון מיט אים, און אָט האָט ער זיך שוין אַרומגעוואַשן, אָנגעטון זיך און אַלץ אַזוי איילנדיק, אַבי צו קענען וואָס פריִער אַרויסלויפן פון שטוב, לויפן אַווו די אויגן וועלן אים טראָגן, אַבי אַוועק פונדערהיים.

דער נעכטיקער אָוונט האָט אים געעפנט די אויגן.

ביז נעכטן האָט ער נאָר בלויז געצווייפלט. אמת, דער צווייפל וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין געמיט און זיך כסדר פאַנאַנדערגעוואַקסן אין משך פון צוויי לאַנגע יאָר, האָט אים גענוג אויסגעמוטשעט און געקאָסט גענוג געזונט; אָבער, עס איז פאָרט געווען בלויז צווייפל און נישט האָבנדיק קיין שום באַווייז אַז זי טוט אים אָן הערנער, האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי שטאַרקן זיך און גובר זיין די אַלע פאַרדאַכטן און ער האָט זיך מיט הילדען געפילט גאַנץ גליקלעך.

און אויב ער האָט אַמאָל, אַ געפּייניקטער פון זיינע פאַרדאַכטן אַ טראַכט־געטון, אַז ער, ביי זיינע צוויי און זעכציק יאָר, האָט נישט געטאָרט חתונה האָבן מיט אַ פרוי וואָס איז מיט גאַנצע דרייסיק יאָר יונגער פון אים און אַז אַ צו גרויסער חילוק אין די יאָרן צווישן מאַן און פרוי, איז אַ גרויסע שטע־רונג פאַר אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן, האָט זיך אָבער אַלעמאָל געמאַכט אַזוי, אַז בלויז איין זיסער שמייכל פון הילדען האָט ווי אַ זונענשטראַל דערוואַ־רעמט זיין האַרץ און פאַרטריבן פון אים אַלע פיינלעכע געדאַנקען.

אָבער נעכטן ביינאַכט, זענען זיינע אַלע אָנגעזאַמלטע פאַרדאַכטן פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אַבסאָלוטער זיכערקייט, אַז הילדאַ טוט אים אָן הערנער, אַז זי זינדיקט אונטער און מיט וועמען — דווקא מיט לעאָנען, מיט

זיין נאָענטסטן פריינט לעאָן, וועלכער האָט אים געוואָרנט און געוואָרנט, אַז ער זאָל מיט הילדען נישט חתונה האָבן...

— דווקא פאַר אים שטעלט זי מיך אויס אויף חוזק — האָט אים נעכטן ביינאַכט דער ווייטיק געהאַמערט אין מוח; דווקא פאַר אים, כדי אים צו ווייזן ווי גערעכט ער איז געווען מיט זיינע וואָרענונגען, אַז ער זאָל זיך נישט אַריינלאָזן אין צרות מיט אַ צו יונג ווייב!...

ניין, ער צווייפלט נישט מער, ער פאַרדעכטיקט נישט מער, אַלץ איז שוין פאַר אים קלאָר. אין אַנדערע נעכט, ווען לעאָן איז מיט זיי געזעסן ביים טיש ביי אַ פּאָקערל, האָט ער שוין געגוג באַמערקט, אַז אונטער דעם טיש קומט פאָר אַ פלירט... אַז לעאָן האָט צו לאַנגע פיס און ער האַלט זיי אַזוי ווייט אונטערן טיש, אַז זיין הילדאַ זאָל כסדר קענען אָנטרעטן אויף זיי און ער האָט נישט פאַרפעלט אויפצוכאַפּן די פאַרגנבעטע פייערדיקע בליקן וואָס זי וואַרפט אים צו ביי יעדער געלעגנהייט נאָך אַזאַ „פיס־פלירט". אָבער דאָס וואָס נעכטן האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר זיינע אויגן, דער פלירט וואָס איז פאָרגעקומען צווישן הילדען און לעאָנען, שוין נישט אונטערן טיש, נאָר פשוט אָפן, ממש אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן, דאָס האָט אים שוין אינגאַנצן די אויגן געעפנט און שוין, ער ווייסט שוין; אַזוי ווייט האַלט עס שוין...

וואָס האָט ער נעכטן געקענט מער טון? ער וועט דאָך נישט גיין מאַכן אַ סאַקנדאַל און זיך נאָך מער אויסשטעלן אויף חוזק! פּאַני מיט איזאַקן האָבן דאָך זיכער נישט געזען אַזויפיל ווי ער, און רעבעקאַ איז דאָך אַלעמאָל אַזוי פאַרקאָכט אין די קאָרטן, אַז זי זעט איבערהויפּט גאָרנישט וואָס אַרום איר קומט פאָר. נו, איז אים דען געבליבן עפּעס מער, ווי אויפצושטיין פון טיש און זאָגן אַז ער פילט זיך נישט גוט און גיין שלאָפן?

און ווי אומפאַרשעמט הילדע האָט נאָך גענומען שפּילן פאַר אים די געטרייע פרוי! די באַזאָרגטע מינע וואָס זי האָט דאָס אָנגעטון אויף איר פּנימל בעת זי האָט אים אַריינבאַגלייט אין שלאָפצימער! אָבער ווי נאָר ער איז שוין געלעגן אין בעט, איז זי צוריק אַריין צום טיש און וויטער געשפּילט ווער ווייסט ווי לאַנג און זי האָט ווי אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער, ריקאַרדאָ, איר מאַן, האָט געזאָגט אַז ער פילט זיך נישט גוט, און זי האָט אַפילו נישט געפינען פאַר נייטיק אַ קוק צו טון צו אים וואָס ער טוט...

דאָן ריקאַרדאָ איז כמעט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. אַט האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, ער האָט זייער שטאַרק געוואָלט כאָטש כאַפּן אַ דרימל, כדי כאָטש אויף איין מינוט נישט צו פילן די חרפּה און דעם שאַרפן ווייטיק וואָס האָט ווי מיט נאָדלען געשטאָכן זיין געמיט, אָבער ער האָט נישט געקענט כאַפּן דעם דרימל. יעדע ווילע האָט אַן אַנדער איינצלהייט פון הילדעס אויפפירונג אויפגעבליצט אין זיין מוח, די גאַנצע דריי יאָר זינט ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, האָבן זיך ווי צעשאָטן אין זיין מוח אויף איינצלנע

טעג און יעדער טאָג האָט פֿאַר אים אויפגעלויכטן מיט זיינע באַזונדער־קייטן פֿון פּאַסירונגען, וואָס האָבן אים געליפֿערט באַווייזן וועגן איר צווייפל־האַפֿטער אויפֿפירונג און דעם שאַרפֿסטן ווייטיק האָט ער דערפֿילט, ווען דער עכאָ פֿון זיין פֿריינט לעאָנס ווערטער האָט אָפּגעקלונגען אין זיין מוח: — לאָז דיך נישט אַריין אין צרות מיט אַ צו־יונג ווייב, לייג זיך נישט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט...

און דווקא ער!...

אַזוי ווייט האַלט עס שוין און אפֿשר נאָך ווייטער!...

אָט ליגט ער אין בעט, ער האָט געזאָגט אַז ער פֿילט זיך נישט גוט און זי זיצט דאָרט און שפּילט איר פּאָקער... און אפֿשר זענען שוין פּאַני מיט איזאַקן און רעבעקאַן אַוועקגעגאַנגען און הילדע איז דאָרט געבליבן אַליין מיט לעאָנען?...

ער האָט אָנגעשטרענגט זיין געהער און ער האָט אויפגעכאַפּט דעם געוויש און דאָס נאַרישע געלעכטערל פֿון פּאַנין און אויך דאָס געלעכטערל האָט אים געשטאָכן, ווייל עס האָט אים דערמאָנט ווי איזאַק וועט זיך דאָס אַביסל פֿרייען, וויסנדיק פֿון זיין בראָך מיט הילדען און ווי ער וועט זיך דאָס זיכער פּאַטשן אין בייכל און זאָגן: — נו, זאָל זיין אַז מיין פּאַני איז נישט קיין צופֿיל איבערגעשפּיצטע, אָבער אַ געטריי ווייב איז זי מיר? זי פֿאַרקויפֿט מיך נישט הינטער מיין פּלייצע? שוין גוט!...

דאָן ריקאַרדאָ האָט געקריצט מיט די ציין פֿון כּעס און כאַטש מאָמענטנ־וויז האָט אין אים דאָס בלוט אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט שוין געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פֿון בעט, אַריינגיין אין סאַלאָן און איבערקערן דאָרט דעם טיש מיט די קאָרטן, מיט די „פּיטשעס" און מיט אַלץ צוזאַמען און שיקן זיינע פֿריינט מישטיינסגעזאָגט, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! איז אָבער זיין ווייטיק געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך געפֿילט אומעכטיק עפּעס צו טון און ער איז געבליבן ליגן מיט דער טיפֿער פּיין פֿון אַ מאַן וואָס האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין פּרווי פּאַראַט אים מיט אַן אַנדערן...

אַ שעה איז פֿאַרגאַנגען און נאָך אַ שעה, און הילדע האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוויזן. דאָן ריקאַרדאָ האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן ווי אַזוי ער זאָל זי מקבל פּנים זיין און וויפֿל ער האָט נישט אַריינגעטראַכט, האָט ער אַלץ נישט געקענט באַשליסן ווי אַזוי און מיט וואָס ער זאָל אָנהייבן זיינע טענות צו איר און צי זאָל ער זיך גאָר וואַרפֿן אויף איר און זי גוט אויספּאַטשן און זאָל זי באַלד וויסן, אַז ער ווייסט שוין אַלץ!...

אָבער פֿון זיין גאַנצן טראַכטן און גרייטן זיך, איז גאָרנישט געוואָרן. דער כּעס און דער ווייטיק האָט אים אַזוי מיד געמאַכט, אַז ווען הילדע איז ענדלעך אַריינגעקומען, איז ער געבליבן ליגן ווי געליימט און דאָס איינציקע

וואָס ער האָט באַוויזן צו טון, איז געווען וואָס ער האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט געשלאָפן.

פלינק האָט הילדע פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קליידער און זיך אַריינגעוואָרפן אויף דער צווייטער זייט פון ברייטן בעט, זי האָט פאַרלאָשן דאָס נאַכטלעמפּל און בלויז מינוטן שפּעטער, האָט ריקאַרדאָ געהערט דעם געזונטן רעגלמעסיקן אָטעם פון זיין שלאָפנדיקער יונגער פרוי...

— אַזאַ אומפאַרשעמטע! — האָט עס אים געהאַמערט אין מוח; עס האָט זיך אים עפּעס פאַרוואָלט אַז ער זאָל איר מיטן עלנבויגן דערלאַנגען אַזאַ שטויס אין דער זייט, אַז עס זאָל איר פאַרכאַפּן דער אָטעם, אָבער זיינע צוויי און זעכציג יאָר האָבן זיך שווער צעלייגט איבער אַלע זיינע אברים און ער איז ווייטער געלעגן ווי אומעכטיק.

ער האָט נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. אפשר האָט ער געכאַפּט עטלעכע קורצע דרימלען און אפשר האָט ער געהאַט וואַכענדיקע חלומות.

ער האָט זיך ווידער געזען אַלס אלמן. ער האָט זיך געפילט געזונט און ער האָט ביי זיינע קנאַפּע זעכציק יאָר נישט געוואָלט רעזיגנירן פון לעבן. אַ פאַרמעגן האָט ער געמאַכט, די צוויי קינדער אויסגעגעבן און זיי גייט עס גוט און זיינע איינקונפטן פון די צוויי דעפּאַרטאַמענט־הייזער זענען אַ גאַנץ גוטע פאַרזיכערונג פאַר זיין עלטער, טאָ פאַרוואָס זאָל ער אָפּפינצטערן זיינע יאָרן אין איינזאַמקייט?

און אָט איז הילדע, די יונגע גרושה... אירע בליקן צינדן זיין האַרץ און ער לאַכט פון לעאָנען, וועלכער וואָרנט אים, אַז דער שפּעטער האַרבסט קען קיינמאָל נישט האַרמאָנירן מיטן פרילינג... אויך די קינדער וואָרענען אים, אָבער ער נעמט דאָס אַלץ אָן ווי קנאה און נישט־פאַרגינעריי און זי, הילדע, זי איז דאָך אַזוי גוט צו אים און ער ווערט דאָך ממש צעשמאָלצן פון איר זיס־שמייכלענדיקן בליק...

ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און זיך געפילט ממש פונקט אַזוי גליקלעך און אפשר נאָך גליקלעכער ווי נאָך זיין ערשטער חתונה...

לאַנג האָט אָבער דאָס גליק נישט געדויערט. נאָך עטלעכע חדשים האָט ער אָנגעהויבן באַמערקן איר פרייד, ווען לעאָן איז צו אים געקומען צו־גאַסט און ווי צופרידן זי איז געווען, ווען לעאָן האָט זיי פאַרבעטן גיין צו־זאַמען אין טעאַטער און ווידער זענען פאַר אים אויפגעשווומען די טעג פון די לעצטע צוויי יאָר, ער האָט יעדן טאָג ווי אויפגעשנירט אויף אַ שנירל די אַלע צער'פולע אָבסערוואַציעס, ביז די לעצטע נאַכט, ווען ער האָט פשוט געזען, ווי לעאָן האָט זי פּלוצים אַרומגעכאַפּט און איר דערלאַנגט אַזאַ פעסטן קוש אויף איר נאַקעטן אַקסל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאַן ריקאַרדאָ האָט זיך איילנדיק אָנגעטאָן, ער האָט געוואָלט וואָס שנע־לער אַוועק פון שטוב, אָבער ביים בינדן דעם קראַוואַט האָט ער זיך עפּעס פאַרפּלאָנטערט און פּונקט אַזוי האָבן זיך אין זיין מוח אָנגעהויבן פּלאָנטערן די געדאַנקען.

— ווו וויל ער לויפן? צו וועמען? אויסשטעלן זיך אויף חוזק? אָבער דאָ איז דאָך אים אוממעגלעך צו בלייבן!...

ער איז בייגעקומען די שוועריקייטן ביים בינדן דעם קראַוואַט און ער האָט זיך געשטאַרקט און שוין געוואָלט גיין צו דער טיר, ווען הילדע האָט פּלוצים צעעפנט די אויגן און אויסגערופן מיט אַזויפיל ליבלעכקייט:

— נו, ווי פילסטו זיך, ריקאַרדיטאָ?... און זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים איר שלאַנקן שיין־געטאָקטן ווייסן אָרעם...

אויפן ערשטן מאָמענט איז ריקאַרדאָן געקומען דאָס בלוט אין פּנים פון אויפרעגונג וואָס זי וואַגט נאָך אים צו רופן „ריקאַרדיטאָ", אָבער דערזעענ־דיק איר זיס־שמייכלענדיקן בליק וואָס קוקט מיט אַזויפיל צאַרטקייט צו אים, איז ער געבליבן שטיין ווי צעטומלט. ער האָט געוואָלט עפּעס אָ זאָג־טון, אָבער דאָס וואָרט איז געבליבן ווי צוגעקלעפּט צו זיין גומען און אַ מינוט האָט געדויערט ווי ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און געקוקט אויף הילדען ווי זי ליגט אַזוי אַ האַלב־אָפּגעדעקטע אין דעם ברייטן בעט מיט דער אויסגעשטרעקטער נאַקעטער האַנט צו אים און ער האָט געפילט, ווי איר זיס־שמייכלענדיקער בליק שיינט פאַר אים אויף ווי אַ שיינע זון וואָס פאַרטרייבט אַלע שוואַרצע כמאַרעס און גיסט צו אים אין האַרצן אַזאַ ליבע וואַרעמקייט, פּונקט אַזוי ווי דעמאָלט, מיט דריי יאָר צוריק, ווען ער האָט מיט איר חתונה געהאַט.

איין מינוט בלויז, און הילדעס זיס־שמייכלענדיקער בליק האָט באַוויזן אים צו מאַכן פאַרגעסן אָן זיין צער און ווייטיק פון דער גאַנצער שלאָפלאָזער נאַכט און ווי אַ היפּנאָטיזירטער האָט זיך דער צוויי־און־זעכציק יאָריקער דאָן ריקאַרדאָ דערנענטערט צום בעט, אָנגענומען הילדעס קליינע הענטל, זיך אַראָפּגעבויגן און גענומען קושן הילדעס אויגן מיט אַזאַ ליידנשאַפט, אַזוי ווי ער וואָלט פון זיי געוואָלט אַרויסקושן איר זיסן שמייכלענדיקן בליק...



# דער ברייטער פּאַנאַמאַ־הוט

לאַנגע יאָרן האָט פּאַני געקעמפּט קעגן דעם פּאַרגעפיל וואָס האָט זיך באַוועגט אין איר האַרץ און וויפל זי האָט זיך נישט געפּרוווט אַליין אויס־רעדן און באַצייכענען דעם פּאַרגעפיל אַלס אַ נאַרישקייטן וואָס פּאַסט גאָרנישט פאַר דער היינטיקער צייט, האָט זי אַלץ דעם פּאַרגעפיל נישט געקענט דער־שטיקן אין זיך.

געבוירן געוואָרן איז אין איר דער פּאַרגעפיל נאָך דעמאָלט, דעם זעלבן טאָג ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז זי איז שוואַנגער און אַז זי וועט דאַרפן ווערן אַ מאַמע.

עפּעס ווי אַ מיסטישער שאָטן איז ער געווען, דער פּאַרגעפיל, וואָס האָט זי באַגלייט אויף שריט און טריט און כאָטש ער האָט איר נאָך גאָרנישט געזאָגט קיין קאָנקרעטעס, האָט זי זיך געשראָקן פאַר אים און זי האָט אָנ־געהויבן גיין צו דאָקטוירים און ביי יעדן דאָקטער איז איר ערשטע פראַגע געווען: — צי איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן, צי עס וועט זיין אַ יינגעלע, צי אַ מיידעלע...

— ניין — האָבן אַלע דאָקטוירים אַזוי ווי אויף להכעיס איר געענט־פערט: — אַזוי ווייט איז די מעדיצינישע וויסנשאַפט נאָך נישט געקומען; מען וויל זיך אַפילו איינשמועסן, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע סימנים בעתן שוואַנ־גערן, אָבער דאָס זענען נישט מער ווי באַבסקע איינרעדענישן...

נישט קענענדיק זיך באַפרייען פון איר פּאַרגעפיל ביי די דאָקטוירים, איז פּאַני אַוועק צו אַ זנאַכערקע, צו אַ „קוראַנדערא״, וואָס אַ שכנה האָט איר געגעבן דעם אַדרעס צו איר און די זנאַכערקע האָט זיך באַלד געכאַפּט דערויף וואָס פּאַני וויל און זי האָט איר פאַרזיכערט, אַז זי האָט אַ גוטן אויס־געפּרוווטן מיטל וואָס קען באַשטימען דאָס געשלעכט פון אַ קינד איידער עס ווערט געבוירן.

פּאַני איז געוואָרן אַ פּאַציענטקע ביי דער זנאַכערקע. יעדן מאָנטיק איז זי געווען ביי איר, אויסגעטרונקען עפּעס אַ געמישטן געטראַנק, וואָס די זנאַכערקע האָט אָנגערופן זאַפט פון „מאַסקולין־קרייטעכצער״ און איר פאַר־זיכערט, אַז נאָך צוועלף וואָכנטלעכע וויזיטן און אויסטרינקען אַזאַ גלעזל מאַסקולין־זאַפט, וועט זי שוין קענען זיין זיכער, אַז זי וועט געבוירן אַ יינגעלע און טאַקע אַ שיין קרעפטיק יינגעלע.

צען וואָכן, צען מאָנטיקס, איז פאַני פּינקטלעך געקומען אין דער קאָנ־סולטאַריע פון דער זנאַכערקע, זי האָט געטרונקען דאָס פאַרגרייטע גלעזל מאַסקולין־זאַפט, באַצאָלט אי פאַר דער וויזיט און אי פאַר דער „מעדיצין", אָבער אויף דער עלפטער וואָך, האָט זי געטראָפן אויף דער טיר פון דער „קוראַנדעראַ" אַ ווייסן צעטל מיט אַ שטעמפּל פון געריכט און זי האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט די זנאַכערקע אַרעסטירט פאַר שווינדל און אָפּ־נאַרעריי...

פאַני האָט דערנאָך אָפּגעזוכט אַן אַנדערע זנאַכערקע. אויך יענע האָט איר צוגעזאָגט, אָבער ענדלעך איז געקומען דער טאָג, זי האָט דערפילט ווייען, דער מאַן האָט זי אַוועקגעפירט אין סאַנאַטאָריע און זי האָט געבוירן — אַ מיידל.

פאַני האָט דערנאָך אָפּגעזוכט אַן אַנדערע זנאַכערקע. אויך יענע האָט נישט געפילט בלויז אַנטוישונג, נאָר אויך אַ שטראָף; נאָר ווען דאָס קליינע עופהלע האָט גענומען זייגן די מילך פון איר ברוסט, האָט זי אַרומגענומען אַזאַ זיסער תענוג, אַז זי האָט פאַמעלעך אָנגעהויבן פאַרגעסן סיי אָן דער אַנטוישונג און סיי אָן דעם פאַרגעפיל וואָס האָט זי באַוווּיגן, אַז זי זאָל דווקא וועלן האָבן אַ יינגעלע.

דאָס ערשטע יאָר איז געווען אַ שווער יאָר. דאָס קינד האָט געקרענקט, געמאָזלט, געהאַט דיפטעריע, פאַני האָט געמוזט וואַכן דעריבער און די ליידן האָבן זי געמאַכט פאַרגעסן אָן דעם פאַרגעפיל. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד, ווען די קליינינקע פּערליטאַ האָט זיך אָנגעהויבן אַליין שטעלן אויף די פיסעלעך און זי האָט אָנגעהויבן אַרויסרעדן די ערשטע האַלבע ווער־טער, איז די פרייד פון טאַטע־מאַמע געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז אַוודאי נישט געבליבן קיין פּלאַץ פאַר נאַרישע פיינלעכע פאַרגעפילן.

שפּעטער האָט פאַני געהאַט נאָך אַ קינד און נאָך אַ קינד און דווקא יינגלעך און ווידער האָט זי געהאַט צו וואַכן איבער זיי און ווידער איז גע־קומען די פרייד פון צוקוקן זיך ווי די קינדער הייבן אָן ווערן לייט, ווי זיי שפּילן זיך און עס האָט אויסגעזען, אַז פאַני האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן די אַמאָליקע נאַרישקייטן.

אָבער ווען פּערליטאַ האָט אָנגעהויבן וואַקסן גרויס און שיין, ווען זי איז אין שול אַריבער איין גראַד נאָכן צווייטן און ווען זי האָט שוין ענדלעך אָנגעהויבן גיין אין „ליסעאָ" און מען האָט שוין גענומען טראַכטן צו וואָס פאַר אַ קאַריערע פּערליטאַ זאָל ווידמען אירע שטודיומס, דעמאָלט האָט זיך אין פאַניס האַרץ אויפסניי אויפגעוועקט דער פאַרגעפיל און וואָס גרעסער און שענער פּערליטאַ איז געוואָרן, אַלץ מער און אַלץ גרעסער איז אויך אויס־געוואַקסן דער פיינלעכער פאַרגעפיל אין פאַניס האַרץ.

מיט אומצוטרוי האָט זי אָנגעהויבן וואַכן איבער איר טאָכטער. זי האָט

נערוועז געפּיבערט, ווען פּערליטאַ האָט פּאַרשפּעטיקט אויף צען מינוט מיט איר אַהיימקומען פון ליסעאָ און ווען פּערליטאַ האָט באַדאַרפט גיין אויף אַ „קומפּלעאַניאָס" צו אירס אַ שול־חברטע, האָט פּאַני זי באַגלייט, פּונקט ווי פּאַניס מאַמע האָט אַמאָל פּאַנין באַגלייט און אַ גוט קינד איז פּערליטאַ געווען, זי האָט זיך נישט רעוואָלטירט און נישט געקעמפט פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט ווי אַנדערע פון אירע שול־חברטעס האָבן עס געטון און איר גוטע אויפפירונג האָט פּאַנין באַרויִקט און זי האָט זיך אָנגעהויבן פילן שטאָלץ, וואָס איר קינד לערנט גוט און זי איז ניט קיין אַרומלויפערקע אַזוי ווי אַ סך פון אירע שול־חברטעס.

און דאָך איז געקומען דאָס דאַזיקע, פאַר וועלכן דער פאַרגעפיל האָט פּאַנין אַזוי פיל יאָר באַאומרויִקט; דאָס דאַזיקע, וואָס האָט פאַר פּאַנין אויפגעמישט אַ בלעטל געשיכטע פון איר אייגענער פאַרגאַנגענהייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז אַ בלעטל געשיכטע פון מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק.

פּאַני איז געווען אַ קינד פון האַלב־פאַרמעגלעכע עלטערן. אירע עלטערן האָבן געהאַט אַ געשעפט פון „קאַמפּראַ־ווענטאַ" *) אויף אַ גאַס אין צענטער שטאָט.

די עלטערן האָבן איר געגעבן אַ גוטע דערציִונג, דאָס הייסט: זיי האָבן לויט דעם דעמאָלטיקן באַגריף, שטרענג־אָפּגעהיט, אַכטונג געגעבן צי זי קומט אין צייט פון שול, נישט געלאָזט זי אַרויסגיין אַפילו פאַרן הויז איינע אַליין און איז פאַרגעקומען ערגעץ אַ שטיקל „פיעסטאַ", האָט די מוטער זי באַגלייט און אַכטונג געגעבן מיט וועמען זי טאַנצט און אָפּגעהיט איר יעדן טריט.

ווען פּאַני איז אַלט געוואָרן ניינצן יאָר, האָט זי זיך אָנגעהויבן רעוואָלטירן קעגן דער מוטערס שטרענגן אָפּהיטן זי; מיט פאַרשידענע אויסריידן האָט זי זיך איינגעשאַפט די מעגלעכקייט אַרויסצוכאַפּן זיך אויף אַ שעה פון דערהיים און ווייל דאָס ביסל פרייהייט איז איר אָנגעקומען אַזוי שווער, האָט זי דאָס ביסל פרייהייט געוואָלט וואָס בעסער און וואָס מער אויסנוצן און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ביז זי האָט שוין געהאַט אירע באַקאַנטע און פריינט, מיט וועלכע זי האָט איילנדיק אין די געגנבעטע שעהן געקענט אויסשפּילן איר יוגנט־פרייד און אירע יוגנט־חלומות.

פון די פאַרשידענע „רעוויסטאַס" און פון שול־חברטעס האָט זי זיך דערוווּסט אַזוי פיל זאַכן און די זאַכן האָבן זי גערייצט און אַזוי איז עס געווען, אַז זי האָט זיך באַקענט מיט אַ סטודענט, ער האָט אַזוי שיין גערעדט און ער האָט אַזוי ליבלעך געקוקט אין אירע אויגן און ער האָט איר אַזוי צאַרט

*) „קאַמפּראַ־ווענטאַ" — קויף און פאַרקויף.

געגלעט די הענטלעך, אַז זי האָט אים ליב באַקומען און זי האָט געזוכט צו געפינען וואָס מער פרייע שעהן כדי זיך צו טרעפן מיט אים.

זי האָט אָבער נישט פאַרגעסן די לעקציעס פון עטלעכע פון אירע שול־חברטעס, אַז אייגנטלעך האָט דאָס מיידל אַ רעכט צו געניסן פון לעבן און פון איר יוגנט. נאָר זי דאַרף זיך בלויז היטן פאַר די עלטערן און נאָך מער — פאַר באַקאַנטע, מען זאָל זי נישט טרעפן, פשוט, זי דאַרף זיך היטן נישט אַרײַנצופאַלן אין אַ שלעכטן שם.

נו, האָט זיך פאַני געהיטן. זי האָט צוגעטראַכט פאַר זיך אַן אָריגינעלן פּלאַן, אַז מען זאָל זי נישט קענען זען, ווען זי באַשטעלט זיך מיט איר סטודענט אויף אַ „פּראָגראַם"; דער אָריגינעלער אײַנפאַל איז געווען, וואָס זי האָט זיך אײַנגעשאַפט אַ פּאַנאַמאַ־הוט מיט זייער ברייטע ווייכע ראַנדן און אַז זי האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין אַן אויטאָ, האָבן די ברייטע ראַנדן פון איר הוט, אינגאַנצן פאַרשטעלט איר פּנים, און זי איז געווען זיכער, אַז קיינער וועט זי נישט קענען זען.

דער ברייטער פּאַנאַמאַ־הוט איז געוואָרן דער פרייד־געבער פאַר פאַניס יוגנטלעכן געמיט און ער האָט איר געטריי געדינט אויף צו פאַרהיטן זי פון בייזע צונגער, אָבער מער ווי דאָס ביסל פרייד פאַר דער געגנבעטער שעה, האָט ער איר נישט געגעבן און ווען זי האָט זיך אַרומגעזען אַז עטלעכע בחורים האָבן זי שוין אָפּגענאַרט מיט זייערע פאַלשע ליבעס־ווערטער, האָט זי ענדלעך אײַנגעוויליקט אויף אַ שידוך וואָס די עלטערן האָבן פאַר איר אָפּגעזוכט און זי איז געוואָרן אַ כלה.

דער חתן, גיזשערמאָ, איז געווען אַ זונדל פון אַ שכן וואָס האָט אויך געהאַט אַזאַ „קאָמפּראַ־ווענטאַ" אויף דער זעלבער גאַס. פאַני האָט אים פאַר־מעלעך ליב באַקומען און עטלעכע חדשים שפּעטער איז פאָרגעקומען די חתונה און פאַני האָט זיך אָנגעהויבן פילן גליקלעך.

דעם ברייטן פּאַנאַמאַ־הוט, ווי דעם אײנציקן באַוויַיז פון איר פאַרגאַנגענ־הייט האָט זי שוין לאַנג געהאַט פאַרברענט, גלייבנדיק, אַז מיט דעם פאַר־ברענען דעם הוט, ווישט זי אינגאַנצן אָפּ די שפּורן פון איר מיידלשער אויפפירונג.

זי האָט אָבער נישט געקענט פאַרווישן די שפּורן פון איר געמיט און כאָטש זי האָט איר מאַן ליב געהאַט און איז אים געווען אַ געטרייע פרוי, האָט זי געהאַט געוויסע מאָמענטן ווען זי האָט זיך דערמאָנט אָן אירס אַן אַמאָליקן „פּראָגראַם" און ווען זי האָט זיך דערוווּסט אַז זי איז שוואַנגער, איז אין איר האַרץ געבוירן געוואָרן דער פאָרגעפיל, אַז די צייט וועט איר נישט מוחל זיין איר אַמאָליקע אויפפירונג.

און אָט־אָ דער פאָרגעפיל האָט אין איר געוועקט דעם באַגער, אַז אויב זי וועט האָבן אַ קינד, זאָל עס זיין אַ ייִנגל. זי האָט געפילט, אַז אויב עס וועט

זיין אַ ייִנגעלע, וועט זי עס זייער שטאַרק ליב האָבן, ווייל נאָר אַ ייִנגעלע וועט זיין בכוח זי צו מאַכן פאַרגעסן אָן אירע יוגנטלעכע נאַרישע האַנדלונגען.

דאָס איז געווען די סיבה, צוליב וואָס זי איז געגאַנגען צו דאָקטוירים און צו די זנאַכערקעס, אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש, דאָס ערשטע קינד אירס איז דווקא געווען אַ מיידעלע, עס איז געבוירן געוואָרן פערליטאַ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס דאָזיקע וואָס איז געקומען מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, דאָס דאָזיקע וואָס האָט פאַנין געגעבן אַזאַ קלאַפּ אין האַרצן און וואָס האָט אַזוי ברוטאַל אויפגעמישט דאָס בלעטל געשיכטע פון פאַניס אַמאָליקן לעבן, איז געווען אַ ברייטער פּאַנאַמאַ־הוט.

אַ פריידיקע, מיט טענצלדיקע טריטלעך איז פערליטאַ אַריינגעקומען אין שטוב מיט אַ פּעקל אין האַנט און מיט פרייד האָט זי דאָס פּעקל צעפּאַקט און אַרויסגענומען פון פּאַפּיר דעם הוט.

נישט באַמערקנדיק די טויט־בלאַסקייט וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף דער מוטערס פּנים, האָט זיך פּערליטאַ אָנגעמאָסטן דעם הוט, געשטעלט זיך פאַרן שפּיגל, געדרייט מיט די ברייטע ראַנדן אויף אַרויף און אַראָפּ. פאַרשטעלט זיך מיט די ראַנדן דאָס שיינענדיקע פּנים, נישט באַמערקנדיק, ווי די מוטער האַלט זיך פעסט צו בייט אָנלען פון אַ שטול כדי זי זאָל נישט פאַלן אין חלשות.

פּערליטאַס שפּיגלען זיך מיט דעם ברייטן פּאַנאַמאַ האָט געדויערט גענוג לאַנג, אַז פאַני זאָל דערווייל קומען צו זיך און אָננעמענדיק זיך מיט כוח האָט פאַני ענדלעך מיט אַ ציטערדיקער שטימע אַ פרעג־געטון:

— וואָס האָסטו דאָ געבראַכט?

— זע, מאַמע, ווי שיין ער פּאַסט מיר! אויף דער פליאַזשע וועט ער מיר זייער שטאַרק נוצן, ער וועט מיך גוט באַשיצן קעגן דער הייסער זון וואָס ברענט מיר אויס זומער־שפּרענקלעך אויפן פּנים...

פאַני האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט און גאָרנישט געענטפערט.

עס איז געווען אינמיטן פון חודש יאַנואַר, ווען די טעג זענען הייסע, ווען זי איז כמעט יעדן צווייטן טאָג, צוזאַמען מיט פערליטאַן געגאַנגען צו דער פליאַזשע און פּערליטאַס תמימותדיקע און פריידיקע ווערטער וועגן דער נוצלעכקייט פון דעם פּאַנאַמאַ־הוט, האָבן ביי איר ווי אָפּגענומען דאָס לשון.

אָבער טעג זענען פאַרגאַנגען, פאַני מיט פערליטאַן זענען שוין עטלעכע מאָל געגאַנגען צו דער פליאַזשע, נאָר פערליטאַ האָט דעם ברייטן הוט נישט מיטגענומען און פאַני האָט אָנגעהויבן פילן ווי אַ שטיין וואָלט געוואַקסן אין איר האַרץ און ער שווערט אַראָפּ, און ער דריקט און ער דריקט אַזוי שווער...

דער זומער איז אַוועק, פאַני האָט מיט אַ שטילער פאַרטרויערטקייט אָבסערווירט די ענדערונגען אין פּערליטאַס אויפפירונג און עס איז נישט

אַריבער קיין טאָג, ווען פערליטאַ איז נישט געווען אינדערהיים, אַז זי זאָל נישט אַ קוק־טון אין פערליטאַס שאַפע, זען צי עס ליגט דאָרט דער צונויפגעלייגטער פאַרפּאַקטער פּאַנאַמאַ־הוט.

דאָס פּעקל איז געלעגן פאַרפּאַקט און דער הוט האָט ווי אַרויסגעשריגן פון פּאַפּיר אַרויס צו פּאַנין:

— שרעק זיך נישט, איך בין דאָ, נאָר היט מיך אָפּ!...

געווען טעג, ווען פּאַני האָט שוין באַשלאָסן אַרויסצונעמען דעם צרה־דיקן הוט פון שאַפע, פאַרברענען אים און אַ סוף זאָל עס נעמען צו דער פּיין! נאָר יעדעס מאָל, ווען זי האָט זיך געוואָלט צורירן מיט די הענט צו דעם פּעקל, האָט עפּעס אַן אומבאַוווסטע מיסטעריעזע שרעק זי אָפּגעהאַלטן דער־פון, זי האָט פאַרמאַכט די שאַפע און זיך גענומען צו עפּעס אַן אַרבעט, וואָס זאָל זי צעשטרייען.

דער האַרבסט איז געקומען מיט אַ רעגן־וועטער און דערנאָך זענען גע־קומען קאַלטע טעג און אין איינעם אַזאַ טאָג, האָט פּאַני באַשלאָסן צו רעדן מיט איר מאַן, וועגן אַ תכלית פאַר דער טאָכטער, אַז מען דאַרף זי וואָס שנעלער חתונה מאַכן.

זי האָט שוין אַפילו געהאַט צוגעטראַכט די אַלע ווערטער וואָס זי דאַרף אים זאָגן, פאַרוואָס זי וויל עס עפּעס אַזוי שנעל פערליטאַן פאַרזאָרגן און זי האָט שוין געוואַרט מיט אומגעדולד אַז דער מאַן זאָל קומען פון געשעפט, זי זאָל מיט אים קענען האָבן דעם וויכטיקן שמועס.

אָבער ביז אַכט אַזייגער איז נאָך ווייט און דערווייל איז פערליטאַ פּלוצים אָנגעקומען, זי איז אַריין אין איר צימער, אַ קורצע צייט זיך דאָרט אויפגע־האַלטן און ענדלעך אַ פריילעכע צוריק אַרויסגעקומען מיט אַ פּעקעלע אונ־טערן אָרעם און אויסרופנדיק אַ פריילעכן „טשאַו, מאַמאַ!‟, איז זי אַרויס־געלאָפן פון שטוב.

ביי פּאַנין האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין האַרץ.

זי האָט געזען דאָס פּעקעלע אונטער פערליטאַס אָרעמס, זי האָט עס דערקענט, פונדעסטוועגן איז זי באַלד אַריינגעלאָפן אין פערליטאַס צימער, געעפנט די שאַפע און אַ קוק־געטון, נישטאָ... פערליטאַ איז טאַקע אַוועק מיטן פאַרפּאַקטן ברייטן פּאַנאַמאַ־הוט...

פּאַני האָט קוים געהאַט גענוג כח זיך צוצושלעפּן ביז צום פענצטער, זי האָט אַרויסגעקוקט, געזען ווי איר פערליטאַ גייט מיט איילנדיקע טריט לענגאויס די גאַס און נאָך איידער פערליטאַ האָט באַוויזן זיך אַריינצודרייען אין דעם זייטיקן געסל, האָבן זיך פּאַניס אויגן אָנגעפולט מיט טרערן און זי האָט שוין גאָרנישט געזען, גאָרנישט געזען...



# די אמתע ליטוואַטשקע...

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט רחמנות.

עמעץ האָט געוווּסט אַז חיים־לייבל דער שניידער האָט אויף זיין הייפל אַ ליידיק אויבערשטיבל און מ׳האָט זי רעקאָמענדירט צו אים, ער זאָל עס איר פאַרדינגען.

נישט חיים־לייבל און נישט באַשע, זיין פרוי, האָבן געטראַכט אַריינצו־בעמען אַ שכן און אוודאי נישט קיין שכנה. דאָס שטיבל שטייט ליידיק? ווייס איך וואָס! מען קאָן אויסהאַלטן. עס קאָן צונויף־קומען פאַר כאַקאָביטאָן, וואָס וועט באַלד דאַרפן גיין אין שול, וועט ער האָבן אַ גוטן פּלאַץ צו מאַכן דאָרט אויבן זיינע לעקציעס.

נאָר ווען מירל איז געקומען און געוויזן דעם אויסטאַטוירטן נומער 5679 אויף דער האַנט, דעם טראַגישן אָנדענק וואָס איז איר געבליבן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין היטלערלאַנד, האָט באַשע זיך געגומען ווישן די אויגן און חיים־לייבל האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף רחמנות האָבן און אַזוי האָט זיך מירל די יונגע און שיינע ליטוואַטשקע אַריינגעקליבן צו זיי אין דעם קליינעם אויבער־שטיבל.

חיים־לייבל מיט דעם געזעלן און די צוויי האַנט־מיידלעך זענען גע־זעסן אַ גאַנצן טאָג אין סאַלע און אויסגעאַרבעט די „מעדידע״־רעקלעך פאַר אַ גרויסע קאָנפעקציע־פירמע און ווען די אַרבעט האָט זיך געענדיקט, האָט באַשע אַריינגערופן איר מאַן אין „קאָמעדאָר״, ווו עס איז שוין אויפן טיש געשטאַנען גרייט עפּעס איבערצוכאַפּן און די ערשטע טעג האָבן זיי נאָר גערעדט וועגן מירעלען, די ליטוואַטשקע נעבעך, אַז זי האָט זיך דאָס געמוזט מוטשען און וויפיל ניסים זי האָט דאָס איבערגעלעבט ביז זי איז דאָ אַהער־געקומען און עס איז נישט מער ווי רעכט, וואָס אירע לאַנדסלייט זאָרגן פאַר איר און זיי וועלן איר שוין מאָרגן אַריינשטעלן אַ מאַשין און זי וועט פאַר־דינען איר שטיקל ברויט...

עטלעכע וואָכן צייט האָבן חיים־לייבל און באַשע געקויפט לאָטערי־צעטעלעך מיט דעם נומער 79 צום סוף. צוויי מאָל האָבן זיי שוין געוווּנען צי עטלעכע פּעזעס און חיים־לייבל איז געוווען זיכער, אַז ווען ער באַקומט דעם גאַנצן נומער 5679, וואָלט ער זיכער געמאַכט די גראַנדע... בלויז פאַר זיין

רחמנות וואָס ער האָט דער ליטוואַטשקע געגעבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועט אים גאָט זיכער צושיקן די גראַנדע...

אָבער דעם גאַנצן נומער איז נישט לייכט געווען צו געפינען און ווען חיים־לייבל האָט איינמאָל אַהיימגעבראַכט אַ צעטעלע מיט 679 צום סוף און עס האָט געווונען אַ גאַנצן הונדערטער, דעמאָלט האָט שוין באַשע נישט גע־קאָנט אויסהאַלטן און זי איז אַליין געלאָפן זוכן דעם גאַנצן פולן נומער וואָס זי האָט געזען אויף דער ליטוואַטשקעס האַנט און וועלכער איז איר די גאַנצע צייט געשטאַנען פאַר די אויגן.

און אין דעם פאַרנאַכט, ווען באַשע איז אַרויס אין גאַס מיט כאַקאַביטאַן זוכן דאָס מזלדיקע צעטעלע מיט דעם נומער 5679, האָט זיך חיים־לייבל ערשט געכאַפּט, אַז אַ חוץ דעם אויסטאַטויִרטן נומער וואָס די ליטוואַטשקע האָט אויף איר האַנט, איז זי אַ שיין מיידל, אַ גאָלד און אַז עס איז נעבעך אַ רחמנות אויף איר עלנט און דעמאָלט האָט ער מיט איר געהאַט דעם ערשטן לענגערן שמועס און ווען זי האָט אים דערציילט אַן איבערלעבעניש בעת זי איז געפאָרן אין אַ פאַרפלאָמבירטן וואַגאָן, האָט ער איר אויסגעדריקט זיין טיפן מיטגעפיל און זי געטרייסט אַז איר וועט דערפאַר דאָ זייער גוט זיין און אַז ער אַליין וועט נישט ווייניק זאָרגן, אַז איר זאָל דאָ גאָרנישט פעלן...

בקיצור, באַשע האָט געזוכט דאָס צעטעלע מיטן מזלדיקן נומער, און חיים־לייבל האָט זיך געפילט ווי עלעקטריזירט, ווען ער האָט באַוויזן אַ גלעט צו טון דאָס הענטל אַוו דער נומער איז געווען אויסטאַטויִרט; אָבער ווייניק מאָל האָט ער באַוויזן צו גלעטן דאָס דאָזיקע שיינע הענטל. די ליטוואַטשקע איז געווען געגנוג פלינק און זי האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן, ווען ער האָט איר געוואָלט אַרויסווייזן צופיל צוגעלאָזנקייט...

באַשע האָט נאָך אַלץ כסדר געזוכן דער ליטוואַטשקעס נומער פאַר די אויגן, אָבער חיים־לייבל האָט שוין נישט געזען מער דעם נומער, נאָר זי, די ליטוואַטשקע, מירלען, איר שיין געטאָקט קיילעכדיק פּנים מיט די געדיכטע וויִעס אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעשטראַלט ענערגישע בליקן וואָס האָבן אים ממש אָנגעצונדן.

באַשע האָט דורך די נעכט געחלומט וועגן דעם מזלדיקן נומער און חיים־לייבל האָט געחלומט וועגן דער ליטוואַטשקע און עס איז אים שווער געווען צו באַהאַלטן זיין גרויסע צופרידנקייט, ווען באַשע האָט מירלען פאַר־בעטן אין קאָמעדאָר אויף אַ גלעזל טיי.

מירל איז געווען אַ ווויל, אַרבעטסזאַם מיידל. כמעט צען שעה אין טאָג האָט זי געניית וועש און יעדן צווייטן טאָג איז זי אַוועק מיט אַ פּאַק פאַר־טיקע וועש און צוריקגעבראַכט אַ פּאַק צוגעשניטענע סחורות צום קאָנ־פעקציאָנירן.

פאַר יעדן גוטן וואָרט וואָס זי האָט געהערט, האָט זי באַלוינט מיט וואַרעמען דאַנקבאַרן שמייכל און באַשען האָט זי נישט אַנדערש גערופן ווי „באַלעבאָסטעסי" און חיים־לייבל האָט זיך געפרייט מיט איר צוגעלאָזנקייט און ער האָט אַלץ נאָר געזוכט די געלעגנהייט צו קענען בלייבן מיט איר אַליין אויפן הייפל און כאַפן אַ שמועס מיט איר.

ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן פאַרשידענע סיבות צוליב וועלכע באַשע זאָל מוזן פאַרנאַכטצו אַוועקגיין פונדערהיים און כדי כאַקאָביטאָ זאָל אים נישט שטערן אין דער אַרבעט וואָס ער אײַלט זיך אויסצוענדיקן, זאָל זי אים מיטנעמען.

און אַז מען זוכט אַ געלעגנהייט, געפינט מען זי. ער האָט אָבער פון דער געלעגנהייט נישט געהאַט קיין סך נחת.

ער האָט צו איר גערעדט מיט זיין וואַרשעווער יידיש און זי, הגם זי האָט וואַרעם געשמייכלט און אירע בליקן האָבן אים צעצונדן דאָס געמיט, האָט ער זיך עפּעס נישט געוואַגט גלאַט אַזוי זיך צו פאַרטשעפּען מיט איר; איר וואַרעמער בליק וואָס האָט זיך אויפן מאָמענט געקאָנט פאַרוואַנדלען אין ערנסטער שטרענגקייט און איר האַרטער ליטווישער „לאָסן" און טאַקע דער אַראָפּשיינענדיקער נומער פון איר האַנט, האָבן אים געהאַלטן אין דיסטאַנץ און ער האָט זיך נישט געוואַגט צו געבן איר זיינע צוגעטראַכטע כיטרע אָנצו־הערענישן.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט, ביז חיים־לייבל האָט שוין נישט געקאָנט גובר זיין זיינע אימפּולסן און ער האָט זי אַרומגעכאַפּט און געוואָלט קושן.

מיט אַ פלינקער באַוועגונג האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פון אונטער זיינע הענט און אַ לאַכענדיקע האָט זי אים געהייסן צוּוואַרטן ביז די באַלעבאָסטע וועט קומען, וועט ער קענען קוסן אַפילו ביז מאָסיאַך וועט קומען...

און אַבי איינמאָל געוואַגט, האָט ער שוין געוואַגט נאָכאַמאָל און נאָכ־אַמאָל און כאָטש זי האָט זיך ווייטער נישט געלאָזן אַרומנעמען און קושן אוודאי נישט, האָט זי זיך אָבער נישט געברוגזט צופיל און דאָס האָט אים געמאַכט גלייבן, אַז נאָך אַביסל און נאָך אַביסל, און זי וועט ווערן וואַרע־מער צו אים.

ער האָט שוין אַפילו געוואַגט צו זאָגן איר: — זי וואַיסן גורנישט ווי שטאַרק יאַך האָב אינען ליב!... און אויף דעם האָט זי לאַכנדיק אים געענט־פערט: — זאָגטזשעט דאָס דער באַלעבאָסטעסי!...

קיין צו־אָפטע געלעגנהייטן צו בלייבן אַליין מיט דער ליטוואַטשקע האָט חיים־לייבל נישט געהאַט און וואָכן האָבן זיך געצויגן אין וועלכע ער האָט זיך געמוזט באַגנוגן מיט צוּוואַרפן איר וואַרעמע בליקן מיט אַ פאַרגנבעטן ווונק, אָדער מיטן זאָגן איר אַ גוטן־מאָרגן און כדי זיך גלאַט אַזוי צו פאַר־

טשעפּען, האָט ער זיך געמאַכט אַז ער הערט נישט איר ענטפער און ער האָט זי איבערגעפרעגט: — זי הערן נישׂ? יאָך האָב דאָך אינען געזאָגט אַ גיטן מאָרגן!...

— באַלעבאָס־לעבן! האָב איך דאָך אייך באַלד צוריקגעווונצן אַ גוטן יאָר!...

נאָך עטלעכע חדשים איז אים די גאַנצע מעשה אָנגעהויבן נישט געפעלן.

— ט׳עץ געהערט אַזעלכעס? שפּילט זיך מיט מיר ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז!... גאַי, האָב ציטין מיט אַ ליטוואַטשקע!... ני, וועלמאָ זען... איך בין אַ וואַרשעווער.

און חיים־לייבל האָט אָנגעהויבן ווערן נאַכאַלנע.

ער האָט געפונען געגנוג תירוצים אויף אַוועקצושיקן באַשען פונדערהיים און ער האָט זיך אַ נעם־געטון צו מירלען.

מירל האָט זיך באַמיט אים אָפּצושטעפּען פון זיך, זי האָט אים געבעטן מיט גוטן און אים געדראָט מיט בייזן אַז ער זאָל זי לאָזן צורו, זי דאַרף אַרבעטן און ער איז אַ מאַן פון אַ געטרייער באַלעבאָסטע און אַ טאַטע פון אַ גאָלדן קינד. חיים־לייבל האָט אָבער כמעט נישט געהערט אירע ווערטער און כסדר זיך געטשעפּעט צו איר אויף אַ מער־געוואַגטן אופן, ביז ער האָט זי אָנגעהויבן דראָען, אַז ער קאָן אַזוי נישט אויסהאַלטן לענגער, ער האָט זי ליב און אויב זי קאָן אים אַזוי שטאַרק נישט פאַרטראָגן, טאָ זאָל זי זיך זוכן אַן אַנדער וווינונג...

דאָס האָט, ווייזט אויס, געהאָלפן. זי האָט זיך אָנגעהויבן אַנטשולדיקן, זי בעט אים נאָר, ער איז דאָך אַ טאַטע פון אַ קינד, זאָל ער זיך באַזינען און געדענקען אָן זיך...

אירע מוסר־רייד האָבן אים נישט געאַרט, אָבי זי בייזערט זיך נישט אויף אים מיט איר ליטווישן לאָסן, וועט זי שוין בעסער ווערן...

און... ער האָט זיך אַזוי לאַנג געטשעפּעט צו מירלען, ביז זי איז מיד געוואָרן צו קעמפן קעגן אים און זי האָט שוין אויפגעהערט מוסר זאָגן, אָבער דאָס וואָס ער וויל, דאָס וועט זי אים קיינמאָל נישט נאָכגעבן... זי וועט מיט אים אין ערגעץ נישט גיין, זי האָט איר קליין סטיבל און זי גייט נישט ווו מען קאָן זיך פאַרסמירן דאָס פּנים!...

און חיים־לייבל דער מעדידע־שניידער האָט זיך געצאַפּלט פון פרייד;

— אָבי מען האַלט שוין אַזוי ווייט! אויב עס גייט נישט מיט גוטן, מוז מען נעמען נאַכאַלנע...

ביי אַ נייער געלעגנהייט, האָט ער שוין מיט איר גערעדט אָפענע דיי־בורים. עס איז געמאַכט געוואָרן אויף שנעל. זיי האָבן אָפּגעשמועסט, ווי אַזוי ער וועט איין אָוונט אַוועקגיין און צוריקקומען שפּעט, ווען באַשע מיטן קינד וועלן שוין שלאָפן און ער וועט אַרויפקומען צו איר טרינקען אַ גלעזל טיי... און אַ פיינע מתנה וועט אויך נישט פעלן...

— אופגעמאַכט ?

— אָפּגעמאַכט !

עס איז געווען נאָך עלף אַזייגער ביינאַכט, ווען חיים־לייבל האָט פּאַר־זיכטיק שטיל אויפגעשלאָסן דאָס טויער, אויסגעטאָן די שיך און שטיל פּאַר־בייגעשלייכט די סאַלע, שלאָפצימער און קאָמעדאָר און מיט די שיך אין די הענט אַרויף אויף די טרעפּ; די טיר פון דעם אויבער־שטיבל איז, ווי עס איז געווען אָפּגערעדט, נישט געווען פאַרמאַכט אויפן שלאָס; חיים־לייבלס האַרץ האָט זיך געוואָרפן ווי ביי אַ גזלן, ער האָט פּאַמעלעך צעעפנט די טיר און זיך אַריינגעשאַרט ווי אַ גנב אין דעם פינצטערן שטיבל.

עס האָט זיך אים אָבער געלוינט.

צוויי שלאַנקע נאַקעטע הענט האָבן זיך פלינק און ווי פאַרבענקטע אַרי־בערגעוואָרפן איבער זיינע אַקסל און ער האָט דערפילט מירלס הייסן אָטעם אויף זיין שנעל־צעפלאַמט־געוואָרענעם פּנים...

— טייערע... האָט ער אָנגעהויבן צו שעפּטשען, אָבער איר הענטל האָט אים פאַרשטעלט דאָס מויל צום שווייגן.

מיט הונדערט ליידנשאַפטן האָט ער זי אַרומגעכאַפּט און געדריקט צו זיך, באַדעקנדיק גלייכצייטיק איר פּנים, איר האַלדז און נאַקן, אירע הענט מיט הייסע קושן און ווען זי האָט אים געפּרוווט אַביסל אָפּשטויסן פון זיך, איז ער געוואָרן נאָך ווילדער, ער האָט אַרויסגעכאַפּט עפּעס פון קעשענע און עס אַריינגעוואָרפן צו איר אין בוזעם און זי האָט עס אַרויסגעכאַפּט און דערפילט אין האַנט אַ קליין קעסטעלע, אַזאַ פון צירונג...

חיים־לייבל האָט זיך געפילט אויפן זיבעטן הימל פון גליק; שטיל, שטיל, ממש מיטן בלויזן אָטעם האָט ער געפליסטערט: — ליבינקע מיינע... איך שווער דיר... צום ערשטן מול אין מאַין לעבן קיש יאַך אַזעלכע זיסע לי־פּעלעך...

און ער האָט זי נאָך ליידנשאַפטלעכער אַרומגעכאַפּט און געדריקט צו זיך און...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פלוצים האָט אַ בלענד אויף געטון דאָס ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל און חיים־לייבל האָט צו זיין גרויסער אַנטוישונג דערזען, אַז די גאַנצע לי־בעס־סצענע האָט ער גאָר אָפּגעשפּילט מיט זיין אייגן ווייב, מיט באַשען!...

וואָס ווייטער איז געווען, לאָזן מיר שוין איבער אַז איר זאָלט זיך אַליין משער זיין.

מיר קענען דאָ בלויז צוגעבן, אַז נאָך וואָכן און וואָכן, ווען עס איז אויסגעקומען צו רעדן וועגן זייער שכנה די ליטוואַטשקע, האָט חיים־לייבל אַ קרעכץ־געטון און צוגעגעבן :

— די אמתע ליטוואַטשקע!...

# אומזיסט זי חושד געווען...

.1

ווען בערנאַרד וואָלט אַמאָל אַ פּרווו־געטון אַריינטראַכטן זיך אין זיין אייגן לעבן, וואָלט ער אפשר נישט געהאַט אַזויפיל טענות צו דער וועלט און אַוודאי נישט — צו זיין אייגן יונג ווייבל.

מיט ווייליונגערישער זאַרגלאָזיקייט האָט ער פאַרשווענדט זיינע יונגע טעג און יאָרן און ווען מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט נישט חתונה, האָט ער זיך אויסגעלאַכט און ווייליונגעריש געענטפערט: — עס פעלן מיר דען ווייבער?

אין זיינע ווייליונגערישע טעג, האָט זיך בערנאַרד געהאַט זיין אייגענע פילאָזאָפיע: — וואָס דאַרף איך חתונה האָבן, אַז איך זאָל מוזן האָבן די צרות פון אַ ווייב און יענער זאָל האָבן פון איר דאָס פאַרגעניגן, אַז מיר איז בעסער, ווען יענער האָט חתונה און יענער האָט די צרות און איך האָב דאָס פאַר־געניגן...

אין זיינע גוטע יונגערע טעג, האָט בערנאַרד געהאַט אַ ספּעציעלן חוש צו דערפילן און צו דערקענען אַ וועלכעס ווייבל פון זיין קרייז באַקאַנטע און פריינט, פאַרמאָגט די נייטיקע דאָזע לייכטזין, אָדער דעם אומדערזעטלעכן טעמפּעראַמענט, אַז מען זאָל זי קענען געווינען פאַר אַ גוטן פלירט און אַזוי ווי ער איז געווען גוט סיטויִרט, ער האָט באַוויזן פון אַ גאַסן־הענדלער מיט אַ קיישל קלייניקייטן זיך אַרויפצואַרבעטן און ווערן אַ רייכער סוחר, האָבן זיך אים זיינע ליבעס־אַוואַנטורעס מערסטנטייל איינגעגעבן און דאָס האָט אין אים געשאַפן דעם גרינגשאַצנדיקן געפיל צום פאַרהייראַטן לעבן און דאָס האָט אויך אויסגעוועבט אין זיין מוח זיין פילאָזאָפיע וועגן ווייבער.

ער האָט אויך געהאַט זיין אייגענע פילאָזאָפיע בנוגע דעם אָפּקלייב פון פרויען פאַר אַ „חיי־שעה”, באַרימענדיק זיך, אַז מ׳דאַרף זיך נישט יאָגן דווקא נאָך דעם שיינעם מין, וואָס מיינט, אַז מען דאַרף זי אָפּגילטן בלויז פאַר איר שיינקייט, נאָר פיל לוינבאַרער איז צו באַקומען דעם לייכטערן מין — גע־גאַנגען, געקומען און אַן קלאַפּאָטן...

אָט אַזוי, האָט בערנאַרד מיט זיין ווייליונגערישער זאָרגלאָזיקייט פאַר־שווענדט זיינע יונגע טעג און יאָרן און ערשט ווען ער איז געווען היפּש אין

די פערציק, ווען ער האָט אָנגעהויבן פילן פאַרשידענע וויטיקן, אַמאָל אין אַ פוס, אַמאָל אַ שטאָך אין אַ זייט, ווען ער האָט זיך אויף זיין אייגן געביין אָנגעהויבן באַקענען מיט די טערמינען: — „רעומאַ", „לומבאַגאָ", „קאַלקולאָס" און עס האָט אָנגעהויבן אַ סעריע מיט אַנאַליזן, דיעטן און פילן, — ערשט דעמאָלט האָט ער זיך געכאַפּט אויף דעם אַלטן פסוק, אַז: „לא טוב היות אדם לבדו", עס איז נישט גוט צו בלייבן אָט אַזוי, אַליין, און ביי זיין פאַרמעגלעכער סיטואַציע, איז אים נישט שווער געווען צו געפינען פאַר זיך אַ זיווג.

.2

אין זיינע געשעפטן, איז בערנאַרד געווען זייער אויסגערעכנט און פּינקטלעך. ער האָט באַקומען אַ סך קרעדיטן, אָבער ער האָט אַלעמאָל, בעת ער האָט באַדאַרפט שרייבן אַ וועקסל, אָדער געבן עמעצן אַ דאָקומענט, פריער קאַלקולירט און אויסגערעכנט און אַזוי איינגעטיילט די דאַטעס פון צאָלן, אַז ער זאָל קענען נאָכקומען זיינע אָבליגאַציעס.

אָבער, ער האָט אינגאַנצן, פאַרגעסן, אַז אין זיין פּריוואַט־לעבן האָט ער נישט געפירט קיין שום חשבון, אַז ער האָט פאַרשווענדט זיינע יונגע טעג און יאָרן אָן אַ טאָלק און אַז מיט זיין פאַרשפּעטיקטן חתונה האָבן, האָט ער אויסגעשטעלט אַ וועקסל וואָס ער איז מער נישט בכוח צו באַצאָלן...

אמת, עפּעס האָט ער וועגן דעם פאַרגעסן און דערפאַר האָט ער טאַקע אָפּגעוואָרפן די שידוכים מיט יונגע גרושות און אלמנות און בעסער גענומען די אָרעמע פרידאַ, דאָס חנעוודיקע עלטערע מיידל וואָס האָט געאַרבעט ביי אַ „באַרדאַדאָראַ" און איז געזעסן אַכט און מער שעה אַ טאָג אַ געבויגענע און אויסגעהאָפּטן טישטעכלעך און קישעלעך, כדי צו קענען אויסהאַלטן איר מוטער, די אלמנה; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז שוין מיט דעם וואָס ער וועט אַרויסהייבן דאָס אָרעמע מיידל פון איר שווערן לעבן און אַריינברענגען זי אין זיין פיין־איינגעאָרדנטן דעפּאַרטאַמענט, אַז שוין דערמיט וועט ער האָבן געקויפט איר אייביקע דאַנקבאַרקייט און זי וועט אים זיין געטריי און דאָך, זיין פריערדיקע גרינגשאַציקע מיינונג וועגן פרויען, זיין אויסגעאַרבעטע פילאָזאָפיע, האָט שנעל אָנגעהויבן ווירקן און קוים עטלעכע וואָכן נאָך זיין חתונה, האָט אים אָנגעהויבן פרעסן אַ חשד וועגן פרידאַס געטרייקייט צו אים...

און אַבי דער חשד איז אין אים געבוירן געוואָרן, האָט ער זיך אין אים צעוואַקסן און ער האָט גענומען לויערן און נאָכקוקן און שטעלן פראַגן און פרידאַ האָט מיט אַן אומשולדיקער מינע אַלעמאָל געענטפערט: — „איך בין געווען אַ קוק טון צו דער מאַמען; איך האָב זיך געטראָפן מיט דער „באַרדאַדאָראַ" און די תירוצים זענען אַלעמאָל געקומען אַזוי פּראָסט און פשוט,

אַז בערנאַרד האָט זיך נישט געהאַט אָן וואָס אָנצוטשעפּען און דאָך איז ער געווען כמעט ווי זיכער, אַז דאָס זענען בלויז תירוצים, אַז זי נאַרט אים און דער וואָרעם פון פאַרדאַכט האָט אים ווייטער געפרעסן.

אין דעם אַמאָליקן וווּליוונגערישן בערנאַרד האָט צומאָל געגומען זידן דער כעס, פאַרוואָס זי נעמט אים אַזוי אויפן גאַנצן זיכער און דורך די נעכט, ווען ער האָט נישט געקענט איינשלאָפן, ווען עס האָבן אים געמאַטערט פון איין זייט פאַרשידענע פיזישע ווייטיקן און פון דער צווייטער — די אומגעוויסקייט, דער אומגלויבן אין פרידאַס טרייקייט צו אים, איז ער געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט און אַממערסטנס אויף איר, אויף פרידאַן, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר די הויפּט־שולדיקע אין זיינע ליידן.

— ניין! ער וועט זיך נישט לאָזן נעמען אויפן זיכער! אָ, ער ווייסט שוין גוט די זאַכן... ער וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

און געשטויסן פון דעם געבליבענעם רעשטל וווּליוונגערישקייט אין אים, איז ער אין איינעם אַ פרימאָרגן אַוועק אויף דעם אַדרעס צו אַ פּריוואַט־דעטעקטיוו, וועלכן ער האָט געזען אין אַ ציימונגס־אַנאָנס.

.3

פרידאַ איז אַלט געווען 28 יאָר. זי איז געווען אַ ווויל אַרבעטסזאַם מיידל. ביז צו די 25 יאָר האָט זי געהאַט אַ סך שיינע האָפענונגען, אָבער ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן און זי האָט געמוזט גיין אַרבעטן, כדי אויסצוהאַלטן די קראַנקע מוטער, האָבן זיך די האָפענונגען אָנגעהויבן לעשן.

אַ סך בחורים האָבן זיך צו איר געטשעפּעט, אָבער זי האָט געוווּסט, אַז דאָס טשעפּן איר איז גלאַט אַזוי און זי האָט געזוכט אַ תכלית, אויב נישט בלויז פאַר זיך, מוז זי זוכן אַ תכלית צוליב דער קראַנקער מאַמע.

דעם שידוך מיט בערנאַרדאַן האָט זי באַטראַכט פאַר אַ גליק־שידוך. ער האָט צוגעזאָגט אויסצוהאַלטן איר מוטער און וואָס דאַרף זי מער?

אָבער באַלד נאָך דער חתונה, האָט זי אָנגעהויבן פילן, אַז חתונה האָבן איז נישט אַ זאַך וואָס מען טוט בלויז צוליב דער מאַמען; זי האָט אָנגעהויבן פילן אירע רעכטן צום לעבן: אַלע רייצונגען וועלכע זי האָט יאָרנלאַנג אין איר דערוואַקסענער מיידלשאַפט באַקעמפט און ממש ווי אַטראָפירט, האָבן זיך פון בערנאַרדאַס יעדן גלעט און קוש געגומען וועקן און אָנגעהויבן מאָנען זייער חוב, וועלכן בערנאַרד האָט אָבער נישט געקענט באַצאָלן...

האָט פרידאַ געליטן און געשוויגן. זי איז בערנאַרדן געווען דאַנקבאַר, אָבער פון טאָג צו טאָג איז אין איר מער געוואַקסן די אומרו, זי איז געלאָפן צו דער מוטער, זי איז אָפט אַריין צו די „באַרדאַדאַראַ״ ביי וועלכער זי האָט פריִער געאַרבעט, זי האָט געזוכט צו פאַרטרייבן די שעהן כדי דערנאָך ווידער אַהיימצוקומען אין איר שיינער וווינונג צו איר אומגליקלעך לעבן...

ערגער איז נאָך געוואָרן, ווען בערנאַרד האָט זי׳ אָנגעהויבן פאַרדעכ־טיקן. זי האָט גוט באַמערקט און פאַרשטאַנען אַז זיינע פראַגן זענען נישט גלאַט אַזוי, און כדי אויסצומיידן אומאָנגענעמלעכקייטן האָט זי אָנגעהויבן וויניקער פאַרלאָזן די שטוב.

אין די פרייע שעהן פון דער שטוב־ווירטשאַפט, פלעגט זי זיך אַוועק־שטעלן ביים פענצטער און קוקן אויף דער גאַס ווו עס גייט אָן אַ לעבעדיקע באַוועגונג און ווען עס איז איר נמאס געוואָרן דאָס אָבסערווירן די גאַס, האָט זי אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אָדער גענומען אַריינקוקן אין אַ בוך, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט באַוויזן צו באַרויִקן איר געמיט.

דאָס ערשטע מאָל ווען זי האָט באַמערקט דעם יונגן פראַנט אויפן טראָ־טואַר קעגניבער איר פענצטער, האָט זי אים אַפילו נישט געשענקט די קלענ־סטע אויפמערקזאַמקייט; אָבער ווען זי האָט אים צומאָרגנס ווידער געזען און ווען זי האָט באַמערקט אַז ער קוקט צו אירע פענצטער און סיי אינדערפרי ווי נאָכמיטאָג שטייט ער אַזוי און גלאָצט אַרויף, איז איר די זאַך צוערשט געוואָרן פריקרע און ענדלעך, ה׳ען זי האָט זיך געכאַפּט דערויף, אַז דאָס האָט בערנאַרד אים געמוזט דאָ אַוועקשטעלן כדי ער זאָל היטן אירע גענג, האָט איר דאָס בלוט פון גאַנצן קערפּער אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין, זי האָט דערפילט אַזאַ ווייטאָג, ווי עמיץ וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַן אייזן איבערן קאָפּ און מיט אַ צעבראָכן געמיט האָט זי זיך געוואָרפן אין בעט אַריין און לאַנג, לאַנג געוויינט.

לאַנג איז זי אַזוי געלעגן אין איר ווייטיק; זי האָט געפילט אַז די באַליידיקונג איז אַזוי גרויס, אַז די שאַנד ברענט ממש אויף איר פּנים און זי האָט זיך ערשט באַרויִקט, ווען זי האָט אין איר צער און ווייטאָג זיך באַשלאָסן נוקם צו זיין אָן בערנאַרדאָן...

און באַלד צומאָרגנס, ווען זי האָט געזען דעם פראַנט אַנטקעגן פענצטער, האָט זי צו אים גענומען אַריבערווינקן, געגעבן אים צייכנס און אָט איז דער פראַנט אַרויפגעקומען און זי האָט אים פאַרבעטן ער זאָל זיך אַוועקזעצן, ווייל זי דאַרף מיט אים עפּעס רעדן...

**.4**

און אַזוי איז עס געווען: דער באַלעבאָס האָט אַוועקגעשטעלט די קאַץ זי זאָל היטן די סמעטענע און די קאַץ האָט אויף איר קעצישן אופן דערפילט די אויפגאַבע...

— טאַקע אַזוי, וואָס דאַרף ער שטיין אין גאַס, אַז ער קען פאַרברענגען באַקוועם אין איר שטוב און זי אָפּהיטן?

ביידע האָבן געלאַכט און פאַרברענגט גליקלעכע שעהן פון לעבן און גענוס און אין די אָוונט־שעהן האָט דער פראַנטישער פּריוואַט־דעטעקטיוו

אָפּגעגעבן בערנאַרדן רעפּאָרט, אַרויסלייענענדיק פון אַ נאָטיץ־ביכל, ווען פרי־דאַ איז היינט אַרויס און ווו זי איז געגאַנגען.

איצט איז פרידאַן געווען גוט. בערנאַרדאָס האַנדלונג האָט זי אַריינ־געוואָרפן אין אַ מין אַזאַרד פון לײַדנשאַפטן צוליב נקמה און כדי שטאַרקער צו פילן דעם גענוס פון איר נקמה, האָט זי פאַרטראַכט אַ נייעם אויפטו און באַלד אויפצומאָרגנס, אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט דער פראַנטי־שער יונגערמאַן אויפגעזוכט בערנאַרדן און אים מיטגעטיילט, אַז ער איז זיכער, אַז איצט איז איינער אַ מענטש אַרויפגעגאַנגען צו זיין פרוי, ווייל ער האָט געזען ווי זי האָט דורך צייכנס מיט אים זיך פאַרשטענדיקט דורכן פענצטער און געוויזן אים, אַז ער קען אַרויפקומען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען בערנאַרד איז נישט טויט, נישט לעבעדיק פּלוצים אַריינגעפאַלן אין שטוב, זייענדיק זיכער, אַז איצט האָט ער זי געפאַקט און מער וועט זי אים נישט קענען נעמען אויפן זיכער, האָט ער פרידאַן גאָר געטראָפן זיצנדיק נעבן דעם אָנגעדרייטן ראַדיאָ, מיט זיינס אַ ניי העמד אין די הענט, אויף וועלכן זי האָט אויסגעהאָפטן מיט קינסטלערישע אותיות זיין מאָנאָגראַם...

צי דאַרף ער נאָך אַ בעסערן באַווייז וועגן איר געטרייקייט?

ער איז געבליבן שטיין אַ פאַרשעמטער פאַר זיך אַליין און ווען זי האָט אַרויסגעוויזן איר פרייד, וואָס ער איז געקומען, האָט ער זי אַרומגע־נומען און זי געקושט, די טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן און ער האָט זיך אַליין ממש פאַרדאַמט פאַר האָבן זי אומזיסט חושד געווען...



# אַ ליבעס־אַוואַנטורע אויף דער עלטער

## ערשטער קאַפּיטל

## אין אַ נייער דירה...

.1

אַן אַלט ווערטל זאָגט: משנה מקום, משנה מזל און זעלטן ווען פאַלט עמעצן איין אַ טראַכט־צו־טון, אַז אַ געענדערט מזל קען זיין פּונקט אַזוי צום גוטן, ווי צום שלעכטן.

מיט שמואלן, אָדער ווי ער רופט זיך היינט: דאָן סאַמועל, האָט זיך דאָס מזל געענדערט נישט צום גוטן און נאָך ערגער האָט עס זיך געענדערט פאַר זיין מייטל, אָדער מאַטילדע, ווי זי הייסט, זינט זיי האָבן אָנגעהויבן פירן אַ רייכע באַלעבאַטישקייט.

עס זענען שוין אַ סך יאָרן אַוועק, זינט ווען זיי האָבן ביידע, נאָך זייער אָנקומען קיין אַרגענטינע, זייער שווער געהאָרעוועט אויף צו קענען מאַכן אַ לעבן; אָ, שוין אַ סך וואָסערן זענען אָפּגעלאָפן זינט יענע שווערע צייטן, ווען זיי האָבן געוווינט אין אַן אָרעם שטיבל, געשפּאָרט דעם ביסן פון מויל און צונויפגעלייגט אַ סענט צו אַ סענט, ביז שמואל האָט געקויפט אַ מאַשין און נאָך די אַרבעט־שעהן אין זיין טאַזשער, האָט ער זיך ערשט אַוועקגעזעצט אינדערהיים און געאַרבעט ביז אין די שפּעטע נעכט אַריין און אַזוי האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דראַפּען דעם שווערן באַרג־אַרויף צום בעסערן וויל־שטאַנד.

ווען קלמעלע, דאָס ערשטע זונדל זייערס, איז געבוירן געוואָרן, איז מייטל, נאָך עטלעכע קימפּעט־טעג, שוין ווידער געזעסן ביי דער מאַשין און ערשט ווען דאָס עופהלע האָט שוין גאָר שטאַרק געוויינט, האָט זי זיך פאַר־גונען אָפּצורייסן אויף עטלעכע מינוט פון דער אַרבעט, כדי זי זאָל דאָס קינד איבערוויקלען און איבערלייגן אין אַ ריין ווינדעלע און עס אָנזייגן.

ביים האָבן דאָס צווייטע קינד, דאָס טעכטערל זיסעלע, האָט שוין מייטל געהאַט אַ בעסערע דאָליע; שמואל האָט שוין אַליין געהאַט אַ טאַזשער מיט עטלעכע מאַשינען, מיט אַ צושניידער און אַ פּרעסער און אויב זי האָט זיך

נאָך די אַרבעט־שעהן אַוועקגעזעצט צו אַ מאַשין אַרויסהעלפן דעם מאַן אויס־פאַרטיקן אַ דרינגנדע באַשטעלונג, איז עס שוין געווען גלאַט אַזוי, ווי זי פלעגט עס דעמאָלט זאָגן: פון צוקומען, ווערט מען נישט אָרעמער און, אגב, האָט זי שמואלן זייער ליב געהאַט, זי האָט הנאה געהאַט צו הערן זיינע ליד־לעך וואָס ער זינגט אַזוי שיין צום טאַקט פון מאַשין־גערויש, איז זי אַזוי געזעסן ביי דער מאַשין, געאַרבעט און הנאה געהאַט פון מאַנס זינגען, ביז אַ קינד אין שלאָפצימער האָט זיך צעוויינט און זי איז געגאַנגען אַ קוק־טון צו די „עופהלעך“.

ווען דאָס דריטע קינד איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי שוין ווידער גע־וווינט אין אַ נייער, פיל־באַקוועמערער דירה, ווו זיי האָבן צום פּראָנט אויך געהאַט אַ קלייט, און ווען דאָס פערטע קינד איז געקומען אויף דער וועלט, איז שוין זייער פריערדיקע דירה אין הינטערגרונט פון זייער געשעפט־לאָקאַל, געווען פאַרוואַנדלט אין מאַגאַזינען פאַר זייערע אויסגעאַרבעטע סחו־רות און געוווינט האָבן זיי שוין אין דעם אַנטקעגנאיבערדיקן שייגעם הויז אין אַ פיין־איינגעאָרדנטן דעפּאַרטאַמענט.

פיר קינדערלעך: קלמעלע, זיסעלע, פנחסל און גיטעלע, האָט יעדעס קינד מיטגעבראַכט מיט זיך פון גן־עדן אַ בעסער מזל און דער בעסערער ווילשטאַנד האָט אויך אָנגעהויבן ענדערן זייער פריערדיקן לעבנס־שטייגער.

שמואל איז געוואָרן „דאָן סאַמועל“; מייטל, הייסט שוין מאַטילדע און די קינדערלעך אין די פאַרשידענע שול־גראַדן, הייסן שוין קאַרליטאָס, סולעמאַ, פעדריטאָ און גיטאַ. שוין געווען צוויי דינסטן אין שטוב, מאַטילדע האָט נישט געהאַט וואָס צו טון, האָט זי אָנגעהויבן בעמען אויף זיך וואָג, און ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאַמע, האָט זי אויפגעהערט קינדלען, זי האָט באַקומען אַן אינטע־רעס פאַר קליידן זיך, שמוקן זיך און גיין אין טעאַטער אַזוי אויסגעשטראָצלט, מיט פוטער און צירונג, אַז עס זאָל פאַרנעמען די אויגן...

אַזוי ווי יעדעס נייע קינד האָט געבראַכט אַ געבעסערטן מזל, אַזוי האָט אויך יעדע נייע דירה פאַרבעסערט זייער מזל.

די געשעפטן זענען שוין געגאַנגען אַליין און דאָן סאַמועל האָט שוין געהאַט צייט זיך צו קהלן, אַריינכאַפּן זיך אין קאַפע, באַטייליקן זיך אין שמועסן וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים. נאָר איין זאַך, ער האָט זיך באַדאַרפט היטן פאַר מאַטילדען, זי זאָל נישט וויסן וויפל דאָס קהלן זיך מיט די גע־זעלשאַפטן, קאָסט אים.

פאַר דער שטוב, פאַר דער באַלעבאַטישקייט, פאַר דעם אייגענעם בני־בית, האָט זי נישט געקאַרגט; זי האָט געקויפט און דער מאַן האָט געגעבן געלט און אויף אַלץ איז געווען; נאָר אין פּרט פון לאָזן זיך קאָסטן פאַר אַנ־דערע זאַכן וואָס זענען נישט אייגן, איז זי געבליבן די אַמאָליקע אויסגע־

רעכנטע, פאַרהאָרעוועטע פרוי, פאַר זאַכן וואָס זענען נישט נוגע זייער הויז־געזונט.

דאַן סאַמועל האָט צוליב איר קאָרגשאַפט פאַר „פרעמדע געשעפטן" אַ סך געליטן, אָבער ער האָט זיך אַן עצה געגעבן; באַלעבאָס איבער זיינע געשעפטן איז ער דאָך געווען און די קאַסע האָט ער דאָך געהאַלטן, האָט ער אין גאַס געגאָלטן אַלס הארציקער פאָלקס־מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, וואָס לאָזט זיך קאָסטן פאַר אַלץ וואָס איז יידיש, נאָר מען דאַרף אים טרעפן אַליין, אָן זיין ווייב, ווייל זי היט־אָפּ דעם סענט, אַזוי ווי אַ הונט אַ ביין...

און אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן און דאָס גוטע מזל האָט זיי באַגלייט. קינדער זענען געוואַקסן, געלערנט גוט. קאַרלאָס האָט געהאָלפן אין טאַטנס געשעפטן, סולעמאַ האָט געענדיקט פאַרמאַצעווטן, פעדריטאַ איז שוין אַן אַדוואָקאַט און גיטאַ איז אַ פּראָפעסאָראַ דע פיאַנאָ. עס זענען אַריבער יאָרן פון שטיין אין שידוכים און חתונות זענען געפּראַוועט געוואָרן. די קינדער זענען אַוועק זייער אייגענעם וועג פון ווילשטאַנד, בלויז סולעמאַ, מיט איר אָרעם אַדוואָקאַטל אין וועלכן זי האָט זיך פאַרליבט, זיי זענען געבליבן וווינען צוזאַמען מיט סולעמאַס טאַטע־מאַמע אין דער גרויסער באַקוועמער וווינונג און אַזוי האָט זיי באַגלייט נחת און גליק, ביז סולעמאַ האָט געבוירן אַ קינד. איר מאַן, דער אַוואָקאַט, האָט זיך שוין געהאַט גענומען צום מסחר און עס איז אַוועק גוט און דעמאָלט האָט ערשט דאַן סאַמועל באַשלאָסן איבערצוגעבן זיין וווינונג פאַר זיין יונגסטער טאָכטער מיט איר מאַן און ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין אַ קלענערן דעפּאַרטאַמענט פון אַן עס־צימער מיט אַ שלאָפצימער מיט דעם בעסטן קאָנפאָרט, באַטראַכטנדיק, אַז פאַר אַן עלטער פּאָרפאָלק אַליין, וועט דאָס זיין אַן אידעאַלע וווינונג.

.2

און דעמאָלט האָט עס זיך אָנגעהויבן.

אַלע זיינע יאָרן איז דאָן סאַמועל געווען אַ צוריקגעצויגענער מענטש, אַן אַרבעטזאַמער און פּונקט אַזוי ווי אַמאָל, ווען ער האָט נישט געזשאַלעוועט מיט נאָך אַ שעה און נאָך אַ שעה אַרבעט, אַזוי האָט ער אין די שפּעטערדיקע יאָרן נישט פאַרלוירן זיין אימפּעט פאַר געשעפטלעכער אַקטיוויטעט.

ער האָט ליב געהאַט מייטלען און נישט געטראַכט פון קיין אַנדערע פרויען. ער איז אַלע זיינע יאָרן געבליבן דער באַשיידענער, האַלב־שעמעוודיקער גוטער מענטש, וואָס האָט ליב זיין היים און האָט אויך אַ וואַרעמען שמייכל צו אַלע די, מיט וועמען ער קומט אין קאָנטאַקט.

ווען ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן מישן אין געזעלשאַפטלעכע ענינים און עס איז אויסגעקומען צו רעדן מיט דעם און מיט יענעם, האָבן אים זייערע צומאָל גראָבע וויצן אָפּגעשטויסן. ער האָט עס נישט געקענט פאַר־

ליידן און מען האָט זיך טאַקע נישט זעלטן געוויצלט איבער זיין „אַלטמאָ־דישקייט״...

ער איז געווען אין די שפּעטע פופציקער יאָרן, ווען ער האָט זיך אַריי־בערגעקליבן אין זיין נייער פאַסיקער וווינונג און ער האָט זיך געהאַט אָנגע־געצייכנט אַ פּלאַן ווי אַזוי דאָ אויסצולעבן זיין לעצט ביסל יאָרן אין עושר און אין כבוד.

ער האָט באַשלאָסן, אַז מעג עס מאַטילדען פאַרדריסן, ער וועט זיך לאָזן קאָסטן אויף אַלץ וואָס איז נייטיק; ער האָט גענוג מיטלען דערפאַר, ווייל וואָס? ער וועט דען מיטנעמען מיט זיך דאָס פאַרמעגן דאָרט אַהין, פון וואַנען קיינער קומט נישט צוריק?...

אַ סך גוטע פּלענער האָט ער אויף ווייטער און צומאָל האָט זיך דעם דאָן סאַמועל אויסגעוויזן, אַז ער גייט איצט אָנהייבן אַ ניי לעבן, אַ לעבן צוזאַמען מיט מאַטילדען, אַזוי ווי אַמאָל, בלויז מיט איר, אָן די קינדער, וועלכע זענען שוין דאַנקען גאָט פאַרזאָרגט, הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן...

ער האָט נישט מער געחלומט פון קיין גרעסערע גליקן ווי די וואָס ער האָט שוין דערגרייכט, אָבער עס איז אים אויך נישט איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז זיין לעבן קען זיך נאָך ענדערן צום שלעכטן, אַז דער איצטיקער בייט פון זיין וווינונג, אַז דער איצטיקער משנה־מקום וועט אים אויך בייטן זיין מזל און דווקא צום ערגערן.

און אַפילו ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן פילן, אַז זיין לעבן ענדערט זיך, האָט ער נישט חושד געווען, אַז דאָס איז עפּעס אַ שפּיל פונעם שטן, ער האָט נישט געטראַכט, אַז ס'ענדערט זיך צום שלעכטן, פאַרקערט, דער שטן האָט עס געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט גאָר אָנגעהויבן זען אַזעלכע גליקן, פון וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט צו חלומען.

די נייע „גליקן״ זענען געווען אַ יונגע, שיינע, שלאַנקע פרוי, מיט אַ געדיכטער שוואַרץ־צעכוואַלעטער מעלענע, מיט צווי פייער־שפּריצנדיקע קויל־שוואַרצע אויגן...

.3

דערזען האָט ער די שוואַרץ־אויגיקע לילית צום ערשטן מאָל, אין דער ראַם פון אַ פענצטער וואָס איז געווען פונקט קעגנאיבער דעם פענצטער פון זיין שלאָפצימער.

עס איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, ווען ער האָט זיך אין גאַס ביי זיינע מסחרים דערפילט עפּעס נישט אַזוי גוט און ער איז אַוועק אַהיים.

מאַטילדע, ווי געוויינלעך, יעדן טאָג, איז געהאַט אַוועקגעגאַנגען מיט אַ וויזיט צו אירע קינדער און אייניקלעך, האָט זיך דער דאָן סאַמועל אַוועק־

געלייגט אויפן בעט אַביסל אויסרוען, ביז עס וועט אים איבערגיין און דער אָטעם וועט אים ווערן לייכטער.

ליגנדיק שוין אויפן בעט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז עס וואָלט כדאי געווען צו עפענען אַביסל דאָס פענצטער, וואָס כאָטש דאָס פענצטער גייט אַרויס אויפן הייפל און נישט צום פראָנט, וועט ער אָבער קענען כאַפּן אַביסל פרישע לופט.

און דעמאָלט איז עס געשען.

ווען ער האָט צעעפנט דאָס פענצטער, האָט זיך פאַר אים באַוויזן אַ פּרעכטיק בילד, וואָס האָט געמאַכט אויפצאַפּלען זיין געמיט.

אין דעם אַנטקעגנאיבערדיקן אָפענעם פענצטער איז געשטאַנען אַ שיינע יונגע פרוי מיט פייער־שפּריצנדיקע קויל־שוואַרצע אויגן. זי איז געשטאַנען אַ האַלב־נאַקעטע מיט אַ גרויסן קאַם אין איר נאַקעטער שלאַנקער האַנט און זיך צעקעמט איר צעכוואַליעטן געדיכטן וואַלד פון פעך־שוואַרצע האָר.

דער פּלוצימדיקער צוזאַמענטרעף פּנים־אל־פּנים, די באַגעגעניש פון זייערע בליקן, האָט בלויז אָנגעהאַלטן אַ קורצע ווייַלע, אפשר בלויז אַ צוויי־דריי סעקונדן, ווייל זי האָט זיך ווי מיט אַ פאַרשעמטן צניעותדיקן שמייכל שנעל צוריקגעצויגן אין דער טיף פון איר שטוב, נאָר באַלד איז זי ווידער צו צום פענצטער, נאָכאַמאָל געוואָרפן צו אים אַ בליק וואָס האָט אים גע־טראָפן ווי אַ פייל און זי האָט פאַרצויגן דעם טיולענעם פאָרהאַנג.

די געשעעניש וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין משך פון בלויז עטלעכע רגעס, האָט צעטרייסלט דאָס רויִקע געמיט פון דעם שטענדיק באַזאָכטן דאַן סאַמועל.

ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט, אָבער ער האָט נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט זיך אונטערגעהויבן און כסדר אַריבערגעקוקט, עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי עפנט פון צייט צו צייט אַ פּיצל פאָרהאַנג און קוקט צו אים אַריבער און פּלוצים האָט ער זיך שוין געפילט אינגאַנצן גוט און געזונט. ער האָט פאַרגעסן אָן זיין שווערן אָטעם, ער איז אַראָפּ פון בעט און גענומען לויערן אויף דעם מאָמענט, ווען זי וועט ווידער עפענען אַ שפּאַ־רונקע פאָרהאַנג, ער זאָל קענען דערכאַפּן איר בליק.

עס איז שוין געווען גוט טונקל און פּלוצים האָט פון אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער אַריבערגעשטראָמט די ליכטיקייט פון צעצונדענע לאָמפּן און דאַן סאַמועל איז לאַנג געשטאַנען און אַריבערגעקוקט צו דעם שאָטן פון דער שוואַרץ־אויגיקער שלאַנקער שיינקייט וואָס באַוועגט זיך אַזוי גראַציעז, אַז אירע ליניעס זעען זיך אַזוי רייצנדיק דורך דעם דינעם טיולענעם פאָרהאַנג.

די זעלבע נאַכט, ווען מאַטילדע איז אהיימגעקומען פון אירע וויזיטן און געוואָלט גיין שלאָפן, האָט דאַן סאַמועל צום ערשטן מאָל באַמערקט אַז זיין מאַטילדע איז געוואָרן צו־פעט, אַז זי האָט שוין אויף זיך גענומען צופיל לייב,

אַז זי וועגט זיכער אַ סך מער וויפל זי איז ווערט... און לאַנג, לאַנג, ביז ער איז איינגעשלאָפן, האָט אין דער הויך, אין דער פינצטערניש פון זיין שלאָפצימער נאָך אַלץ אַרומגעשוועבט די שלאַנקע, בייגעוודיקע שוואַרצאויגיקע שיינקייט פון אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער...

.4

יעדן פאַרנאַכט, כמעט אין דער זעלבער צייט, האָט זיך דער דאָן סאַמועל פּלוצים געשנומען פילן שלעכט און ער האָט פאַרלאָזט אַלע זיינע טעטיקייטן און געגאַנגען אַהיים.

מאַטילדע, ווי געווײנלעך, איז אין דער צייט נישט געווען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לויערן און ער האָט זי געזען איינמאָל און נאָכאַמאָל און איינמאָל ווידער בלויז אַ ברענענדיקן בליק אויף אַ סעקונדע און אַ צווייט מאָל, ווי אויף להכעיס ווידער פאַרצויגן דעם פאָרהאַנג און בלויז מיט איר שאָטן געוויזן פאַר אים אירע שיינע קערפּער־ליניעס און נאָך טעג און וואָכן פון אַזאַ קאַץ־און־מויז־שפּיל, האָבן זיי זיך אויף שטום־לשון באַקענט און איינס דעם צווייטן האָט מיט וואַרעמען בליק געגעבן צו פילן, אַז ביידע האָבן אַן אינטערעס איינס אין אַנדערן און שפּעטער, האָט זיך שוין די שוואַרצע לילית ווי אויפגעהערט זשענירן, זי האָט מכלומרשט נישט אַריבערגעקוקט צו אים, נאָר ער האָט גוט באַמערקט, אַז זי זעט אים און פונדעסטוועגן, טוט זי אויס אין קלייד און טוט אַן דאָס צווייטע און אָט בלייבט זי שטיין בלויז אין די זיידענע דינע מייטקעלעך און מיט דעם בריסט־האַלטער און זי מאַכט עטלעכע גימנאַסטישע באַוועגונגען, און ערשט איצט, דערזעט זי, ווי פּלוצים, אַז ער קוקט אַריבער און זי גיט אַ שלעפּ דעם פאָרהאַנג און אויס...

נישט זייענדיק געווינט צו מענערישע אַפּנאַרעריי, האָט ער אויף מאַטילדען כמעט ווי אויפגעהערט קוקן, ווייל ווי נאָר ער האָט דערזען איר צעווירנקייט, האָט פאַר זיינע אויגן באַלד אָנגעהויבן שוועבן די עלאַסטישקייט פון דער בייגעוודיקער ברונעטער שיינקייט און עס האָבן אים אָנגעהויבן ברי־ען אירע פייערדיקע בליקן...

עס האָט לאַנג געדויערט, לאַנג האָט אָנגעהאַלטן זיין פיבער, ביז, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגערעדט אָן ווערטער, זי האָט צו אים אַפילו קיין ווונק נישט געגעבן, זי האָט זיך בלויז אויסגעפּוצט אַנטקעגן פענצטער, אָנגעטאָן אַ קליין פאַרשייט היטעלע וואָס האָט זייער גוט געפּאַסט ווי אַ קרוין אויף איר שוואַרצן קאָפּ האָר און גענומען דעם האַנטבייטל אין האַנט.

דאָס איז געווען אַלץ וואָס ער האָט געזען און פּלוצים האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף עפּעס וויכטיקס צו דערליידיקן אין גאַס, און ער איז אַרויס פון שטוב.

אין „אַסענסאָר“ האָבן זיי זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט פון דער נאָענט, זי האָט אים צוגעוואָרפן אַ ליבלעכן שמייכל, ער האָט איר דערלאַנגט די האַנט און זיי האָבן זיך באַגריסט ווי צוויי אַלטע באַקאַנטע וואָס האָבן לאַנג געוואַרט ביז די צייט האָט זיי צונויפגעפירט...

צווייטער קאַפּיטל

## אין קלעם פון ליידנשאַפטן

.1

קיין „פאַוסט“ איז דער דאָן סאַמועל נישט געווען און ער האָט נישט געפּרוווט אַפילו זיך אַריינלאָזן אין טראַכטענישן וועגן זיין עלטער, וועגן זיין שטאַנד אַלס באַלעבאַטישער מענטש, אַ טאַטע פון אויסגעגעבענע קינדער, וואָס וואָלט זיך אפשר גיכער באַדאַרפט שפּילן מיט זיינע אייניקלעך; און עס קען זיין, אַז פאַוסט אַליין, ווען ער טרעפט זיך אַזוי מיט אַזאַ שוואַרצאויגיקער שיינקייט נאָך אַזוי פיל טעג און נעכט פון באַגערן און דערוואַרטונג, וואָלט ער אויך פאַרגעסן אַז ער איז דער באַרימטער פילאָסאָף און ער וואָלט דאָ אין דעם „אַסענסאָר“ אַזוי געשטאַנען ווי אַ נעבעכדיק יינגעלע וואָס ווייסט נישט ווי צו באַהאַלטן זיין אומבאַהאָלפנקייט...

דאָס שוואַרצאויגיקע דאַמעלע איז אָבער אויך נישט געווען קיין אומשולדיקע „גרעטכען“ און זי האָט געוווּסט פון די אַלע מיטלען און קונץ־שטיקלעך, ווי אַזוי אַרויסצוגעמען אַזאַ אומבאַהאָלפענעם פון דער אומבאַהאָלפנקייט און ווי צופעליק, האָט זי געהאַלטן די האַנט אויף דעם פאַרניקלטן שילדל אויף וועלכן עס געפינען זיך די קנעפלעך וואָס באַצייכענען די שטאָקן און ווידער ווי צופעליק, האָט איין פינגער אירער אַ קוועטש־געטון אויף דעם אונטערשטן רויטן קנעפל און די ווינדע האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט און דווקא אַזוי נאָריש אָפּגעשטעלט, אַז זי איז שטיין־געבליבן צווישן מויערן, צווישן צווייטן און דריטן שטאָק.

האַלב־איבערגעשראָקן און האַלב־קאָוואַלעריש, האָט דאָן סאַמועל געוואָלט אָנקוועטשן אַ שוואַרץ קנעפּל, כדי אַרויסצוקומען פון דער אומבאַקוועמער לאַגע צו געפינען זיך מיט אַ פרעמדער דאַמע ווי אַ געפאַנגענער אין אַן אייזערנער שטייג, צווישן מויערן, אָבער דאָס דאַמעלע האָט אים אַ שמיצל־געטון מיט אַ הענטשקע איבער דער האַנט און ווי עלעקטריזירנדיק אים מיט אַ רייצפולן שמייכל, האָט זי אים אַ זאָג־געטון: — וואָס האָט איר אַזוי קיין צייט נישט? אונטן וועלן מיר נישט קענען רעדן...

ער האָט געוואָלט אַ שמייכל טון איבער איר קלוגן איינפאַל, ער האָט גע־

וואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דאָס דאַמעלע האָט פלינק אַ הייב־געטון איר הענטל און אים פאַרשטעלט דאָס מויל:

— נישט איצט; מיר קענען דאָ אַזוי נישט בלייבן... אויב איר ווילט מיך זען, וואַרט איך אויף אייך אין דער קאָנפּיטעריע „עספּלאַנאַד" אין פּאַלערמאָ, אין צוויי שעה אַרום.

ווידער האָט דאָן סאַמועל געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער איידער וואָס־ווען, האָט זי שוין אַ קוועטש־געטון אַ קנעפּל און די ווינדע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן. זי האָט בלויז אויף שנעל אים דערלאַנגט איר הענטל, אַ וואַרעמען קוועטש געטון זיינע שפּיץ פינגער, מיט דער צווייטער האַנט האָט זי שוין צעעפנט די טירלעך, ער האָט בלויז באַוויזן אַ זאָג צו טון, אַז פּינקטלעך אין צוויי שעה אַרום וועט ער זיין אין דער דערמאָנטער קאָנפּיטעריע און זי איז שנעל אַרויס פון אַסענסאָר, לאָזנדיק זיך מיט פלינקע טריטלעך צום אַרויסגאַנג פון טויער.

דעם ערשטן מאָמענט איז דער דאָן סאַמועל געבליבן שטיין אין דעם צע־עפנט „אַסענסאָר" ווי אַ פּריטשמעליעטער; ער האָט נאָר געפילט די וואַרעמ־קייט פון איר הענטל אויף זיינע ליפּן און שוין איז זי נישטאָ... אָט האָט צו אים געשמייכלט אַ גליק מיט אַ ליכטיקייט פון טויזנט זונען, און אָט איז די ליכטיקייט פאַרשוווּנדן און אים איבערגעלאָזן אין דעם אָפענעם „אַסענסאָר" אַזוי, אַז ער ווייסט נישט צי ער זאָל אַרויסגיין, צי זאָל ער גאָר דעם „אַסענ־סאָר" צוריק פאַרמאַכן און אַרויפפאָרן צוריק אויפן פערטן שטאָק, צו זיך אַהיים...

די פאַרלעגנהייט האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ער האָט זיך שנעל דערמאָנט, אַז אין צוויי שעה אַרום דאַרף ווידער די זון פאַר אים אַ שיין־טון און ער דאַרף זיך דאָך עפּעס צוגרייטן, כאָטש איבערטאָן די קליידער...

ער האָט פאַרמאַכט דעם „אַסענסאָר" און צוריק אַרויפגעפאָרן אַהיים.

.2

די צוויי שעה האָבן זיך פאַר דאָן סאַמועל געצויגן ווי הונדערט אייבי־קייטן.

אָט האָט ער זיך געשטעלטביים פענצטער, אַריבערגעקוקט צום פענצ־טער אַנטקעגנאיבער און כאָטש עס איז געווען פאַרמאַכט, האָט ער עס געזען אָפן און אין דעם אָפענעם פענצטער האָט ער געזען ווי זי שטייט מיטן קאָם אין האַנט און קעמט דעם באַרג שוואַרצע צעשויבערטע האָר און אירע פינקל־דיקע שוואַרצע אויגן שיקן צו אים ברײַענדיקע שטראַלן וואָס ציִנדן זיין גע־מיט.

אָט דאַכט זיך אים ווי עס וואָלט זיך פאַרצויגן דער פאָרהאַנג און ער זעט בלויז די שאָטנס פון אירע גראַציעזע באַוועגונגען, ווען זי וואַרפט פון זיך אַראָפּ די קליידער און ער דערזעט די קאָנטורן פון איר נאַקעטקייט...

און אָט זעט ער איר שפּילן זיך מיט אים ווי אין אַ קאַץ־און־מויז־שפּיל;

זעט זי, אַז ער קוקט אַריבער, פאַרציט זי דעם פאָרהאַנג; רוקט ער זיך אָפּ פון פענצטער, זעט ער, ווי זי רוקט אָפּ און עפנט אַ שפּאַרונקע פון פאָרהאַנג און זוכט אים מיט איר בליק און שפּרינגט ער אַרויס פון דער זייט און זי דערזעט אים, פאַרציט זי שנעל צוריק דעם פאָרהאַנג...

אָך, ווי דאָס האָט אים געמוטשעט אין משך פון אַזוי פיל טעג; געגוג זיך געמוטשעט, געגוג מיט דעם קאַץ־און־מויז־שפּיל, באַלד ווען ער זיך מיט איר טרעפן, זי האָט דאָך אים אַליין אַרויסגעגעבן די ראַנדעווו און עפּעס מיינט דאָך דאָס!...

טראַכטנדיק שוין וועגן דעם וואָס עס קען ווערן דאָרט, אין דער קאָנפּי־טעריע, ווען ער וועט זיך מיט איר זען, האָט ער זיך ערשט געכאַפּט, אַז ער שטייט דאָ ווי אַ גולם קעגן אַ פאַרמאַכטן פענצטער און ער דערשרעקט זיך, צי ער שטייט שוין דאָ נישט אַזוי ווער ווייסט ווילאַנג און שיין וואָלט עס געווען, ווען ער שטייט דאָ אַזוי ווי אַ גולם און פאַרשפּעטיקט זיין ראַנדעווו...

ער כאַפּט אַ קוק אויף זיין האַנט־זייגערל און זעט, אַז עס זענען קוים צען מינוטן פאַרגאַנגען זינט ער איז אַריין צוריק אין שטוב...

עפּעס האָט זיך אים נישט געוואָלט גלייבן, אַז עס זענען ערשט צען מינוט פאַרגאַנגען און ער נעמט דאָס זייגערל צום אויער: טיק־טאַק, טיק־טאַק, יאָ, עס קלאַפּט, ממש אומגלייבלעך, אַז עס זענען בלויז צען מינוט פאַרגאַנ־גען זינט ער האָט געפילט איר וואַרעם הענטל אויף זיינע ליפּן...

ער האָט זיך אומגעקוקט אין שטוב, עפּעס האָט אים איצט דאָ אַלץ אויסגעזען פרעמד און דערווידער; דאָס ברייטע בעט, די ברייטע שאַפע אויף דריי טירן און אַפילו די צוויי ברייטע פיין־טאַפּעצירטע פאָטעלן. — אַלץ האָט אים דאָ דערמאָנט אָן זיין ברייט־צעווירענער מאַטילדע און דווקא איצט, ווען ער האָט אַמווינציקסטן זיך געוואָלט דערמאָנען אָן איר...

איז ער אַריין אין עס־צימער, אויסגעטאָן די בלוזע און אויפגעהאַנגען איבער אָנלען פון אַ שטול און אַזוי, אָן דער בלוזע, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, האָט ער אָנגעהויבן גיין אויף־און־אָפּ איבער דער לענג פון דער געגוג גרויסער שטוב און מעשה ווילעריונג, האָט זיך דעם דאָן סאַמועל פּלוצים געוואָלט אויספייפן אַ לידל, כע־כע, אַן אַלט לידל, ער האָט עס אַמאָל געהערט אין יידישן טעאַטער... ווי איז עס געגאַנגען?...

און ער פּרוווט אויספייפן דאָס לידל, נאָר עפּעס פייפט זיך נישט, עס קומט אַרויס אַ סקריפּנדיקער פרעמדער טאָן, וואָס האָט אַפילו נישט קיין ענלעכקייט צו די טענער פון לידל וואָס ער האָט זיך דערמאָנט און עס פאַר־דרייסט אים און כאָטש ער ווייסט, אַז ער קען דאָ אין דעם קיינעם נישט באַ־שולדיקן, דערמאָנט ער זיך אָבער פּלוצים אָן מאַטילדען און ער פילט, אַז זי איז שולדיק וואָס ער קען נישט אויספייפן דאָס לידל; זי, נאָר זי, האָט אים פאַר דער צייט געעלטערט און געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל מער נישט וויסן

פון קיין לעבן; אָבער ניין, ער וועט זיך נישט לאָזן; ער פילט זיך נאָך גענוג קרעפטיק, ער וויל נאָך לעבן און הנאה האָבן פון לעבן!...

און ווי כדי צו שטאַרקן זיין באַוווסטזיין, אַז ער קען נאָך און וויל נאָך לעבן און הנאה־האָבן פון לעבן, איז ער אַריין אין באָד־צימער, צעצונדן ביידע לעמפּלעך, איינס אינדערהייך און דאָס צווייטע — איבער דער וואַש־שיסל, כדי עס זאָל באַלייכטן זיין פּנים ווען ער קוקט אין שפּיגל און קוקנדיק איצט אין שפּיגל, האָט ער טאַקע פעסטגעשטעלט, אַז די היפּשע סימנים פון גרויקייט פון זיינע האָר, מיינען גאָרנישט; זיין פּנים וויזט נאָך אַ סך פרישקייט, עס איז נאָר אַ שאָד וואָס ער האָט זיך ערשט מיט אַ זעקס שעה צוריק אָפּראַזירט; עס וואָלט אַוודאי בעסער געווען, ווען ער קומט אַהין אין דער קאָנפּיטעריע „עספּלענאַד“ אַ פריש־ראַזירטער...

דערזעענדיק אויף דעם קרישטאָל ביי די זייטן פון די שפּיגלען די צוויי פלעשלעך אָדעקאָלאָן, האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אָן מאַטילדען. זי נוצט נישט קיין פּערפומען. זי טענהעט, אַז זי דאַרף עס נישט, און באמת, וואָס קענען איר העלפן פּערפומען?...

און ער דערמאָנט זיך אָן דעם פיינעם אַראָמאַט וואָס האָט אַ שלאָגגעטון פון דער דאַמיטשקעס הענטל ווען זי האָט עס אים צוגעטון צו די ליפּן...

ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעפילט דעם פיין־שמעקנדיקן ריח וואָס האָט אים איצט ערשט ווי פאַרשיכורט און ער האָט גענומען איין פלעשל קעלניש־וואַסער צו וועלכן עס איז געווען צוגעטשעפּעט אַ גומענער פּולוועריזאַטאָר און זיך באַשפּריצט מיט דער שוואַך־שמעקנדיקער פליסיקייט.

אָן אָפּגעפּרישטער, האָט ער ווידער געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגערל, ער איז געווען זיכער, אַז איצט איז די צייט צו גיין. אָבער ניין, עס איז נאָך צו־פרי, אַלץ צוזאַמען איז ערשט קוים איין האַלבע שעה פאַרגאַנגען און עס פעלן נאָך גאַנצע ניינציק מינוט.

ער איז ווידער אַריין אין שלאָפצימער. איצט, האָט ער שוין געמוזט אָנצינדן די ליכט. ער איז צו צום פענצטער, אַ קוק־געטון, דאָרט קעגנאיבער, איז געווען פינצטער.

דאָן סאַמועל האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל מיט זיך טון, כדי איבער־צוקומען די שווערע, לאַנג־דויערנדיקע מינוטן ביז ער וועט קענען גיין גע־ניסן דאָס ביסעלע געגאַרטע גליק.

פּלוצים איז זיין בליק געפאַלן אויף דער גרויסער שיין־איינגעראַמטער פאָטאָגראַפיע פון דעם אַמאָליקן דאָן סאַמועל מיט זיין אַמאָליקער מאַטילדע, וואָס איז געהאנגען אויף דער וואַנט איבער דעם ברייטן בעט.

ניין, דעמאָלט ווען זיי האָבן געמאַכט דאָס בילד, איז ער נאָך נישט געווען דאָן סאַמועל און זי האָט נאָך געהייסן מייטל... און ער קען נישט ליי־

קענען, אַז דעמאָלט איז זי געווען אַ שיינע און אַ געטרייע פרוי... צי האָט זי נישט געאַרבעט גלייך מיט אים ביי דער מאַשין ביז אין די שפּעטע נעכט אַריין?

עפּעס האָט זיך ביי אים אָנגעהייבן פּלאָנטערן אין מוח אַ געדאַנק, וועלכן ער האָט זיך באַמיט צו פאַרטרייבן, אָבער דווקא האָט דער געדאַנק זיך ווי צעשאָטן אויף דינע שפּילקעס און זיי האָבן גענומען ווי אַרומלויפן אין זיין לייב און ערשט ווען ער איז ווידער צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַריבער־געקוקט אַנטקעגנאיבער, איז דער שפּילקעדיקער געדאַנק אינגאַנצן פאַר־שוווּנדן...

ווידער האָט דער דאָן סאַמועל געקוקט אויפן זייגערל, אָבער ווי אויף להכעיס, האָבן זיך די ווייזערלעך ווי נישט גערירט פון פּלאַץ. ווידער האָט ער צוגעלייגט דאָס זייגערל צום אויער און שוין נישט־גלייבנדיק אַפילו דעם טיק־טאַק, האָט ער אָנגעדרייט דעם טעלעפאָן, כדי צו הערן די שעה, און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין זייגערל גייט פּינקטלעך.

עס האָט נאָך אַלץ געפעלט מער ווי אַ שעה און ער האָט נישט גע־וואָלט קומען אין דער קאָנפיטעריע נישט צו־פרי און אוודאי נישט צו־שפּעט; ער האָט געוואָלט, מעשה קאַוואַליר, זיין פּינקטלעך.

אַראָפּגיין אין גאַס אַריין, האָט זיך אים נישט געוואָלט; עס קען זיך מאַכן, מעשה שטן, עמעץ פון זיינע פריינט זאָל אים טרעפן, אָדער גאָר עמעץ פון זיינע געשעפטן; ניין, ער וויל איצט קיינעם נישט זען, ער וויל נאָר איין זאַך, אַז די שעה זאָל שוין אַריבער און ער זאָל זיך טרעפן מיט דער רייצנדיקער שיינקייט וואָס בלויז דער געדאַנק וועגן איר, מאַכט אין אים וואַרעמער פּול־סירן די בלוטן...

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דעם ברייטן פאָטעל און ערשט איצט האָט ער דערפילט, אַז דאָס קריכן פון די צייט, האָט אים מיד געמאַכט.

ער האָט באַשלאָסן, אַז אַ האַלבע שעה קען ער נאָך אַזוי גאַנץ געמיטלעך זיצן און טראַכטן וועגן זיין געגאַרטן גליק, אָבער צו זיין פאַרדרוס, האָט אויף אים גראָד איצט גענומען אַראָפּקוקן פון דער וואַנט זיין מאַטילדע...

ער איז האַסטיק אויפגעשפּרונגען, אַ רוק־געטון מיטן שטול און אים אויסגעדרייט אויף אַ זייט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט.

איצט האָט ער שוין געקענט טראַכטן נאָר פון איר, פון דער וווּנדער־שיינער, גראַציעזער, שוואַרצאויגיקער יונגער שכנה פון אנטקעגנאיבערדיקן פענצטער פון זיין דעפּאַרטאַמענט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ברייטע פליישיקע האַנט וואָס האָט זיך צוגערירט צו דאָן סאַמועלס שטערן, האָט אים אויפגעוועקט פון זיין דרימל.

ווי אַ געשטאָכענער פון אַ נאָדל איז ער אויפגעשפּרונגען פון שטול און דערזען פאַר זיך מאַטילדען מיט צעשראָקענע בליקן.

אַ קוק אויפן זייגערל, האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ שרעקלעכן כעס און ער האָט אָנגעהויבן זידלען מאַטילדען, פאַרוואָס זי האָט אים נישט אויפגעוועקט פריִער.

— איך בין דאָך נאָר־וואָס אַריינגעקומען... איך זע, ער זיצט אין שטול און כאָמערט... איך האָב זיך דאָך דערשראָקן אויפס טויט... געקוקט צי דו האָסט חלילה נישט קיין היץ...

אָבער דאָן סאַמועל האָט נישט געהערט אירע פאַרענטפערעכצן. אײַלנדיק איז ער אַריין אין באָדצימער, זיך באַשפּריצט מיט קעלניש וואַסער און אָפּגעווישט מיטן האַנטוך, שנעל צוריקגעקומען אין שלאָפצימער, צעעפנט די שאַפע און אָנגעהויבן בורטשען: — איצט וואָלט נאָר געפעלט, אַז דער בלויער אַנצוג זאָל זיין נישט געפּרעסט...

— וואָס דאַרפסטו איצט אַ בלויען אַנצוג? וווהין אײַלסטן דיך אַזוי?...

— פרעג ווייניקער, וועט זיין בעסער פאַר דיר... — האָט ער איר בייז אָפּגעענטפערט און ער האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער דער בלויער אַנצוג איז געווען ריין און גוט געפּרעסט און די ווערטער זענען ביי אים געבליבן הענגען אויף די ליפּן.

— עפּעס געפעלסטו מיר נישט היינט... — פּרווט מאַטילדע נאָכאַמאָל מיט אַ וואָרט, אָבער סאַמועל, וועלכער האַלט אין איבערטאָן אַ העמד, און אַ קנעפּל וויל בשום אופן נישט נאָכגעבן, ווערט ער בייז און בורטשעט אַרויס:

— הלמאי, געפעלסטו מיר שוין נישט פון לאַנג...

— סאַמועל!...

— שווייג, מאַטילדע! דו זעסט איך אײַל זיך, איך בין צערייצט ווי אַ טיגער... שווייג!...

צוויי מינוט האָט געדויערט דאָס איבערטאָן־זיך און דער דאָן סאַמועל איז ווי אַ שטורעם־ווינט אַרויסגעלאָפן פון שטוב, לאָזנדיק מאַטילדען באַגלייטן אים מיט אירע צעשראָקענע און פאַרוווּנדערטע בליקן דורך דער אָפן־געלאָזענער טיר, זי זאָל זען ווי ער אײַלט אַריין אַן אויסגעפּוצטער אין „אָסענסאָר".

עס האָבן בלויז געפעלט פינף מינוט צו דער צייט, ווען דאָן סאַמועל האָט זיך באַדאַרפט טרעפן מיט זיין באַגערטן גליק אין דער קאָנפיטעריע „עספּלענאַד"...

## דריטער קאַפּיטל

# דאָן סאַמועלס ראַנדעוווּ

ווען דאָן סאַמועל איז אָנגעקומען אַ פאַרשוויצטער אין דער קאָנפיטעריע „עספלענאַד" אויפן באַשטעלטן ראַנדעוווּ, איז שוין געווען מיט גאַנצע צוואַנציק מינוט שפּעטער פון דער באַשטימטער צייט און ער איז געווען ווי זיכער, אַז ער וועט שוין זיין שיינע שכנה מער נישט טרעפן.

איז דעריבער זיין פרייד געווען טאָפּלט גרעסער, ווען ער האָט, נאָכן אומקוקן זיך אויף אַלע זייטן אין דער רעזערווירטער אָפּטיילונג „פאַר פאַמיליעס", זי ענדלעך דערזען אין אַ זייטיקן ווינקל ביי אַ געדעקט טישל, ווי זי זיצט און זייגט אַרויס דורך אַ גלעזערן רערל אַ קאַלטן געטראַנק פון אַ גלאָז.

ער האָט זיך געפילט זייער שטאַרק שולדיק. ער האָט אַזוי געגאַרט נאָך איר, ער האָט אַזוי געפלאַטערט צווישן צוויפל און האָפענונג צי עס וועט זיך אים איינגעבן זיך צו באַקענען פערזענלעך מיט דער יונגער, שיינער שכנה, וואָס דאָס פענצטער פון איר שלאָפצימער איז פונקט קעגנאיבער דעם פענצטער פון זיין שלאָפצימער און אָט האָט זיך שוין געמאַכט, אַז ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט איר און זי האָט אים שוין באַשטעלט אויף אַן ערשטע ראַנדעוווּ, נעמט ער גאָר, דער אַלטער עובר־בטל און פאַרשפּעטיקט מיט זיין קומען אויף גאַנצע צוואַנציק מינוט!...

ער האָט זיך געפילט זייער שטאַרק שולדיק און ווי אַ ייִנגעלע וואָס האָט פאַרשפּעטיקט מיט זיין קומען אין שול און עס דערנענטערט זיך אומדרייסט צו דער לערערין, טראַכטנדיק ווי אַזוי זיך צו פאַרענטפערן פאַר איר, אַזוי האָט זיך דער דאָן סאַמועל ווי אַ פאַרשולדיקטער, פּאַמעלעך דערנענטערט צו דעם טישל פון דער יונגער שיינער דאַמע, וואָס ער ווייסט נאָך אַפילו נישט איר נאָמען.

אָבער, די געבראָכנקייט פון זיין מוט, צוליב זיין שולד־באַוווּסטזיין, האָט זיך שנעל אויסגעהיילט, ווען זי האָט פּלוצים אויפגעהויבן איר בליק און אים דערזען; די צופרידנקייט וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון איר בליק, די פרייד וואָס האָט זיך אַזוי שנעל קענטיק געמאַכט אויף איר צעשמייכלט פּנים ווי נאָר זי האָט אים דערזען, האָט אים ווי פאַרזיכערט, אַז זי וועט אים מוחל זיין די פאַרשפּעטיקונג און די לעצטע טריט צו איר טישל, זענען שוין געווען זיכערע און דרייסטע.

ער האָט זיך פונדעסטוועגן געפּרוווט אַנטשולדיקן פאַר איר, אָבער זי האָט אים אַ פריידיקע אויסגעשטרעקט איר הענטל און דריקנדיק אים וואַרעם זיין האַנט, האָט זי אים איינגעלאַדן ער זאָל זיך זעצן אַנטקעגן איר.

טויזנט דאַנקבאַרקייטן האָט ער געפילט צו איר, פאַר איר נישט ברוגזן זיך צוליב זיין פאַרשפּעטיקונג; ער האָט איר דערפאַר געוואָלט קושן איר הענטל, אָבער עפּעס האָט ער זיך נאָך נישט געטרויט אויף אַזוי פיל, האָט ער בלויז וואַרעמער געדריקט איר הענטל און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער צוגעהאָלפן מיט אַ גלעט און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

דער קעלנער איז ווייסן גאַלאַ־טראַכט איז צוגעקומען און מיט אַ טיפן פאַרבייג געפרעגט וואָס מען ווינטשט און דאָן סאַמועל האָט אָנגעשטעלט זיין בליק אויף זיין דאַמעלע; ניין, זי וויל מער גאָרנישט; זי טרינקט אַ קאָקאַ־קאָלאַ, דאָס איז איר ליבסטער קאַלטער געטראַנק און זי האָט גענוג, אָבער ער, ער דאַרף באַשטעלן אַ פיינעם „אַפּעריטיוו" און טרינקען פאַר איר געזונט...

דאָן סאַמועל איז אָבער נישט געווען איינשטימיק; אויב ער האָט שוין דערלעבט צו זיצן אין איר געזעלשאַפט, קען מען עס נישט אָפּקומען אָט אַזוי־אָ, מיט אַ קאָקאַ־קאָלאַ — וויסקי!... — האָט ער באַפוילן דעם קעלנער וועלכער האָט זיך ערשט איצט אויסגעגלייכט און געגאַנגען ברענגען דאָס באַשטעלטע.

— איר ווילט מיך אָנשיכורן און דאָס איז נישט שיין פון אייך... האָט זי אים געפּרווּוט פאַראוואַרפן, נאָר באַלד באַגלייט דעם פאָרוואָרף מיט אַ שעל־מישן שמייכל: — שוין, ביים ערשטן מאָל זען זיך, איך ווייס נאָך אַפילו נישט אייער נאָמען און איר ווילט מיך שוין אָנשיכורן... נו, גוט, איך וועל טרינקען מיט אייך פאַר אייער געזונט... איך וויל, אַז איר זאָלט זיין צופרידן פון אייער באַקאַנטשאַפט מיט מיר, פּונקט אַזוי ווי איך בין צופרידן וואָס איך האָב זיך מיט אייך באַקענט פערזענלעך...

אירע ווערטער וואָס זענען באַגלייט געוואָרן פון אַזעלכע אויסערגעוויינ־לעך אָנגענעם־זיסע בליקן, האָבן אים ווי צעשרויפט די געדאַנקען און ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל אָנהייבן זאָגן, האָט ער גענומען שטאַמלען עפּעס אַ פראַזע וועגן גליק און צופרידנקייט וואָס גייט איבער די ראַנדן פון יעדער דערוואַרטונג און כדי זי זאָל וויסן ווי עס פרייט אים די באַקאַנט־שאַפט, זאָגט ער איר, אַז זיין נאָמען איז דאָן סאַמועל, אַזוי און אַזוי און ער וועט זיין זייער גליקלעך, ווען זי וועט אים אויך זאָגן איר נאָמען...

— מיין נאָמען איז פלאָראַ... און כדי, איר, דאָן סאַמועל, זאָלט וויסן אַלץ, זאָג איך אייך שוין, אַז איך בין צוויי יאָר נאָך מיין חתונה מיט מיין יונג בחורל, וואָס וואָלט זיך נאָך געווען באַדאַרפט האַלטן ביי זיין מוטערס פאַרטוך כאָטש נאָך עטלעכע יאָר, ווייל ער פירט זיך אויף קעגן מיר, כמעט ווי אַ נאַריש אומדערפאַרן סטודענטל....

זי האָט גערעדט שנעל און מיט געלעכטער און מיט אַזעלכע ליבעפולע בליקן צו אים, אַז ער האָט דערפילט ווי אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט ריזלט

און לויפט אום איבער זיין גאַנצן קערפּער און אין דעם מאָמענט, ווען עס איז גראָד אויסגעקומען אַז ער זאָל עפּעס אָפּענטפערן און ער האָט נישט געוווּסט ביי וואָס אָנצוהייבן, איז צוגעקומען דער קעלנער און זיך גענומען פּאָרען ביים אַרויסשאָקלען דעם ביטערן שאַרפן געטראַנק פון דער פלאַש אין דעם זילבערנעם מאָס־בעכערל אַריין און דאָס האָט אים געראַטעוועט פון זיין פאַרלעגנהייט.

— פאַר אייער געזונט, דאָן סאַמועל!

— פאַר אייער געזונט, סעניאָריטאַ פלאָראַ!...

— נישט סעניאָריטאַ, נאָר סעניאָראַ, — האָט דאָס שיינע ווייבעלע מיט אַ קאָקעטיש געלעכטערל אויסגעבעסערט און אָנגעקלאַפּט איר גלאָז אָן זיי־נעם און ביידע האָבן גלייכצייטיק גענומען די גלעזער צו די ליפּן, נאָר בעת זי האָט בלויז אַראָפּגעזופּט קוים איין שלוק און אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז, האָט ער, מעשה לעבע־מענטש, ביי וועמען עס איז נישט קיין נייעס אַריינצו־כאַפּן אַ געשמאַקן וויסקי, אַ זופּ אַראָפּגעגעבן אַ גרעסערע העלפט פון דעם הויכן קרישטאָלענעם גלאָז און ער האָט זיך געמוזט אָנשטרענגען צוריקצו־האַלטן דעם הוסט וואָס האָט אים גענומען שטיקן אין האַלדז.

אין דער אמתן, האָט דאָן סאַמועל שוין לאַנג־לאַנג נישט געטרונקען קיין שאַרפע געטראַנקען; קיין טרינקער איז ער קיינמאָל נישט געווען, אָבער אַ גלעזל שנאַפּס ביי אַ געלעגנהייט, האָט ער יאָ געטרונקען, נאָר זינט דער אָטעם האָט אים אָנגעהויבן דערקוטשען, האָט ער נישט געוואַרט אויף דער עצה פון דאָקטוירים, נאָר זיך אַליין אויסגעהיטן פון די שאַרפע געטראַנקען און טאָקע דעריבער, האָט דאָס ראַפּטום־אַראָפּגעזופּטע האַלבע גלאָז וויסקי באַלד אָנגעהויבן ווירקן אויף אים.

צוערשט, האָט די קאַלטקייט פון דעם אייזיקן טרונק אָנגעהויבן ווירקן אויף אים אויסניכטערנדיק. מאָמענטאַן האָט ער זיך ווי דערמאָנט, אַז ער גע־פינט זיך דאָ אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ מיט אַ פרעמדער פרויקע וואָס איז אפילו נישט קיין העלפט אַזוי אַלט ווי ער און ער ווייסט, אַז אַזאַ מין פּאָרל ציט אַלעמאָל צו אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און ווער ווייסט צי עס געפינט זיך נישט אין דער קאָנפיטעריע עמעצער פון זיינע באַקאַנטע און ער האָט זיך פלוצים אָנגעהויבן אומקוקן איבער דער גאַנצער גרויס פון סאַלאָן; אָבער די שוואַרץ־אויגיקע סעניאָראַ פלאָראַ האָט זיך שנעל געכאַפּט וואָס זיין אומ־קוקן זיך באַדייט און זי האָט אַ נעם געטון זיין האַנט אין אירער, און פאַרזי־כערט אים, אַז דאָ, אין דעם ווינקל, פאַרשטעלט הינטער דער „קאָלומנע", קען זיי קיינער נישט אָבסערווירן; זי האָט אָפּגעזוכט דאָס פּלאַץ, ווייל זי וואָלט אויך נישט געוואָלט, אַז עמעץ זאָל זי דאָ זען זיצן מיט אַ פרעמדן מאַן...

אַריבער די אויסניכטערונג וואָס דער קאַלטער טרינק האָט אים גע־בראַכט, האָט באַלד די שאַרפקייט פון דעם געטראַנק זיך אָנגעהויבן צו צע־

שפּילן אין זיינע אָדערן און שנעל פאַרוואַנדלט די קעלט אין היץ און דאָס ווייבעלע האָט אים געעצה'ט, ער זאָל מער נישט טרינקען, ער זאָל בעסער פאַרזופּן מיט אַ גלאָז סאָדאַ; נאָר איר עצה האָט אים צערייצט און ער האָט דווקא געוואָלט באַווייזן ווויל־יונגערישקייט און אויסרופנדיק נאָכאַמאָל: — צום געזונט סעניאָריטאַ פלאָראַ! — האָט ער אויסגעטרונקען דעם גאַנצן רעשט פון גלאָז.

פלאָראַ האָט אים אַ פּעטשל געטון אויף דער האַנט; — מיין „גואַפאַ", מיין אויסגעצייכנטער פריינט!...

דעם דאַן סאַמועל איז געוואָרן הייס און די היץ האָט אַרויסגעשלאָגן מיט אַ רויט־קייט איבער זיין פּנים, האַלדז און נאַקן און עפּעס איז אים ענג געוואָרן דער פּלאַץ אין דעם ברייטן פאָטעל אין וועלכן ער איז געזעסן און ער האָט זיך געמאַכט באַקוועמער און נישט באַמערקנדיק אפילו אַז אויך זי האָט אַ רוק געטון מיטן שטול, האָט ער פלוצים דערפילט, אַז אירע קני האָבן אונטער דעם פאַרדעקטן טישל באַרירט זיינע קני און איבער זיין קער־פּער איז ווי דורכגעלאָפן אַן עלעקטרישער שטראָם און ער האָט אַ כאַפּ געטון איר הענטל און עס אָנגעהויבן קושן...

פלאָראַ האָט מיט אַ גראַציעזע באַוועגונג געמאַכט אַז איר הענטל זאָל זיך אַרויסגליטשן פון זיינע הענט, איר פּנים האָט נאָך אַלץ ליבלעך גע־שמייכלט צו אים, אָבער עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן מערקן דערויף סמנים פון באַזאָרגטקייט און באַהאַלטענע מורא און זי האָט זיך פלוצים דערמאָנט, אַז זי מוז שוין גיין, עס איז שוין שפּעט, זי איז נאָר געקומען אויף אַ ווײַלע, ווייל זי האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט אים און זי פרייט זיך וואָס ער איז געקומען, זיי וועלן זיך נאָך קענען זען, נאָר איצט מוז זי שוין גיין, ווייל זי דאַרף העלפן פאַרפּאַקן דעם מאַנס זאַכן, ער פאָרט מאָרגן אַוועק און ווער ווייסט ווי לאַנג זי וועט אַזוי דאַרפן בלייבן איינע אַליין...

זי האָט גערעדט שנעל און כסדר האָבן זיך געענדערט די מינעס אויף איר שמייכלענדיקן פּנים; אָט האָט עס אויסגעזען אַז זי איז צופרידן וואָס דער מאַן פאָרט אַוועק און אָט האָט ווי אַראָפּגעטרויערט פון איר פּנים אַ שאָטן פון בענקשאַפט, אָבער פון אירע אַלע רייד, האָט דאַן סאַמועל בלויז אויפגעכאַפּט דאָס וויכטיקסטע, אַז פלאָראַ בלייבט אַליין, אַז איר מאַן פאָרט אַוועק און אַז אויב ער וויל, קען זי אים דאָ אָפּוואַרטן שבת אינדערפרי פּינקטלעך עלף אַזייגער, נאָר ער זאָל קומען אין צייט...

צי ער וויל זי זען, דאָס האַרץ זיינס איז אַזוי אָנגעפילט מיט גליק און דער קאָפּ איז נאָך פולער... יאָ, ער וויל זי זען, ער וועט אַ סך בענקען ביז שבת... ער וועט זיין פּונקט ווען דער זייגער וועט אויסשלאָגן עלף... ער פאַרזיכערט איר, אַז זי וועט נישט באַדויערן איר באַקאַנט ווערן מיט אים און ער גיט ווידער אַ כאַפּ איר הענטל צום קושן, אָבער זי ציט עס פלינק צוריק,

זי שטייט אויף, גיט אים שנעל אַ זאָג, אַז עס איז בעסער זי זאָל אַרויסגיין פריִער. זאָל מען זיי נישט זען צוזאַמען... געזעגנט זיך מיט אים און שוועבט אַוועק לענג אויס דעם סאַלאָן ביז זי פאַרשווינדט.

עס קומט צו דער קעלנער מיט אַ זילבערן טעצל אויף וועלכן עס ליגט די רעכענונג און ערשט איצט כאַפּט זיך דער דאָן סאַמועל, אַז אין איילעניש ביים איבערטון דעם אָנצוג, האָט ער פאַרגעסן מיטצונעמען זיין אָנגעשטאָפּטן טייסטער און ער האָט איצט נישט מיט זיך מער ווי עטלעכע ניקל־מטבעות וואָס ליגן אין דעם קליינעם קעשינקעלע פון זיין בלוזע...

## פערטער קאַפּיטל

# באַרג אַראָפּ

### 1.

שווערע טעג און נאָך שווערערע נעכט האָבן ווי אַריבערגערעדערט איבער מאַטילדעס געמיט און איבערגעלאָזט דערויף ווייטיקלעכע סימנים.

זי האָט ממש אָנגעהויבן ווערן אויס מענטש.

עס קען זיין, אַז ווען זי זאָל זיך קענען אויפברויזן, אויסשרייען זיך אויף עמעצן אָדער לכל־הפחות אויסוויינען זיך און אַראָפּוויינען דעם ווייטיק פון האַרצן, וואָלט איר לייכטער געוואָרן און אין די מאָמענטן פון אַזאַ דער־לייכטערונג, וואָלט זי אפשר באַוויזן צוצוטראַכטן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ראַטעווען איר שלום־בית און ראַטעווען אויך דאָס גאַנצע הויז־געזונט פון חרפּות און בושות; אָבער, מאַטילדע איז נישט געווען פון די פרויען וואָס קענען זיך באַנוצן מיט קריגערייִ און זידלערייען אַלס וואָפן, ווייל אין הויך וואָרט, איין געשריי פון איר מאַן, איז גענוג געווען אַז זי זאָל שוין שווייגן דעם גאַנצן טאָג, דריקן אין זיך דעם ווייטיק און די זאָרגן און שווייגן, שווייגן...

מאַטילדע איז געווען אַ פּשוטע ערלעכע און אַרבעטזאַמע פרוי. אַ גאַנץ לעבן, שוין אַ דריי־צענדליק יאָר ווי זי האָט מיטגעמאַכט אַלע ליידן און פריידן צוזאַמען מיט איר שמואלן, זי האָט צוזאַמען מיט אים געאַרבעט ביז אין די שפּעטע נעכט, אַפילו אין די וואָכן פון הויכער שוואַנגערשאַפט, האָט זי געהאָלפן דעם מאַן אויספּאַרטיקן די באַשטעלונגען און ווען עס האָט אָנ־געהויבן גיין בעסער און בעסער, האָבן זיי ביידע, סאַמועל און זי, ביידע האָבן גלייך גענאָסן פון די פריידן פון לעבן; גלייכע שותפים זענען זיי געווען צו אַלץ וואָס זיי האָבן צוזאַמען געשאַפן און די קינדער זענען געוואַקסן און די פרייד פון טאַטע־מאַמע איז מיטגעוואַקסן און צוזאַמען האָט מען געפּראַוועט

די תנאימס ביי די קינדער און דערנאָך חתונות און דאָס גאַנצע לעבן גלייך אויף גלייך; נישט זי האָט זיך געהאַלטן גרעסער פון שמואלן און שמואל, אַפילו שוין שפּעטער, ווען ער איז שוין געוואָרן דער רייכער דאָן סאַמועל, האָט זיך קיינמאָל נישט געהאַלטן גרויס פאַר איר, פאַרקערט, ער האָט אַלע־מאָל דערמאָנט, אַז נאָר אַ דאַנק איר געטריישאַפט, האָט ער באַוויזן צו דער־גרייכן אַ גוט לעבן...

און פּלוצים... עס שפּאַלט זיך איר ממש דער מוח; זי קען בשום־אופן נישט פאַרשטיין וואָס מיט אים איז געשען און ווען זי פּרוווט זיך בעטן ביי אים, אַזוי ווי ביי אַ קראַנק קינד, זאָג מיר, וואָס טוט דיר ווי, ווערט ער באַלד אָנגעצונדן און ער הייבט אָן צו איר רעדן אַזעלכע רייד, וואָס זי האָט קיינמאָל פריִער פון אים נישט געהערט און נישט וועלנדיק אים נאָך מער צערייצן, פאַרדריקט זי איר ווייטיק און זי שווייגט.

אויך וויינען טאָר זי נישט. נעכטן, ווען זי האָט נישט געקענט אַזוי לייכט אַראָפּשלינגען זיינס אַ זידל־וואָרט, און זי האָט זיך צעוויינט, איז עס שיעור נישט געקומען צו אַ טראַגעדיע; ער האָט זיך גענומען שלאָגן אין קאָפּ מיט ביידע פויסטן און זי האָט פּשוט מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך אַ מעשה אָנ־טון... האָט זי זיך ווי אַ פאַרשוילדיקט הינטל צוריקגעצויגן אין אַ ווינקל, גע־בליבן ווי איינגעשרומפּן און שטיל, ביז ער האָט זיך באַרויִקט און אַוועק אָן אויסגעפּוצטער פון שטוב...

דורך עטלעכע וואָכן זינט מאַטילדע האָט אָנגעהויבן באַמערקן די ענ־דערונג וואָס איז פאַרגעקומען מיט איר מאַן, איז זי ממש אויס מענטש און זי פילט, אַז אויב זי וועט זיך נישט אָנטון אַ כוח אַז זי זאָל עפּעס טון, וועט דאָס אַלץ, אַלץ וואָס זי האָט דאָ געהאָלפן שאַפן און בויען, צוזאַמענקראַכן און פאַלן אויף איר קאָפּ און זי באַגראָבן אונטער די חורבות פון דעם אויס־געפּראַצעוועטן אייגנטום...

.2

צוויי טעג מיט צוויי נעכט האָט מאַטילדע געהאַט פריי, פאַר אירע טרערן און פאַר אירע האַלב־וואַכעדיקע חלומות.

דאָן סאַמועל האָט באַדאַרפט דרינגענדיק אַרויספאָרן „צוליב געשעפט", ער האָט זיך מיטגענומען צוויי אַנציגער און דריי עכט־זיידענע קראַוואַטן און נאָך זאַכן, וואָס האָבן אַפילו דער פראָסטער תמימותדיקער מאַטילדען גע־שריגן ווי אין פּנים אַריין, אַז „צוליב געשעפט" איז נאָר אַ נאַרישער תירוץ און דאָס אַוועקפאָרן זיינס, האָט שוין איצט פאַר איר געדינט ווי אַ זיכערער באַווייז, אַז ער האָט זיך געמוזט עפּעס „אויסגליטשן", — „פּאָניוכען זיך, מיינע שונאימס קעפּ, אויף דער עלטער"...

ערשט איצט, אַבי מאַטילדע איז געקומען דערויף, אַז סאַמועל האָט זיך

געמוזט „פּאַניוכען״, האָט זיך אין משך פון די צוויי טעג בלייבן אַליין, גע־שטאַרקט איר איבערצייגונג אַז עס איז אַזוי, אַז ער, איר מאַן, האָט געמוזט אַריינפאַלן אין דער נעץ פון עפּעס אַ פאַרפירערן און אויב מען וועט אים נישט באַצייטנס אַרויסראַטעווען פון אירע נעגל, ווער ווייסט צו וואָס עס קען דערפירן...

שוין לאַנג ווי זי האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זי זאָל זיך איצט נישט פאַרטרויען פאַר די קינדער; זי קומט דאָך צו זיי, כמעט יעדן טאָג באַ־זוכט זי אַן אַנדער קינד, זי שעפּט נחת ווען זי שפּילט זיך מיט די אייניקלעך און די קינדער זעען דאָך אַז זי איז נישט די זעלבע, אַז זי קומט אַ פאַרטרויער־טע און זיי פרעגן זי, זיי האָבן מורא פאַר איר געזונט און זי דרייט נעבעך מיט דער צונג, זי וויל נישט, זי שעמט זיך פאַר די קינדער, זי וויל נישט קליין־מאַכן זייער פאָטער אין זייערע אויגן און דאָס אַליין קאָסט דאָך זי אויך אַזוי פיל געזונט... אָבער איצט, ווען זי זעט שוין די געפאַר אַזוי בולט, ווען זי ווייסט שוין אין וואָס די געפאַר באַשטייט, קען זי נישט און זי טאָר מער נישט שווייגן, זי וועט צונויפרופן די קינדער און וועט זיי זאָגן, קינדער, איר זאָלט וויסן, אַזוי און אַזוי...

טראַכטנדיק וועגן דעם ווי אַזוי זי וועט דאַרפן זאָגן די קינדער, שלאָגט אַרויס אַ היץ אויף איר פּנים, זי פילט, אַז דאָס גאַנצע בלוט אירס הייבט זיך הענדום־פּענדום פון איר גאַנצן קערפּער און לויפט דורך אַלע אָדערן אַרויף, צום קאָפּ, דער קאָפּ ווערט איר פול און שווער און זי מוז זיך אַוועקזעצן אָפּרוען, גאָרנישט טראַכטן, נאָר אָפּרוען, שווייגן און רוען...

אַז איר שכל קען גאָר אַזוינס נישט באַנעמען!... זי ווייסט, עס טרעפט אַז אַ טאַטע קלאָגט צו די קינדער פאַר דער מאַמען אָדער פאַרקערט, אַ מאַמע באַקלאָגט זיך פאַרן טאַטן, אַז די קינדער פאָלגן זי נישט... אָבער אַ מאַמע זאָל זיך קלאָגן פאַר די קינדער קעגן זייער טאַטן?... ווי, ווי, זי ווייסט דאָך אַפילו נישט גענוי ווי אַזוי און אויף וואָס זי זאָל זיך פאַר זיי באַקלאָגן און אפשר וועלן זיי איר גאָרנישט גלייבן, זיי וועלן זי אויסלאַכן און נעמען חושד זיין, אַז אויף דער עלטער האָט זי זיך גענומען איינרעדן אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז, און זי מאַכט זיך נאַריש מיט אומבאַגרינדעטע אייפערזוכט...

פאַר איר, פאַר מאַטילדען, איז עס נישט קיין אייפערזוכט, נאָר אַ מורא פון דעם פּראַקטישן פּראָסטן מענטשן, אַז די בריק אויף וועלכער ער באַוועגט זיך, זאָל זיך נישט איינברעכן... זי האָט גענומען פילן און דערנאָך האָט זי אויך גענומען זען, אַז זי גייט אויף אַ בריק פון אייז, וואָס האַלט אין שמעלצן און אָט־אָט און זי וועט זיך איינברעכן אונטער אירע פיס און זי מוז עפּעס טון אום זיך צו ראַטעווען און נישט נאָר זיך, נאָר די גאַנצע משפחה; נאָר ווי אַזוי?...

דאָן סאַמועלס איצטיקע אָװעקפאָרן אויף צװיי טעג מכלומרשט „געשעפטלעך", האָט מאַטילדען געעפנט די אויגן און זי האָט שוין גוט געזען איר גרויסן בראָך...

.3

די צװיי טעג װאָס מאַטילדע איז, נאָך אַזוי פיל יאָרן צוזאַמענלעבן מיט איר מאַן, געבליבן איינע אַליין, האָבן איר אָנגעהויבן קלאָר מאַכן אַ סך זאַכן.

זי האָט געהאַט גענוג צייט און זי האָט גענומען צוריקקוקן צו די פאַרגאַנגענע טעג, זי האָט זיך מיטן געדאַנק אָפּגעשטעלט אויף יעדע איינצלהייט װאָס האָט איר געקענט צוגעבן אַביסל קלאָרקייט פאַר איר סיטואַציע און כאָטש זי האָט שוין איצט די הונדערט־פּראָצענטיקע זיכערקייט, אַז אַ פרוי האָט זיך װי אַ שלאַנג אַריינבאַקומען אין איר לעבן און זי װיל עס פאַרגיפטן, האָט זי אָבער בשום־אופן נישט געהאַט קיין אָנונג, װער די שלאַנג איז, װוּ האָט זיך סאַמועל מיט איר געקענט טרעפן און װי אַזוי האָט דאָס די שלאַנג באַװיזן אים אַזוי צו פאַרכישופן, אַז ער זאָל זיך אָנהייבן פּוצן װי אַ יינגעלע און זיך מאַכן לעכערלעך מיט זיין „אויסשטרוצלען זיך" מיט די נייע אַנצוגן, מיט פּערפומירטע טאַשנטיכלעך און מיט שפּילן דעם קאַװאַליר...

דאָן סאַמועל האָט פּאַקטיש פאַר זיין װייב קיינמאָל נישט געהאַט קיין סודות; זי האָט געװוּסט מיט װעמען ער האָט גערעדט און װער עס האָט אים פאַרבעטן און זי האָט אויך געקענט די אַלע פרויען פון זיינע פריינט און זי האָט זיך בשום־אופן נישט געקענט באַשליסן צו װאַרפן די שולד, אָדער בלויז כאָטש חושד זיין איינע פון זיי, אַז זי איז דאָס די פאַרפירערין װאָס האָט איר מאַן פאַרכישופט...

אָפּשטעלנדיק זיך אויף די איינצלהייטן פון פריערדיקע טעג, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז איר אומגליק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן נאָכדעם װי זיי האָבן זיך אַריינגעקליבן אין דער נייער דירה, אין דעם באַקװעמען דעפּאַרטאַמענטל און נישט געפינענדיק קיין שולדיקע פון פריער, האָט זי אָנגעהויבן נאָכטראַכטן און נאָכזוכן עפּעס אַזוינס װאָס זאָל איר געבן אַן אָנהאַלט פאַר אַ חשד, אָבער זי האָט אַזאַ אָנהאַלט נישט געפונען.

ערשט די צװייטע נאַכט װאָס זי איז אַליין, װען זי האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, האָט איר עפּעס אַ געדאַנק אַ שלאָג־געטון אין קאָפּ אַריין און װיפל זי האָט געװאָלט דעם געדאַנק פאַרטרייבן, האָט ער זי אַלץ מער גענומען באַהערשן, ביז זי האָט זיך אַ ריס־געטון פון בעט, אַראָפּגעשפּרונגען און צו צום פענצטער.

לאַנג איז מאַטילדע געשטאַנען און אַריבערגעקוקט צום אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער, דאָרט איז געװען פינצטער און קיין שום צייכן פון לעבן האָט זיך פון דאָרט נישט געװיזן... נעכטן, איז דאָ אויך געװען פינצטער... אָבער

אין די פּרי:ערדיקע נעכט איז געווען ליכטיק: זי האָט דאָרט געזען די יפה־פיה...

— טאַטע זיסער אין הימל!...

זי איז צוריק צו צום בעט, אַריינגעוואָרפן זיך און אַ קעלט האָט אָנגעהייבן מיט איר צו טרייסלען.

מאַטילדע האָט נישט געהאַט קיין שום באַוויז און אַפילו נישט קיין שום אָנדייטונג, אַז די שכנה פון דאָ קעגנאיבער זאָל האָבן עפּעס אַ שייכות צו איר אומגליק, אָבער דער פאַקט, וואָס זי האָט יעדע נאַכט דאָרט געזען ליכט און גראָד אין די צוויי נעכט וואָס איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן איז דאָרט פינצטער, קען דאָך זיין אַז זי איז אויך געפאָרן און...

די פּרי:ערדיקע קעלט האָט זיך אַזוי ווי פּלוצים אין מאַטילדען פאַרוואַנדלט אין היץ. אַ שווייס האָט איר אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן; אירע בליקן זענען געווען געווענדט צום פענצטער און דורכן פענצטער צום אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער, וווּ עס וווינט די יונגע שכנה און וועלכע איז נישט אינדרהיים פונקט דעמאָלט, ווען איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן „געשעפטלעך"... אָ, עפּעס איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג! מאָרגן וועט מען עס שוין זען. מאָרגן וועט סאַמועל זיין צוריק, וועט מען זען צי די יפה־פיה דאָרט, וועט אויך זיין צוריק...

ערשט שפּעט פאַרטאָג איז מאַטילדע איינגעשלאָפן און אין חלום האָט זי זיך געזען אַלס מיידל; זי איז עפּעס מיט אַן עקסקורסיע אויף בערג. מען דראַפּעט זיך אַרויף העכער און העכער, דער אָנפירער וואָרנט אַז מען זאָל זיין פאָרזיכטיק און אַז אויב איינער פאַלט, זאָל ער זיך נישט אָנכאַפּן אָן צווייטן, כדי נישט מיטצורייסן אויך אַ צווייטן קרבן... און אָט איז זי אויפן שפּיץ באַרג... מ'זעצט זיך אָפּרוען...

...זי קוקט אויף אַלע זייטן און אָט זעט זי ווי איינער פון איר גרופּע האָט זיך אַ גליטש־געטון אויף אַ פעלדז און ער האָט אָנגעהויבן פאַלן... צוערשט, האָט ער זיך פּאַמעלעך געגליטשט פון איין פעלדז צום צווייטן, ער האָט געפּרווט זיך אָנכאַפּן אָן שטיינער, וועלכע האָבן אָבער לייכט נאָכגעגעבן און זיך גענומען מיטקייקלען מיט אים און אָט האָבן דעם פאַלנדיקן שוין אויסגעפעלט כוחות צו דערכאַפּן זיך אָן עפּעס און ער האָט זיך אָנגעהויבן קייקלען שנעלער און שנעלער און עס איז שוין פאַר אים נישט געווען מער קיין אָפּהאַלט, דאָס קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ איז ביי אים געווען אין פולן אימפּעט און דער פאַלנדיקער האָט זיך שנעל דערנענטערט צום אָפּגרונט...

מאַטילדע האָט זיך שנעל אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

זי האָט זיך שנעל צונויפגענומען, זי האָט שוין געהאַט איר באַשלוס:

איר סאַמועל קייקלט זיך פון באַרג, אָבער ער קייקלט זיך נישט אַליין, נאָר ער שלעפּט מיט אַ ווייב מיט ליכטיקע קינדער און אייניקלעך און מען

מוז אים ראַטעווען! מען מוז! זי וועט אויסטאָן דאָס „שעם־היטעלע", זי וועט לויפן צו די קינדער און זיי וועלן איר מוזן העלפן ראַטעווען דעם טאַטן און די גאַנצע משפחה וואָס קייקלט זיך באַרג־אַראָפּ...

פינפטער קאַפּיטל

## ווי אַ פליג צום פייער...

.1

די „געשעפטלעכע רייזע" וואָס דאָן סאַמועל האָט געמאַכט מיט זיין שיי־נער יונגער שכנה וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס פלאָראַ, איז פאַר דעם דאָן סאַמועל גאָרנישט געווען קיין לוינבאַר געשעפט...

דער אַלעמאָל קלוגער דאָן סאַמועל, דער אויסגערעכנטער קאָמערציאַנט און אונטערנעמער, האָט לגבי דעם קליינעם שלאַנקן גראַציעזן ווייבעלע פאַרגעסן אַלע געשעפטלעכע אויסרעכענונגען: זי איז פאַר אים אויפגעלויכטן מיט אַ ליכטיקייט פון אַזאַ גרויס גליק, וואָס לאָזט נישט טראַכטן, וואָס לאָזט נישט קיין פלאַץ פאַר אַ ברעקל צווייפל, וואָס האַלט אין כסדרדיקן שיכרות וואָס מאַכט פאַרגעסן ווו מען האַלט אין דער וועלט...

גענוג לאַנג, עטלעכע וואָכן האָט עס געדויערט, ביז זיי האָבן די רייזע אויסגעפּלאַנט; זיי האָבן זיך שוין אַ סך מאָל געטראָפן סיי אין „עספּלענאַד" און סיי אין אַנדערע קאָנפיטעריעס; אין „עספּלענאַד" זענען זיי געזעסן אין „זייער" ווינקל הינטער דעם גרויסן זייל וואָס האָט זיי כמעט אינגאַנצן פאַר־שטעלט פון די איבעריקע געסט.

גענוג לאַנג האָט עס געדויערט ביז זיי האָבן אָפּגעשמועסט די רייזע; דאָס מאַדאַמעלע האָט פאַרשטאַנען די קונץ ווי אַזוי צו שאַפן דעם סטימול טראָפּנווייז און אַזוי ווי אַ זאַמד־זייגער, וואָס לאָזט אַרויס פון דעם גלעזער־נעם רעסאָרט צו איינציקע שטויבעלעך זאַמד און דערמיט רוקט זיך די שעה ווייטער און ווייטער, אַזוי האָט פלאָראַ פאַרשטאַנען טראָפּנווייז צו פאַרפעס־טיקן און פאַרשטאַרקן די ליידנשאַפטן וואָס זי האָט באַוויזן אָנצוצינדן אין דעם געמיט פון דעם קנאַפּ זעכציק־יאָריקן דאָן סאַמועל.

זי האָט עס געמאַכט אַזוי, אַז נישט זי, נאָר ער איז עס געווען דער, וואָס האָט געמאַכט אַלע פאָרשלאָגן און זי האָט זיי מכלומרשט געפּרווט צו־ריקווייזן, צוריקווייזן ווי אַן אוממעגלעכקייט, ווייל זי האָט מורא, זי האָט אַ מאַן; אמת, ער איז ווי אַ נאַריש יינגעלע, אָבער דאָך, — איר מאַן! און, אגב, אגב, דאַרף ער געדענקען אַן זיך אויך, ער האָט דאָך אַ ווייב, פאַמיליע... און

ווי גוט זי פילט זיך אין זיין געזעלשאַפט, טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסן ווו מען געפינט זיך, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט...

פאַר אירע קלוגע ווערטער, האָט ער איר אָנגעכאַפּט אַ הענטל און עס צוגעצויגן צו זיינע ליפּן און געקושט, געקושט ווי מיט אַ הייליקן דורשט און פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעשטראַלט צו איר אַזאַ טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר איר גוטסקייט צו אים און פאַר איר גרענעצלאָזער חכמה, וואָס זי ווייסט און פאַרשטייט אַזוי זיין מצב און וואָס זי נעמט זיך אַזוי איבער מיט די אַלע איינצלהייטן וואָס קענען אַמאָל ברענגען אומאַנגענעמלעכקייטן...

די ערשטע צייט פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט איר, האָט ער נאָך געהאַט מאָמענטן פון אומרו און צווייפל: ער איז נאָך נישט געווען אַזוי פאַרשיכורט און ער האָט געטראַכט, אַז דאָס וועט אויסגיין צו געלט, צו מתנות און עס וועט האָבן די ווערט...

אָבער מיט איר נישט וועלן אָננעמען פון אים גאָרנישט, אַפילו קיין קליין מתנהלע, האָט זי אים אינגאַנצן צעטומלט. ער האָט עס נישט געקענט און נישט געוואָלט גלייבן, אָבער זי האָט עס אים איבערצייגט; זי האָט צוריק־געוויזן יעדן אָנבאָט, איינמאָל מיט דעם תירוץ, אַז זי איז נישט פון די וואָס זוכן עמעצן אויסצונוצן... אַ צווייט מאָל, אַז זי נייטיקט זיך אין גאָרנישט, אַז זי האָט אַ מאַן וואָס פאַרדינט גענוג אויף צו געבן איר אַ גוט לעבן און אגב, האָט זי טאַקע מורא, אַז ער זאָל נישט פרעגן ביי איר, פון וואַנען זי האָט אַזעלכע זאַכן וואָס ער האָט איר נישט געקויפט... ניין, זי נעמט נישט קיין שום מתנה און זאָל ער וויסן, דער דאָן סאַמועל, אַז זי טרעפט זיך נישט מיט אים ווייל זי וויל אים אויסנוצן, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל ער איז אַן אינטע־רעסאַנטער מענטש, איר מאַן איז נאָך גאָר אַ יינגל און זי האָט ליב אַ מאַן, וואָס האָט שוין געזען אַ וועלט און ער האָט אַ סך לעבנס־דערפאַרונג און חכמה...

דאָן סאַמועל איז געווען אַנטציקט: — אַט־אַ־דאָס הייסט ערלעכקייט און אויפריכטיקייט!... ממש אַזוי אויפריכטיק ווי אַ קינד!...

ער איז געווען אַנטציקט פון זיין גליק און ער האָט נישט געזען און נישט געפילט ווי אַזוי זי האָט אים פּאַמעלעך אָבער זיכער, אַזוי אַריינגעצויגן און אַזוי פאַרשלייערט זיין געמיט, אַז ער האָט זיך אַפילו נישט געכאַפּט, אַז דאָס האָט זי דערפירט דערצו, אַז ער זאָל איר פאָרלייגן אַן אַרויספאָר כאָטש אויף אַ צווייטעג און ווען ער האָט עס איר פאָרגעלייגט, האָט דאָס דאַמעלע זיך געקווענקלט. זי האָט מורא, זי ווייסט נישט... זי האָט אויך מורא צוליב אים... אָבער סוף־כל־סוף, האָט זי מסכים געווען; יאָ, זי וועט פאָרן מיט אים, אָבער טאַקע נאָר צוליב אים, ווייל ער וויל עס אַזוי שטאַרק, נאָר איין זאַך זאָל ער וויסן, זיי וועלן דאָרט דאַרפן וווינען באַזונדער... קען זיין אין זעלבן האָטעל, אָבער אין באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטן... זיי דאַרפן זיך האַלטן אַזוי,

ווי עס פּאַסט פאַר אָנשטענדיקע מענטשן... און פאַר זיין צוזאָג, אַז ער וועט זיך פירן קעגן איר ווי אַ קאַבאַזשעראָ, האָט זי צוגעצויגן זיין האַנט צו איר פּנים און זי געצערטלט, גלעטנדיק זי מיט דער סאַמעט־זיידענער הויט פון אירע שיינע בעקלעך...

## .2

קיין סך פאַרגעניגן האָט דאָן סאַמועל פון דער רייזע נישט געגאָסן, אָבער געקאָסט האָט אים דער עסק — האָ־האָ! ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו מאַכן דעם גאַנצן חשבון!...

אָבער זייענדיק אין טראַנס פון זיין ווערלן זיך אויסשטעלן און אויספּיינען אַלס קאַוואַליר, האָט ער נישט געחשבונט; ער איז געווען גליקלעך און דאָס איז פאַר אים געווען אַלץ און ער איז גרייט געווען אויף אַלץ...

דורך די אַלע יאָרן וואָס ער איז אין אַרגענטינע, האָט דאָן סאַמועל שוין געמאַכט עטלעכע רייזעס, אָבער דאָס איז ער געפאָרן צוזאַמען מיט מאַטילדען, זיין ווייב.

צוויי מאָל איז ער געפאָרן מיט איר קיין קאַרהוע; צוליב איר איז ער געפאָרן, צוליב איר רעומאַטיזם. נו, האָט ער אין דעם קאַרהוע געהאַט אַ סך זאַלץ, אָבער עס האָט געפעלט דאָס „ביסעלע פעפער״, דאָס ביסל פּיקאַנטע, וואָס זאָל קענען אָנוואַרעמען אַ געמיט...

אַביסל בעסער איז שוין געווען אין לאַ־פאַלדאַ, אויף די הייכן צווישן די קאָרדאָבער בערג: — וואָס מיר בערג? ער האָט זיי בלויז געזען פונדער־ווייטן... גיי, פאַלג מיך אַ גאַנג... אינדערהיים אויף עטלעכע שטאָק טרעפּ, פּאָרט ער מיטן אַסענסאָר, וועט ער דאָ גאָר גיין קריכן אויף די בערג...

איז ער טאַקע אַ גאַנצן טאָג געזעסן און געשפּילט, אָדער אַ דאָמינאָ, אָדער אַן „אָקעלע״; נו, דאָס איז שוין געווען עפּעס... אָבער מאַטילדע האָט בסדר געהאַט גרויסע אויגן אויף אים... האָט ער געווינען, איז געווען ווייל און פיין און טאָמער חלילה פאַרשפּילט, האָט זי נאָר געבעטן ער זאָל שוין אויפהערן שפּילן...

דאָ, מיט דער שיינער פלאָראַ, האָט ער געהאַט גאַנץ אַנדערע דערפאַ־רונגען.

געפאָרן מיט דער שיינער לוקסוס־באַן, וואָס איידער מען קוקט זיך אַרום, איז מען שוין אין מאַר דעל פּלאַטאַ און דאָרט... דאָן סאַמועל מוז זיך מודה זיין, אַז ווען נישט אָט־אָ־דאָס קליינע פּרעכטיקע ווייבעלע, די פלאָראַ, וואָלט ער שוין אַזוי אויסגעלעבט זיינע פאַר יאָר אין בוענאָס־איירעס און ער וואָלט אַפילו נישט געוווּסט ווי אַ מאַר דעל פּלאַטאַ זעט אויס און וואָס דאָס איז אַזוינס די רולעטע, וועגן וועלכער ער האָט אַלעמאָל געהערט רעדן, נאָר ער האָט זי קיינמאָל נישט געזען און קיינמאָל נישט פאַרזוכט איר טעם...

די צוויי דעפּאַרטאַמענטלעך וואָס זיי האָבן פֿאַרנומען אין דעם לוקסוס־האָטעל, האָבן זיך געגרענעצט איינס מיטן אַנדערן און ערשט נאָכדעם ווי דאָן סאַמועל האָט איר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט זי נישט טשעפּען, אַז ער וועט האַלטן זיין צוזאָג צו זיין אַ קאַבאַזשעראָ, האָט זי אים אויסגעזאָגט, אַז דער שליסל פֿון דער טיר וואָס פֿאַרבינדטביידע דעפּאַרטאַמענטן, שטעקט אין טיר פֿון איר דעפּאַרטאַמענט...

זי האָט געוווּסט, דאָס קליינע ראַפֿינירטע ווייבעלע, ווי אַזוי צו צונדן דאָס געמיט פֿון דעם אַלטן דאָן סאַמועל און זי האָט עס געצונדן; און געצונדן האָט זי עס אויף אַזאַ אופֿן, אַז עס זאָל זיך נישט ראַפּטום צעצונדן און אַ פֿלאַקער אויף געבן, כדי שנעל אויסצוברענען אַזוי ווי שטרוי...

די שוואַרץ־האַריקע און שוואַרץ־אויגיקע פֿלאָראַ איז געווען פֿון יענע ווייבלעך, וואָס ווייסן ווי אַזוי צו פֿירן זייער „באַלעבאַטישקייט”; זי האָט גע־ווּוּסט ווי צו האַלטן דעם מאַן, אַזוי ווי אַ „טשאָלבט”, וואָס דאַרף געהאַלטן ווערן וואַרעם, אַפֿילו הייס, אָבער מען טאָר עס נישט לאָזן פֿאַרברענען...

און זי האָט אים געהאַלטן אין דער „בראַט־רער” און ער האָט זיך געבראָטן...

ביי יעדער געלעגנהייט, האָט זי אים געמאַכט גלייבן, אַז אָט־אָט, און ער וועט ביי איר דערגרייכן דאָס גרעסטע גליק וואָס מען קען דערגרייכן ביי אַ פֿרוי, אָבער ווי נאָר ער האָט עס טאַקע געוואָלט דערגרייכן, האָט זי זיך אַזוי צאַרט און דאַך, אַזוי פֿלינק, אַרויסגעדרייט פֿון זיינע הענט און דאָס גרויסע גליק האָט געלאָזן אויף זיך וואַרטן ביז אַ צווייטער געלעגנהייט...

האָט זיך דער דאָן סאַמועל געצאַפּלט אין דער דערוואַרטונג אויף דער נייער געלעגנהייט און אין די צאַפּלענישן האָט ער פֿאַרגעסן זיך אָפּצוגעבן חשבון און געלט איז געפֿלויגן מיט אַזאַ לייכטקייט, אַזוי ווי פֿעדערלעך אויפֿן ווינט און עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי דאָס מאַכן די הוצאות, וואָלט דעם דאָן סאַמועל אַזוי פֿאַרשיכורט, אַז ער זאָל וועלן מאַכן נאָך און נאָך הוצאות, אַזוי ווי אַ שיכור וויל טרינקען נאָך און נאָך אַ גלעזל...

די רויטע טעפּיכער און מאַלערייען אין די רולעט־סאַלאָנען, האָבן אים אַרומגעכאַפּט ווי מיט אַ פֿייערדיקן וויכער און מיט פֿלאָראַן ביי דער זייט, האָט ער געגומען ברענען אין אַ ווילדן אַזאַרט, וואַרפֿנדיק די טויזנטער אויף די אָנגעצייכנטע נומערירטע קעסטעלעך אויף דעם גרויסן גרינעם טיש און ווען פֿלאָראַ האָט געזען אַז עס „טאָגט” שוין ביי אים אין קעשענע, אַז ער גראַבלט דאָרט צו־לאַנג ביז ער שלעפּט אַרויס אַ באַנקנאָט, און אַז עס שלאָגט אים שוין אַרויס אַ שווייס אויפֿן שטערן, האָט זי זיך צו אים צוגעדריקט נאָענט, נאָענט און עס האָט אים אַ ברי־געטון די וואַרעמקייט פֿון איר קער־פּער און ער האָט זיך געלאָזן פֿון איר אַוועקפֿירן, אַרויס, אַרויס פֿון דעם רויטן גהינום, זיי זענען אַוועק צוריק אין האָטעל.

זי האָט אים געזוכט צו טרייסטן, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ווויל־יונגעריש. ער האָט ביי זיך זיין טשעקביכל און קיין געלט וועט אים נישט פעלן. ער וועט דאָ קענען טוישן זיינס אַ טשעק, ער וועט הייסן קלינגען טעלעפאָניש אין זיין באַנק...

אָבער טראָץ זיין ווויליונגערישקייט, האָט דאָס קליינע ראַפינירטע דאַמעלע געזען זיין פריטשמעליעטקייט, זיין ווישן זיך דעם שווייס וואָס איז נישט געוועזן פון היץ, נאָר פון אַנגסטן; זי האָט זיך אויך זייער שטאַרק „דורכגענומען" מיט זיין שווערן אָטעם און זי האָט עס געפילט ווי אַ הייליקע פליכט, אַז זי דאַרף אים איצט טרייסטן אין זיין שווערער שעה...

און פונקט דעמאָלט, ווען ער האָט שוין אין זיין האָטעל־צימער אָנגעהויבן קומען צו זיך פון זיין „הינערפלעט", ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסניכטערן, האָט ער דערהערט אַ מין שאָרכן פון יענער זייט טיר, פון דעם דערנעבנדיקן דעפּאַרטאַמענט. באַלד באַלד האָט זיך געהערט דאָס שליסן פון דער טיר און פאַר אים איז דערשינען די קליינע פּלאָראַ אין דער שיינער זיידענער „סאַלטאָ דע קאַמאַ" וואָס ער האָט איר ערשט היינט נאָכמיטאָג געקויפט אַלס קליינע מתנה...

מיט טויזנט רייצן האָט זי זיך צו אים דערנענטערט און ער, ווי ער וואָלט אין איר פּלוצים דערזען דעם איינציקן אָנהאַלט אין זיין לעבן, האָט ער זיך אַ וואָרף־געטון צו אירע פיס און געכאַפּט קושן די פלאַטערנדיקע פאַלע פון איר געבלימטן זיידענעם שלאָפראָק...

## זעקסטער קאַפּיטל

# זיין געוויסן וויינט פון שלאָף...

### .1

עס איז ווי אַן אָנגענומענער כלל, אַז יעדע גרעסערע אָפּווייכונג, יעדער פאַראַט קעגן די אָנגענומענע פאַמיליע־פּרינציפּן און פאַמיליע־מאָראַל ווערט פרי׳ער געזען, אָבסערווירט און קאָמענטירט פון דער גאַס, פון פרעמדע, פון אַלע אַרום, און די לעצטע, וועלכע דערוויסן זיך וועגן דעם פאַראַט, זענען די אייגענע, אייגנטלעך די, קעגן וועמען עס איז באַגאַנגען געוואָרן דער פאַראַט.

עס איז שוין כמעט נישט געווען קיין איינער פון די פריינט און באַקאַנטע פון דאָן סאַמועל, וועלכער זאָל נישט וויסן, אַז מיט דעם דאָן סאַמועל גייט עס גאָרנישט פויגלדיק; עס זענען געווען גענוג אויגן, וואָס האָבן געזען און אָבסערווירט די וועגן און די האַנדלונגען פון דאָן סאַמועל און אין די

קאַפּע־הייזער ביי טישלעך האָט מען געגוג לאַנג גערעדט וועגן זיינע ראַנדע־ווּוען אין דער קאַנפּיטעריע „עספּלענאַד״, ווו מען האָט אים דאָרט געזען זיצן אין דעם באַהאַלטענעם ווינקל מיט זיין לינקער יפה־פּיה, און מען האָט געגוג געחוזקט איבער דעם אַלטן שפּעט־געוואָרענעם דאַן זשואַן, וואָס האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ געפערלעכן שפּיל אַזוי ווי אַ פליג, וואָס דרייט זיך אַרום פייער, און מען האָט שוין אַפילו געוווּסט, וואָס פאַר אַ מתנות דאָן סאַמועל האָט שוין געקויפט פאַר דער קליין־געוואַקסענער שיינער „וואַמפּי־רעסע״; ווען און ווו ער האָט געקויפט די מתנות און וויפל ער האָט באַצאָלט פאַר זיי; די גאַס, די מענטשן אַרום, זיינע פריינט און באַקאַנטע און אין די קאָמערציעלע קרייזן, ווו ער פלעגט קומען, האָט מען אַלץ געזען און אַלץ געוווּסט און וועגן אַלץ קאָמענטירט, בעת מאַטילדע, דאָן סאַמועלס ווייב און זייערע קינדער האָבן נאָך געהאַלטן זייער מאַן און פאָטער פאַר דעם כשרסטן געטרייען פאַמיליען־מענטשן, וואָס וויסט אָפּצוהיטן זיינע מאָראַלישע פליכטן...

ווען ביי די טישלעך אין קאַפּע־הויז האָט מען געלאַכט און געחוזקט פון מאַטילדעס קאַרגשאַפט, וואָס זי האָט זיך אַלעמאָל קעגנגעשטעלט, ווען ער האָט זיך באַדאַרפט באַשטייערן פאַר אַן אינסטיטוציע; ווי זי האָט דאָס אָפּגעהיטן זיין גראָשן, ער זאָל, חלילה, נישט אַוועקגעבן צופיל, און איצט ווייסט זי אַפילו נישט, ווו עס פליסט אַרויס איר האָב און גוטס און אויף וואָס פאַר אַ נאַרישן אופן ער צעטרענצלט שווערע טויזנטער, אויף וועלכע נישט נאָר ער, נאָר אויך זי, מאַטילדע, האָט געהאָרעוועט לאַנגע יאָרן... אַפילו דעמאָלט, ווען מען האָט שוין גערעדט וועגן איר מיט אַ באַדויערן, וואָס איז אויך געווען געמישט מיט אַ היפּש ביסל נקמה־געפיל, אַפילו דעמאָלט האָט נאָך מאַטילדע פון גאָרנישט געוווּסט. אמת, זי האָט באַמערקט, אַז איר מאַן איז עפּעס גאָרנישט דערזעלבער; אַז ער האָט זיך עפּעס גענומען פּוצן, נאָר אויף אַזוינס האָט זי זיך גאָרנישט געריכט, און ערשט זיין אַוועקפאָרן אויף די צוויי טעג און איר פאַרדאַכט וועגן דער שכנה פון קעגנאיבער, האָט איר ווי געעפנט די אויגן און דעמאָלט האָט זיך שוין דער דאָן סאַמועל געפונען אַזוי פעסט איינגעקלאַמערט אין די נעגל פון שטן, אַז נישט נאָר עמעצנס אַריינמישונג, נאָר אַפילו זיין אייגענער קאַמף, זיינע אייגענע ראַנגלענישן מיט דעם שטן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין זיין האַרץ, האָבן נישט געהאַט דעם כח אים צו באַפרייען פון די פאַרכישופטע נעגל פון דער קליינער רייצנדיקער פלאָראַ...

## 2.

ווען אַ מענטש ליידט אויף אַ מחלה און ער ווייסט נישט, אין וואָס די מחלה באַשטייט, איז אים ערגער פון דעם, וואָס דער דאָקטער האָט אים שוין געשטעלט דעם ריכטיקן דיאַגנאָז.

היילן אַ קרענק קאָן מען נאָר, ווען מען ווייסט, אין וואָס זי באַשטייט און פיל פיינלעכער איז עס פאַר דעם קראַנקן, וואָס וואַרפט זיך אין אַלע זייטן אין די ווייטיקן און ער ווייסט נישט אויף זיכער. פאַרוואָס ער ליידט און פון וואָס און צוליב וואָס עס קומען אים די ווייטיקן.

מאַטילדע איז שוין געווען ווי זיכער, אַז די שכנה דאָרט איז די שול־דיקע אין איר אומגליק. אָבער דער פאַקט, וואָס נאָך סאַמועלס צוריקקומען איז דאָרט ביינאַכט געווען פינצטער און די צווייטע און דריטע נאַכט איז אויך געווען פינצטער, האָט זי אינגאַנצן דעזאָריענטירט און זי האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס אָנצוהייבן צו טון און וואָס זי זאָל איר מאַן פאָרוואַרפן און צי זאָל זי מאָביליזירן אירע קינדער, אַז זיי זאָלן איר קומען צו־הילף, אָדער נישט...

ווילאַנג זי האָט געגלייבט, אַז די שכנה דאָרט איז די שולדיקע, ווי שטאַרק דאָס האָט איר וויי־געטון, האָט זי אָבער געוווּסט, אין וואָס עס באַ־שטייט די געפאַר און ווו די געפאַר געפינט זיך, און זי האָט זיך געגרייט צום פאַרמעסט, צו קענען די געפאַר באַקעמפן. און אויב זי אַליין וועט עס נישט זיין בכח, וועט זי רופן די קינדער, די זין, די טעכטער, די שנורס און די איידעמס. און אַז עס וועט נאָך נישט זיין גענוג, וועט זי ברענגען די אייניקלעך, די קליינע אומשולדיקע מלאכימלעך, אפשר וועלן זיי זיין בכח צו עפענען דעם אַלטן נאַריש־געוואָרענעם זיידן די אויגן, אַז ער זאָל דערזען די בלאָטע, אין וועלכער ער איז פאַרקראָכן, און אַלע צוזאַמען וועלן אים העלפן אַרויסקריכן פון איר...

אָבער די דעזאָריענטאַציע האָט זי אינגאַנצן צעמישט. זי זעט דאָך פאָרט, אַז איר סאַמועל איז נישט דערזעלבער; ער איז בייז, ער לאָזט צו זיך נישט אויסרעדן קיין וואָרט, און זי פילט, אַז ער נייטיקט זיך אין הילף; אַז ער ראַנגלט זיך מיט עפּעס אַן אומזעבאַרן שונא און פונקט אַזוי ווי זי האָט אים אַמאָל געהאָלפן אין דער אַרבעט ביי דער מאַשין ביז זיי האָבן זיך אַרויפ־געאַרבעט צו אַ בעסערן ווילשטאַנד, אַזוי וואָלט זי אויך איצט נישט גע־זשאַלעוועט קיין מי, אַז זי זאָל אים העלפן, אָבער ווי אַזוי און מיט וואָס העלפן, אַז ער לאָזט אַפילו צו זיך נישט אויסרעדן קיין וואָרט; אַז וואָס נאָר עפּעס, כאַפּט ער און לויפט אַוועק פון שטוב, און גייט, לויף נאָך דעם ווינט...

און דאָ איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ערגער. די לעצטע נאַכט האָט סאַמועל צוויי מאָל געוויינט אויפן קול פון שלאָף. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל זייט מאַטילדע איז מיט אים צוזאַמען. און דאָס האָט זי אַזוי איבערגע־שראָקן, אַז זי איז אַריבער אויף דער צווייטער זייט פון דעם ברייטן געלעגער, זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני און געגומען גלעטן סאַמועלס שלייפן. און צערטלענדיק אים אַזוי, האָט זי אים געבעטן ער זאָל איר זאָגן, וואָס אים איז. זי זעט, אַז אים פעלט עפּעס. זאָל ער איר נאָר זאָגן; זאָל ער טיילן מיט

איר זיין ווייטיק, זי איז גרייט אויף אַלץ, ווייל זי גייט פּשוט אויס פון שרעק הערנדיק אים וויינען פון שלאָף...

צוערשט, די ערשטע עטלעכע מינוט, האָט ער זיך געלאָזט צערטלען און מאַטילדעס געטרייע ווערטער האָבן עפּעס אַזוי ווי געגלעט זיין געמיט, און ער האָט זי שוין געוואָלט אָנהייבן צו באַרויִקן און בעטן זי, אַז זי זאָל זיך צוריק לייגן שלאָפן און זיין רויִק. נאָר ווען זי האָט דערמאָנט, אַז ער וויינט אין שלאָף, האָט ער זיך עפּעס אַ ריס־געטון אַזוי ווי זי וואָלט אים אָפּגעבריט מיט אַ הייס אייזן, און ער האָט אָנגעהויבן אויסלאָדענען זיינע אַלע איבלען צו איר קאָפּ...

— דו און נאָר דו ביסט שולדיק אין מיין שווער און פינצטער געמיט, און ווייניק איז דיר וואָס דו פאַרפינצטערסט מיר די טעג, הייבסטו מיר אָן אויך די נעכט צו פאַראומערן מיט איינרעדענישן, אַז איך וויין גאָר פון שלאָף...

מיט זיינע אייגענע ווערטער האָט ער אין זיך נאָך מער צעפלאַקערט זיין כעס און ער איז אַראָפּ פון בעט; אויף שנעל זיך געכאַפּט אָנטאָן. עס איז נאָך געווען פרי פאַרטאָג, ווען ער האָט פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר און איז אַרויס אין גאַס.

מאַטילדע איז נאָך לאַנג אַזוי געבליבן קניִענדיק נעבן בעט. די קניִען האָבן איר אָנגעהויבן וויי־טון אונטער דער שווערער לאַסט פון איר קערפּער, און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם שטיקל פּעל, וואָס נעבן בעט און אָנלענענדיק דעם קאָפּ אויפן בעט, האָט זי לאַנג, לאַנג געהעשעט מיט אַ שטילן ווייטיקלעכן געוויין...

.3

דאַן סאַמועל האָט שוין לאַנג געזען, אַז ער איז דאָ זייער ביטער אַריינגעפאַלן, נאָר ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי ער זאָל זיך דאָ אַרויסראַטעווען פון דעם אומגליק.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט פלאָראַס בלייבן אויף נאָך אַ צוויי טעג אין מאַר דעל פּלאַטאַ. ער האָט איר איבערגעלאָזט דאָס ביסל געלט, וואָס איז אים נאָך געבליבן נאָך די צוויי נעכט אין רולעטע. אָבער דאָס געלט איז געווען ווייניק, און ער האָט איר באַלד נאָך זיין צוריקקומען איבערגעוויזן טעלעגראַפיש אַ גרעסערע סומע און נאָך אַ טעלעפאָנישן שמועס מיט איר איז געבליבן, אַז זי וועט דאָרט זיין נאָך עטלעכע טעג. ער וועט איר שיקן נאָך געלט און זי וועט דאָרט בלייבן ביז ער וועט קומען מיט אַ נייעם וויזיט צו איר און עס וועט זיין אַ לעבן...

אויב דער אָנהייב פון דאַן סאַמועלס באַקאַנטשאַפט מיט דער רייצנדיקער פלאָראַ האָט אים געקאָסט ביליק, ווייל זי האָט זיך נישט געלאָזט קויפן קיין מתנה און געזוכט אים צו געווינען מיט איר נישט־פאַראינטערעסירט־

קייט אים אויסצונוצן, האָט עס זיך איצט צעברענט אין אַ שפּיל פון שווערע טויזנטער און עפּעס האָט אויף דעם אַלעמאָל געגוג באַשיידענעם און נישט צופיל מילדן דאָן סאַמועל אָנגעהויבן ברענען די הויט, נאָר גלײַענדיק פון בענקשאַפט זי נאָך אַמאָל צו זען, נאָכאַמאָל זיך קוויקן מיט איר כישופדיקן שמייכל, האָט ער איר געשיקט די טעלעגראַפישע געלט־איבערווייזונגען. און אָט איז ער ווידער געפאָרן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ. ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם רייץ ווידער צו זיין מיט איר צוזאַמען. אָבער דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט קיין סך נחת פון איר. עס האָט זיך עפּעס געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט אויף איר אַ שלעכטן קוק־געטון, ווען זי האָט צום וויפלטן מאָל גענומען און אויפסניי געפאָדערט נאָך געלט צו וואַרפן עס אויף איר באַליבטן נומער אויפן רולעטע־טיש.

דער שלעכטער קוק זיינער האָט זי באַליידיקט, און זי האָט אים דערפאַר געגעבן די גאַל אין דער האַנט אַריין, און ער האָט אָנגעהויבן פילן, וויפל שלאַנגען־גיפט דאָס קליינע ווייבעלע פאַרמאָגט אין זיך. און אָט האָט עס שוין געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל זיך אָנהייבן אויסניכטערן; אַז ער זאָל זיך אָנהייבן באַפרייען פון דעם כישוף, וואָס זי האָט אים אָנגעטאָן. ער האָט אָנגעהויבן זען די זאַכן אין זייער ריכטיקער שיין און ער האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן פעסטשטעלן ,אַז אויב ער וועט נישט באַצייטנס באַפרייען זיך פון אָט־דער קליינער שיינער מכשפה, וועט זי אים רויִנירן ביז צום סוף. אָבער, ווייזט אויס, אַז פלאָראַ האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט דעם אַלטן אַמאַנט צופיל דערשיטערט, און זי האָט אים נאָך נישט געטראַכט צו שיקן אין אַלדי שוואַרץ יאָר, האָט זי זיך פלוצים ווידער אויסגעלייטערט און מיט אַ שנעל־פאַברי־צירטן וואַרעמען שמייכל האָט זי אים אויפסניי פאַרשיכורט און עס איז ווידער געוואָרן ווי געווען, אָבער נאָר אויף אַ קורצער ווײַלע, ווייל ווידער און אָבער, ביי יעדער נייער גרעסערער הוצאה איז אויף אים געקומען אַ ניכטערער מאָמענט און ער האָט שוין אָנגעהויבן רעדן, אַז עס איז צייט, זי זאָל שוין צוריקפאָרן קיין בוענאָס־איירעס.

ניין. דאָס מאָל האָט ער שוין פון איר אין מאַר דעל פּלאַטאַ נישט געהאַט קיין סך נחת, און די אמתע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען ער איז צוריקגעקומען...

.4

עטלעכע טעג נאָך זיין צוריקקומען פון מאַר־דעל־פּלאַטאַ, ווען ער האָט שוין געהאַט באַשלאָסן, אַז גענוג, ער וועט דער יפה־פיה מער קיין געלט נישט שיקן, שוין פאַרשווענדט אויף איר אַ פאַרמעגן, און זי, ווייזט אויס, זעטיקט זיך נישט דערמיט. טאָל זאָל זיין גענוג; עס מוז זיין גענוג!...

אָבער אַרויסגייענדיק פון זיין היים, שוין פאַרן טויער, איז צו אים צו־

געקומען אַן עלעגאַנטער יונגערמאַנטשיק מיט צוויי דינע שוואַרצע וואָנצעלעך און פינקלדיקע שוואַרצע פלינק־אַרומלויפנדיקע אייגעלעך. ער האָט זיך העפ־לעך פאַרנייגט פאַר אים און אים געפרעגט צי ער איז דאָן סאַמועל.

— יאָ, דאָס בין איך. וואָס ווינטשט איר?...

און דאָ האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער יונגער פראַנט רעדט צו אים אין נאָמען פון דער סעניאָראַ פלאָראַ. ער קומט פון מאַר דעל פּלאַטאַ. זי איז דאָרט געבליבן אַן געלט און זי האָט נישט צו באַצאָלן דעם האָטעל און נישט אויף הוצאות צוריקצוקומען...

דאָן סאַמועל איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך. די פיס האָבן אונטער אים גע־נומען ציטערן. ער האָט אויפן מאָמענט ווי פאַרלוירן דאָס לשון. און דער יונגערמאַנטשיק, ווי נישט אים מיינט מען עס, האָט דעם דאָן סאַמועל גע־שמייכלט אין פנים אַריין און אים פאַרבעטן מיט אַזאַ מינע אין אַ קאַפע, אַז דאָן סאַמועל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז גיין...

דער פראַנטישער יונגערמאַנטשיק האָט אינטערוועניִרט לטובת דעם דאָן סאַמועלס שכנה סעניאָראַ פלאָראַ. ער האָט עס געמאַכט אויף אַן איידעלן, ממש לאַקריץ־זיסן אופן, עס זאָל הייסן, אַז זי בעט ביי אים הילף נאָר דער־פאַר, ווייל ער איז איר נאָענטסטער שכן און ער ווייסט, אַז איר מאַן איז פאַר־רייזט געשעפטלעך. ער האָט די ווערטער באַגלייט מיט אַזאַ מין שמייכעלע, פון וועלכן די בלוטן אין דאָן סאַמועלס אָדערן האָבן גענומען גליווערן...

ער האָט דעם ענין דערליידיקט מיט אַ נייע געלט־איבערוויזונג. אָבער ער האָט שוין פאַרשטאַנען אין דעם יונגערמאַנטשיקס געזעגענען זיך, אַז ער זעט אים נישט צום לעצטן מאָל. און אַן אָנגעפילטער מיט חרפה און שרעק איז ער געקומען אַהיים און זיך געוואָרפן אין בעט אַריין.

זייער שווער איז אים געווען איבערצוקומען דעם טאָג, און ענדלעך, שפּעט ביינאַכט, ווען ער האָט געכאַפּט דעם ערשטן דרימל, האָט ער געחלומט וועגן זיין שאַנד און ער האָט זיך צעוויינט אין שלאָף...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאַנג האָט ער אַרומגעשלענדערט איבער די שטילע גאַסן אין דעם פריִען פאַרטאָג. די קילע לופט האָט אים דערפרישט און עפּעס גענומען מאָנען ביי אים. און ענדלעך, מיט אויגן אָנגעפילטע מיט טרערן, האָט ער זיך געלאָזט אויפן וועג צוריק אַהיים מיט דעם פולן באַשלוס אַז ער וועט פאַלן מאַטילדען צו די פיס און בעטן ביי איר, אַז זי זאָל אים מוחל זיין זיין גראָבקייט צו איר!...

## זיבעטער קאַפּיטל

# ווען קינדער דאַרפן מוסרן אַ טאַטן

.1

אַז אַ טאַטע זאָל זאָגן מוסר זיינע קינדער, איז אַ געוויינלעכע אַל־טעגלעכע דערשיינונג.

עס מאַכט זיך אפילו גאַנץ אָפט, אַז אַ טאַטע מוסרט זיין זון און זאָגט אים אַזעלכע זאַכן, אין וועלכע ער אַליין, דער טאַטע, גלויבט נישט; עס מאַכט זיך אַז אַ טאַטע וואַרפט פאַר זיין זון אַזעלכע מעשים, וועלכע ער אַליין, דער טאַטע, איז אַליין אַמאָל אויך באַגאַנגען, ווען ער איז געווען אין זיין זונדלס יאָרן און עס טרעפט, נישט זעלטן, אַז אַ זונדל ווייסט פון זיין טאַטנס אַמאָליקע מעשים און ער שמייכלט בלויז פון זיין טאַטנס מוסר־רייד, וועלכע גייען אים אין איין אויער אַריין און פון צווייטן אַרויס...

— כע־כע, — לאַכט ער אין זיך אַריין, דער תכשיט; — ער, דער „וויעכאָ", גייט מיר זאָגן מוסר... אַנו, איך וואָלט נאָר געוואָלט זען, וואָס ער וואָלט געטון ווען ער איז אויף מיין פּלאַץ...

עס איז דעריבער ווי אַן אָנגענומענער כלל, אַז דאָס מוסרן קינדער אַזוי ווי אין אַמאָליקע צייטן, ווען מען האָט די מוסר־ווערטער צומאָל באַגלייט מיט פּעטש, איז אינגאַנצן אַן איבעריקע זאַך און עס האָט זיך אפילו וועגן דעם געשאַפן דאָס שפּריכווערטל, אַז — אָדער מען דאַרף נישט קיין מוסר, אָדער עס העלפט נישט קיין מוסר...

אַנדערש און שוין גאָרנישט אַזאַ טעגלעכע דערשיינונג איז אָבער, ווען קינדער באַשליסן אַז זיי מוזן זייער טאַטן אויסמוסרן, צורעכט־ווייזן אים, אַז ער גייט אויף שלעכטע וועגן, אַז ער מוז זיך זען אויסצובעסערן, אַז עס פּאַסט נישט אַז ער פאַרשוואַרצט זיי און זיך אַליין דאָס פּנים און בכלל, די אַלע פאָרוואורפן און מוסר־רייד וואָס עלטערן זאָגן געוועהנלעך צו זייערע פאַרזינדיקטע קינדער און אַנדערש איז פאַר דעם טאַטן, וואָס אַנשטאָט אָנהאַלטן זיין אייביקן אַמט אַלס „פּראָקוראָר", אַלס באַשולדיקער, דאַרף ער נאָר זיצן און אויסהערן פון זיינע קינדער די טענות ווי אַן אָנגעקלאָגטער...

אַזאַ געצוווּנגען בייטן זיך מיט די ראָלן, איז אַ פּיינלעכער ענין סיי פאַר די קינדער און נאָך מער, פאַר דעם טאַטן...

די קינדער, יאַק די קינדער; זיי פילן זיך גערעכט, זיי פילן און ווייסן פון דעם אָנגענומענעם כלל, אַז וואָס עס פּאַסט פאַר קינדער, פּאַסט נישט פאַר די טאַטעס און אויב מען קען פאַרשטיין און מוחל זיין אַ קינד זיין באַגאַנגענעם פעלער, קען מען עס נישט אַזוי לייכט מוחל זיין דעם טאַטן

און אָט־אָ־דער באַוווסטזיין, האָט געשטאַרקט די קינדער פון דאָן סאַמועל, זיי זאָלן אַריינזאָגן דעם טאַטן זייערן און דערלאַנגען אים די אמתע פּאָרציע מוסר; אָבער פיל פיינלעכער און ממש טראַגיש איז געווען די סיטואַציע פון דאָן סאַמועל, ווען ער איז אַזוי געזעסן און זיך געמוזט צוהערן צו די מוסר־רייד פון זיינע קינדער, וואָס זענען אויף אים געפאַלן ווי שמיץ פון דינע לעדערנע בייטשן, וואָס זייערע קלעפּ שניידן ווייטאָגלעך דורך דאָס לייב און טרעפן ביז צו דער נשמה...

.2

קיין אַנדער אויסוועג האָט מאַטילדע נישט געהאַט; אַליין האָט זי נישט געהאַט קיין כוח צו קעגן קעגן־ווירקן דעם בייז וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף איר מאַנס לעבן.

מיט איר פשוטן חוש פון אַ פּראָסטער, אַלעמאָל אַרבעטזאַמער פרוי, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז דאָס בייז וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף איר מאַנס קאָפּ, איז אַ מין קרענק וואָס איז אים באַפאַלן אין זיינע יאָרן, ווען עס לעשט זיך די מענערישקייט און מען הייבט ווידער אָן ווערן ווי קינדיש... זי האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט זי זיך פּלוצים גענומען פילן שלעכט, זי איז געלאָפן צו דאָקטוירים, זי האָט געמיינט אַז זי ליידט אויפן האַרץ, אַז זי האָט אַ הויכן בלוט־דרוק, אָבער ניין; עס איז איר גאָרנישט געווען; דער דאָקטער האָט איר פאַרזיכערט, אַז עס איז איר גאָרנישט, זי דאַרף בלויז איבערקומען דעם „דראַמאַטישן פּעריאָד" און די אַלע קאָפּ־ווייטאָקן און אַנדערע עמפינדונגען וועלן פאַרשווינדן..

זי האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט אַזוינס דער „דראַמאַטישער פּעריאָד", ביז דער דאָקטער האָט עס איר געניי אויפגעקלערט און זי איז איצט ווי זיכער, אַז אויך איר מאַן געפינט זיך היינט אין אַזאַ מין דראַמאַטישן פּעריאָד וואָס ווירקט אויף אים, ער זאָל זיך צומאָל פאַרגעסן ווו און וואָס ער איז און אַזוי ווי אַליין איז זי צו־שוואַך צו קענען אים אויפוועקן פון זיין הינערפלעט און זאָגן אים אַז ער מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין, וועט זי נישט רוען, זי וועט איינרייסן וועלטן און זי וועט איר שמואלן אויסהיילן פון זיין קרענק...

עס האָט גענוג לאַנג געדויערט, ביז זי האָט געפּועלט ביי די קינדער, אַז זיי זאָלן וועלן רעדן מיט זייער פאָטער, אַז זיי זאָלן זיך וועלן אַריינמישן, אַז זיי זאָלן וועלן פאַרוואַרפן זייער פאָטער און מוסרן אים פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרנומען אויף שלעכטע וועגן, אָבער ענדלעך, האָבן די קינדער זיך גע־מוזט צוהערן צום געוויין פון זייער מאַמע און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אינ־טערעסירן, נאָכקוקן און נאָכפאָרשן און זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער פאָ־טער האָט ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק פאַרקויפט אַ שטוב אין דער

געגנט פּאַטערנאַל; דאָס איז געווען דאָס ערשטע שטיבל, די קליינע שיינע הייזקע וואָס ער האָט אויפגעבויט מיט די ערשטע טויזנטער פּעזעס וואָס ער מיט זיין ווייב האָבן אָפּגעשפּאָרט פון זייערביידנס פּראַצע און מיט אַ חודש צוריק האָט ער פאַרקויפט אַ צווייטע שטוב, אַ גרעסערע אין זיי האָבן שוין געוואָלט וויסן פאַרוואָס ער פאַרקויפט די שטיבער און וואָס ער טוט מיטן געלט און אַזוי איז עס ערשט געקומען דערצו, אַז די קינדער זאָלן ווען אינטערוועניר. עס האָט זיך שוין נישט געהאַנדלט בלויז אין זייער טאַטן, נאָר אין זייער אייגענעם אינטערעס, אין דעם וועלן וויסן אַ חשבון פון זייער טאַטנס געשעפטן, פאַרוואָס ער פאַרקויפט די אומבאַוועגלעכע אייגנ־טומס און וואָס ער טוט מיטן געלט, וואָס פריער צי שפּעטער, דאַרפן זיי, די קינדער, זיין די יורשים דערפון...

און אַזוי איז עס געקומען צו דער פיינלעכער פאַמיליען־אסיפה פון דאָן סאַמועל, מאַטילדע און זייערע קינדער...

3.

סאַמועל איז געזעסן אויבנאָן, אויף זיין פּאַטערשטול, אָבער ער איז נישט געזעסן אַזוי שטאָלץ מיט אַ געהויבענעם קאָפּ ווי מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק, פּסח, ווען ער האָט אָפּגעריכט דעם סדר אַלס מלך איבער זיין ווייב און קינדער און מיט די צוויי אייניקלעך אויף זיין שויס...

היינט איז שוין אויך דאָ אַ דריט אייניקל, אָבער די אייניקלעך זענען איצט נישטאָ, דאָ זיצן בלויז די פיר קינדער, דער עלטסטער, קאַרליטאָס, וועלכער רופט זיך שוין היינט דאָן קאַרלאָס; עס זיצן דאָ סולעמאַ, פּעדראָ און גיטאַ; מאַטילדע שטייט אָן אַ זייט, הינטער דעם דאָן סאַמועל, זי ווישט כסדר אירע פאַרוויינטע אויגן און ווייזט־אָן מיט צייכנס צו אירע קינדער, מונטערט זיי און מוטיקט זיי, אַז זיי זאָלן רעדן, זיי זאָלן נישט מורא האָבן, אַז זיי דאַרפן, אַז זיי מוזן רעדן...

רעדן, רעדט בלויז דער עלטסטער זון און די יונגסטע טאָכטער. קאַר־לאָס און גיטאַ. אַזוי איז געווען אָפּגערעדט. קאַרלאָס, ווייל ער איז דער עלטס־טער זון און האָט דערפאַר מער אויטאָריטעט און גיטאַ, ווייל זי איז די יונגסטע טאָכטער, וואָס דער דאָן סאַמועל האָט זי אַלעמאָל ליבער געהאַט פון אַלע אַנדערע קינדער.

דאָן סאַמועל האָט צוערשט נישט געוווסט צוליב וואָס די קינדער ווילן זיך מיט אים דורכשמועסן; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מן־הסתם איז עס עפּעס אַ פאַמיליען־זאַך, וועגן פאַרזיכערונגען, ווייס איך דאָרט, זיכער מאַטעריעלע אָנגעלעגנהייטן, געלט־ענינים און אפשר ווילן זיי אויף אַן אייזעלן אופן אָנ־טאַפּן ביי אים, צי ער האָט געשריבן אַ צוואה... אויב עס זאָל טאַקע זיין וועגן

אַ צוואה, וועט ער זיי שוין וויסן וואָס צו ענטפערן, ער וועט זיי לערנען אַ קאַפּיטל דרך־ארץ...

נאָר ווען ער האָט געהערט די ערשטע ווערטער פון קאַרלאָסן, איז אים עפּעס אַ קעלט דורכגעלאָפן איבער אַלע גלידער און יעדעס בייזע וואָרט וואָס דער זון האָט אים צוגעשליידערט, האָט געמאַכט אַז די קעלט זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין היץ און ער האָט אָנגעהויבן שוויצן...

— זאָל דער טאַטע אונדז זיין געזונט און שטאַרק, אָבער מיר ווילן וויסן די סיבה, פאַרוואָס דער טאַטע האָט זיך אָנגעהויבן פּוצן ווי אַ יונגער קאַוואַליר, מיט פּערפומען און ווו ער ווערט דאָס אַזוי אָפּט פאַרפאַלן אויף לאַנגע שעהן, אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען אין משך פון אַלע פרי׳ערדיקע יאָרן נישט פאָרגעקומען... מיר מוזן דאָס וויסן...

אַזוי האָט קאַרלאָס אָנגעהויבן און גיטאַ האָט באַלד צוגעגעבן מיט ווייכקייט:

— מיר זענען פשוט באַזאָרגט דעריבער; עס איז עפּעס נישט נאַטירלעך...

ביי דאָן סאַמועלן אויפן שטערן האָבן זיך גענומען זאַמלען גרויסע טראָפּנס שוויס. דאָן סאַמועל איז געווען אַזוי איבערראַשט פון דער פּלוצימדיקער אַטאַקע, אַז ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל אָנהייבן רעאַגירן; אויפן מאָמענט איז אים עפּעס אויסגעקומען, אַז די קינדער זיינע ווייסן שוין פון אַלץ, זיי ווייסן וועגן זיינע באַצי׳ונגען מיט פלאָראַן, מיט דער רייצנדיקער שכנה זיינע פון וועלכער ער וואָלט זיך שוין אייגנטלעך אַליין געוואָלט באַפרייען, נאָר אירע רייצן האַלטן אים צו ווי מיט טויזנט צוואַנגען און זיי ווייסן שוין זיכער, אַז ער האָט צוליב דעם קליינעם שוואַרץ־אויגיקן און שוואַרץ־האָריקן שלאַנקן טייוול פאַרקויפט צוויי שטיבער און ער דאַרף נאָך און נאָך געלט... נישט קוקנדיק אין די קינדערס אויגן, האָט ער געזען זייערע פאַרשנדיקע בליקן וואָס האָבן זיך אין אים אַריינגעשטאָכן אין לייב ווי דינע שפּיזלעך און ער האָט זיך געפילט אַזוי ווי יענער פאַרברעכער, וואָס זיצט פאַר דעם אויספאָרשונגס־ריכטער און ער כאַפּט זיך אַז דער ריכטער ווייסט גענוי וועגן אַלע זיינע באַגאַנגענע פאַרברעכנס און אַז עס וועט נישט העלפן קיין לייקענען...

— זאָל פּאַפּאַ זאָגן אַ וואָרט... זאָל פּאַפּאַ ענטפערן... — האָט גיטאַ נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן ווידער אויסגערופן און גענומען ווישן די אויגן מיט דעם קליינעם ווייסן טיכעלע...

דאָן סאַמועל האָט כמעט נישט געהערט אירע ווערטער; דער קאָפּ איז אים געווען ווי פאַרטויבט, אָבער ער האָט באַמערקט ווי זי נעמט דאָס ווייסע טיכעלע צו די אויגן און עפּעס האָט אים אַ קלעם־געטון ביים האַרצן. ער האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען ווי לאַנג עס איז איינגאַנצן, ווען גיטאַ איז געווען

אַ קליין קינד, ער האָט זי אַלעמאָל אַזוי ליב געהאַט, נישט געקענט קיינמאָל עסן דאָס מיטאָג, אויב זי איז נישט געזעסן אויף זיין שויס, און אָט זיצט זי איצט ביים טיש, זי איז שוואַנגער, שוין אין די הויכע חדשים, זי זיצט און קלאָגט אים אָן, זי קלאָגט אָן דעם טאַטן, פאַרוואָס ער ווייזט זיין אײדעם, איר מאַן, אַזאַ שלעכטן ביישפּיל, אַז ער זאָל קעגן איר האַנדלען אַזוי ווי דער טאַטע האַנדלט קעגן איר מאַמע... און קאַרלאָס... איז ער דען ניט גערעכט? וואָס האָט ער זיך עפּעס אויף דער עלטער געגומען פוצן ווי דאָרט עפּעס אַ פּראַנטיש יינגעלע... און ווידער גיטאַ... ווי האָט זי געזאָגט? — עס איז עפּעס נישט נאַטירלעך... אוי, געזונט זאָל זי זיין, זי זאָל איבערקומען דאָס האָבן מיט געזונט... וועט זיין נאָך אַן אייניקל... באַלד וועט זיין פּסח, וועט זיין נאָך אַ קינד אין זיין מלוכה... און ער איז שוין גרייט עפּעס צו ענטפערן, ער איז גרייט זיך מודה צו זיין אַז ער האָט געפעלט, אַז עפּעס איז מיט אים פאָרגעקומען, אַז פון איצט און ווייטער וועט שוין אַלץ זיין גוט... יאָ, קינדער, גייט אַהיים יעדער אין זיין היים, אַלץ וועט שוין ווידער זיין גוט...

אָבער פונקט דעמאָלט, ווען ער איז שוין גרייט געווען צו באַרויקן זיינע קינדער און פאַרזיכערן זיי, אַז אַלץ וועט שוין גוט זיין, האָט פּעדראָ, זיין צווייטער זון, מער נישט געקענט אויסהאַלטן זיין פאָטערס שווייגן און ער האָט אויסגערופן בייז:

— וואָס שווייגט דער פּאַפּאַ? וואָס מיינט ער; מיר וועלן אים לאָזן טון וואָס ער וויל? מיר וועלן אים לאָזן פאַרקויפן די הייזער און פאַרשווענדן דאָס פאַרמעגן?... זאָל דער פּאַפּאַ רעדן!...

דאָן סאַמועל איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ. דער פּעדראָ איז אַלעמאָל געווען אַן עזות־פּנים, געשפּרונגען יעדן אין פּנים אַריין, אָבער איצט וועט ער עס אים נישט מוחל זיין: — צו וועמען עפּנסטו אַזאַ מויל? שווייג! רעספּעקט זאָלט איר האָבן!

פּעדראָס נישט־פּאַסיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן דעם אויפברויז אין דאָן סאַמועלס געמיט און מיט דעם אויסגעבראָכענעם כעס האָט ער ווידער פאַרטױבט זיין געוויסן און ווען אויך סולעמאַ האָט זיך אַריינגעמישט און גענומען מיט איר קוויטשיק קולכל מוסרן דעם טאַטן, האָט דאָן סאַמועל געגעבן אַ זעץ אין טיש אַריין און נישט מיט זיין קול האָט ער גענומען שרייען — שונאים! איר זענט אַלע מיינע שונאים! איך קען דאָ נישט זיין, איך וועל לויפן ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן, אַבי אַנטלויפן פון מיינע אייגענע קינדער, וואָס זענען מיר די ביטערסטע שונאים!...

און ער האָט אַ כאַפּ־געטון אויף זיך די בלוזע, אָפּגעשטופּט מיט כעס מאַטילדען, וואָס האָט זיך אים געפּרוווט שטעלן אין וועג, און שנעל אַרויס פון שטוב!...

## אַכטער קאַפּיטל

**.1**

# יצר טוב און יצר הרע...

טויזנטער מעשהלעך און לעגענדעס זענען פאַראַן וועגן יצר־טוב און יצר־הרע און אין יעדן מעשהלע ווערט דער יצר־טוב אָדער דער יצר־הרע פאַרגעשטעלט אַנדערש און בכלל, איז שוין אָנגענומען, אַז סיי דער יצר־טוב און סיי דער יצר־הרע, באַווייזן זיך פאַר דעם מענטשן, אָדער זיי ווערן געבוירן אין דעם מענטשן גופא, אין פאַרשידענע געשטאַלטן.

געוויינלעך, ווען מענטשן ווילן אויסמאָלן די געשטאַלט פון יצר־טוב אָדער יצר־הרע, וויל מען דעם ערשטן ווייזן ווי אַ גוטן מלאך, אַמאָל ווי אַ קינד מיט ווייסע פליגל און אַמאָל ווי אַ גרייז־גרויען אַלטן מאַן, אַ מין אליהו־הנביא־טיפּ און דעם יצר־הרע — אַלס טייוול, מיט אַן עק, אַ מעפיסטאָ, אין בעסטן פאַל, ווי אַן אינטריגאַנט, וואָס יעדעס וואָרט זיינס און יעדע טאַט, איז אָנגעפילט מיט סם און מיט שלעכטקייט...

וואָלט עס טאַקע געווען זייער גוט, ווען עס איז אַזוי אין לעבן ווי מען שטעלט זיך עס פאָר; ווען דער יצר־טוב זאָל אַלעמאָל האָבן דעם שיינעם אויסזען, וואָלט מען זיך באַלד באַמיט צו ווערן מיט אים אַ גוטער ברודער, מען וואָלט באַלד אַלץ אויסגעפאָלגט וואָס ער וואָלט נאָר געהייסן טון און די מענטשן וואָלטן שנעל געוואָרן אמתע צדיקים...

און ווידער פאַרקערט: ווען דער יצר־הרע זאָל טאַקע זיין אין זיין אויס־זען אַזאַ שרעקלעכער טייוול ווי מען מאָלט אים, וואָלטן דאָך זיכער די מענטשן געזוכט אים אויסצומיידן און זיי וואָלטן זיך זיכער אויסגעהיטן צו גיין אין זיינע וועגן און דער אויסוואַל צווישן גוטס און שלעכטס וואָלט געווען אַזאַ לייכטער, אַז קיינער וואָלט זיך נישט געלאָזט פאַקן פון טייוולס כיטרעקייט און דער מענטש וואָלט קיינמאָל נישט אָפּגעקערט פון גוטן און גלייכן וועג.

ליידער איז דער טייוול נישט אַזוי שרעקלעך ווי מען מאָלט אים און דער גוטער מלאך איז נישט אַלעמאָל אַזוי זיס־אָנגענעם ווי מען שטעלט זיך אים פאָר און אין רעאַלן לעבן פאַסירט עס מערסטנס פונקט קאַפּויער, וואָס דער טייוול, דער יצר־הרע דערשיינט גאָר ווי אַ כלומרשטער מלאך, וואָס וויל דעם מענטשן כלומרשט באַגליקן און דער גוטער מלאך, דער יצר־טוב, דער־שיינט ווי אַן אַלטע ייִדענע מיט שפּאָקולן און דער מענטש בלייבן נעבעך צווישן אָט־אָ די צוויי מלאכים ווי אַ צעחושטער און ער וואָלט טאַקע באַ־דאַרפט זיין אַ צדיק־הדור, צו קענען ביישטיין די נסיונות וואָס דער פּיפּיקער יצר־הרע רוקט אים אונטער...

אין דאָן סאַמועלס געמיט, האָבן זיך יצר־טוב און יצר־הרע פּערזאָני־

פיצירט אין די געשטאַלטן פון זיין ווייב מאַטילדע און פלאָראַ, די יונגע שיינע שכנה וואָס האָט אים אויף אַ ראַפינירטן אופן אַריינגעפּלאָנטערט אין איר פאַרכישופטער נעץ און צו שוואַך איז דאָ געווען דער יצר־טוב, אין זיין אייביקן קאַמף קעגן יצר־הרע...

.2

פונדעסטוועגן, האָט זיך דער יצר־טוב בשום אופן נישט געוואָלט אונ־טערגעבן.

מאַטילדע האָט גוט געוווּסט, אַז זי אַליין איז נישט בכוח צו ראַטעווען איר מאַן פון דעם אומגליק אין וועלכן ער פאַלט אַלץ כסדר מער אַריין און זי האָט געפּועלט, אַז די קינדער זאָלן איר קומען צו הילף.

זי האָט מיט איר פּשוטקייט גוט באַנומען איר לאַגע; זי האָט ביי אירע פינף־און־פופציק יאָר נישט אַזוי גוט אויסגעזען; זי, די אַמאָליקע מייטל וואָס האָט יאָרנלאַנג אַרויסגעהאָלפן איר מאַן אין אַלע זיינע אַרבעטן און בעת איר אַמאָליקער שמואליק האָט בלויז געאַרבעט אויף פּרנסה, האָט זי, מייטל, גע־האָלפן אי צו דער פּרנסה און אי זי האָט געקינדלט און אים געבראַכט שיינע גאָלדענע קינדער אויף דער וועלט און אי זי האָט זיי געמוזט אַליין ניאַנטשען און דערציִען, זיין פאַר אים, ווי מען זאָגט: אי אַ ווייב, אי אַן אַם, אַ דינסט אין הויז און דערצו נאָך אַ מיטאַרבעטערן אין טאַזשער; האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אויף איר שנעלער אָנגערוקט די עלטער און זי האָט נישט געוווּסט די אַלע קאָסמעטישע קונץ־שטיקלעך וועלכע שאַפן אַרטיפיציעלע יוגנט און אַפילו דאָס ביסל צירונג, דאָס גאָלד און די בריליאַנטענע רינגלעך און בראָשקעס מיט וועלכע זי האָט זיך געצירט, האָבן אויף איר צעיוירענעם קערפּער און אויף אירע דיקע אויסגעאַרבעטע הענט, נישט געשאַפן די גע־העריקע האַרמאָניע פון שיינקייט און רייץ און זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז מיט איר גאַנצער געטריישאַפט און איבערגעגעבנקייט, וועט זי נישט זיין בכוח צו באַווירקן איר מאַן; אַז איר ריין ערלעך האַרץ פון אַ געטרייער פרוי און מאַמע, וועט נישט זיין בכוח צו באַקעמפן די פאַלשע גלאַנצן פון אַ ראַ־פינירטער פאַרפירערין און אַזוי ווי מיט אַ שלעכט קינד וועמען עס העלפן שוין נישט קיין שכלדיקע שטראָף־רייד און מען מוז אָנקומען צו שטרענ־גערע מיטלען, אַזוי האָט זי באַשלאָסן צו בעטן די הילף פון די קינדער, אַז זיי זאָלן איר העלפן ראַטעווען זייער נאַרישן זינדיקן טאַטן...

.3

עס קען זיין, אַז ווען אַפילו דאָן סאַמועלס קינדער זאָלן נישט געווען אינטערוועניִרן און קומען מוסר־זאָגן זייער טאַטן, וואָלט דער יצר־הרע, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ ברייטקייט באַזעצט אין דאָן סאַמועלס האַרץ, געפונען אַנ־

דערע תירוצים אויף אָפּצושלאָגן יעדן פּרוּוו פון יצר־טוב אים צו וועלן אויסניכטערן...

אָבער, דווקא די קינדערס אינטערווענצן זענען שוין געווען געַנוּג, אַז דער יצר־הרע אין דאָן סאַמועלס האַרץ, זאָל נישט דאַרפן זוכן קיין אַנדערע תירוצים; עס האָט איינמאָל אויפגעבליצט אין אים דער געדאַנק אַז זיינע קינדער זענען זיינע בלוטיקע שונאים און אַזוי איז עס שוין געבליבן ביי אים און וואָס נאָר עפּעס, ווי נאָר זיי האָבן זיך באַוויזן ביי אים אין הויז און גע־פּרוּווט עפּעס זאָגן, פאַרוואַרפן, מוסרן, נו־נו, אין אַזאַ טאָג, האָט שוין פלאָראַ באַקומען אַ דאָפּלטע מתנה און אַזאַ טאָג איז שוין געוואָרן איר טאָג...

עס האָבן אַפילו נישט געפעלט אַזעלכע טעג, ווען דער יצר־טוב האָט זיך פלוצים געטון אַ צעשפּיל אין דאָן סאַמועלס האַרץ און דעמאָלט איז גאָרנישט נייטיק געווען דער מוסר פון ווייב און קינדער, ווייל ער אַליין האָט זיך אַריינגעזאָגט דעם שאַרפסטן מוסר און עס האָט שוין נישט איינמאָל געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל טאַקע נעמען אויף זיך אַ סוף צו מאַכן צו די הולטייסקע שטיק צו וועלכע ער האָט זיך גענומען אויף דער עלטער און וועלכע וועלן אים — ווי ער זעט עס אַליין גוט איין, — רויִנירן אַזוי, אַז ער וועט שוין נישט קענען אויפשטיין קיין תחית־המתים...

אָבער אַלעמאָל האָט זיך פונקט געמאַכט אַזוי, אַז גראָד אין אַזעלכע טעג ווען דער יצר־טוב האָט זיך אין אים צעשפּילט, האָט מאַטילדע גענומען אויס־פּאַקן קעגן אים אַלע אירע טענות, מיט געוויין און מיט פאַלן חלשות און עס קען אַפילו זיין, אַז צוזעענדיק די גרויסע פּיין פון מאַטילדען, וואָלט ער אַליין אויך צוזאַמענגעבראָכן און ער וואָלט אפשר זיין חרטה־געפיל נאָך מער געשטאַרקט, זענען אָבער אין אַזעלכע טעג אויך די קינדער אָנגעקומען און דאָס האָט אַלץ איבערגעפירט...

דער יצר־טוב האָט געזוכט אַז די קינדער זאָלן אים קומען צו־הילף, אָבער די קינדערס אַריינמישן זיך, האָט גאָר געשטאַרקט די קראַפט פון יצר־הרע; דאָן סאַמועל האָט נישט געוואָלט בלייבן אין שטוב מיט זיינע „שונאים" און ער איז שנעל אַוועקגעלאָפן זיך צעשטרייען זיין אָנגעמאַזאָליעטן געמיט און זיך טרייסטן מיט די לאַסקעס און געקינצלטע צערטלעכקייטן פון דער שוואַרץ־אויגיקער שיינער קאָקאָטע פלאָראַ...

4.

די חרטה־שטימונגען, זענען אים געווינלעך באַפאַלן יעדעס מאָל נאָכ־דעם ווי ער האָט אַ הוליע־געטון מיט פלאָראַן אויף אַ ברייטן אופן און עס האָט אים אויסגעבראַכט אַ היפּשע סומע און ער האָט דערזען, אַז זיין קאָפּ איז אים שווער, דער בייטל — ליידיק און דאָס האַרץ — פּוסט און וויסט...

אין אַזעלכע טעג פון חרטה, האָט דער יצר־טוב אויפגעוועקט אין דאָן

סאַמועלס האַרץ אַזעלכע שיינע געפילן און אין זיין מוח אַזעלכע שיינע געדאַנקען, וואָס האָבן אין אים אָנגעהויבן וועקן אַ רחמנות צו זיך אַליין און עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען...

אין אַזעלכע טעג פון חרטה, האָט ער זיך געפילט ווי אויסגעניכטערט און ער האָט געזען דעם זומפּ אין וועלכן ער איז פאַרקראָכן, ער האָט געפּרווט חשבונען וויפל די קליינע שיינע מכשפה האָט שוין ביי אים אַרויסגעכישופט און וויפל זי האָט אים שוין געקאָסט און ער האָט גענומען וועגן און מעסטן דאָס ביסל פאַרגעניגן וואָס ער האָט פון איר געגאָסן מיט דעם גרויסן בייז, מיט דעם טרויעריקן לעבן וואָס ער האָט דערפאַר געבראַכט אויף זיין שטוב, אויף זיין הויז־געזינט און אויף איר, אויף מאַטילדען, וואָס זי גייט ממש אויס ווי אַ ליכט און אויב עס וועט איר עפּעס געשען, וועט ער, נאָר ער, זיין שולדיק און איר בלוט וועט פאַלן אויף זיין קאָפּ...

שוין געוועזן אַפילו טעג, ווען דאָן סאַמועל האָט געוואָרט אין שטוב אַז מאַטילדע זאָל קומען, ער וועט איר פאַלן צו די פיס און בעטן זי זאָל אים מוחל זיין... ער וועט ליגן מיטן קאָפּ אויף איר שויס און וועט וויינען ווי אַ קינד, ער וועט נישט מער... נאָר זי, נאָר זי איינע האָט ער ליב און זאָל זי אים נאָר מוחל זיין, וועט אַלץ שוין זיין גוט...

אָבער די חרטה־שטימונגען האָבן זיך שנעל אָפּגעקילט און אויף זייער פּלאַץ האָט זיך צעיאַזשעט דאָס פייער פון ליידנשאַפט וואָס האָט אים אויפסניי גענומען ציִען צו פלאָראַן און דאָס באַווייזן זיך פון מאַטילדען מיט איינעם פון זייערע קינדער, איז שוין גענוג געווען אַז דאָן סאַמועל זאָל זיך קענען אויפברויזן און האָבן אַ שנעלן תירוץ צו קענען אַנטלויפן פון שטוב, כדי צו לעשן זיין פייער מיט געקויפטע אַרטיפיציעלע צערטלעכקייטן...

## נײַנטער קאַפּיטל

## אַ שלאָפלאָזע נאַכט...

.1

נישט מאַטילדע, זיין ווייב, נישט די קינדער זיינע, די זין, טעכטער, איידעמס און שניר און אַפילו נישט זיין עלצט אייניקל, דאָס שיינע ליכטיקע יינגעלע מיט די שוואַרצע פינקלדיקע קלוגע אייגעלעך, האָבן געקאָנט ווירקן, אַז דאָן סאַמועל זאָל אָנהייבן קומען צו זיך, עפענען די אויגן אויף זיין מצב, זען ווו ער איז אויף זיינע עלטערע יאָר פאַרקראָכן און זוכן די וועגן ווי אַזוי ער זאָל אַרויסקומען דערפון...

מאַטילדעס אייביקע וויינען האָט אויפגעהערט ווירקן אויף אים און די קינדערס דראָונגען האָבן געווירקט פונקט קאַפּויער: ער האָט אין זיי געזען

פשוטע שונאים וואָס פאַרגינען אים נישט דאָס לעבן, וואָס וואַרטן אויף זיין טויט, כדי זיך צו קענען טיילן מיט זיין אָנגעהאָרעוועטן האָב־און־גוטס און דווקא זיי אויף להכעיס וויל ער לעבן, וויל ער הנאה האָבן פון זיין יאָרן־לאַנגער פראַצע און ער וויל דווקא לעבן, לעבן!...

אמת, עס זענען געווען אַ סך מאָמענטן, סיי בייטאָג און פיל מער — אין די נעכט, ווען זיין מוח האָט זיך געפּרוווט אויסניכטערן און זיינע געפילן צו ווייב און קינדער האָבן זיך גענומען וואַרעמען און וועקן זיין געוויסן צו חרטה, אָבער דאָס זענען געווען מאָמענטן אַזעלכע, וועלכע זענען ווי אָפּגע־שווענקט געוואָרן פון גרויסע כוואַליעס אַרגומענטן, וואָס די זינדיקע לײדנ־שאַפט פון זיין שפּעטער האַרבסט־אַוואַנטורע האָט אָנגעיאָגט.

— וואָס ווילן זיי פון מיר? האָב איך זיי שלעכט דערצויגן? האָב איך זיי דען נישט פאַרזאָרגט? האָב איך עפּעס געקאַרגט פאַר זיי? איך האָב דאָך מיינע קינדער אַלץ געגעבן; טאָ פאַרוואָס זאָל איך נישט טאָרן געניסן פון דעם וואָס מיר איז געבליבן?...

און ער האָט אַ נעם־געטון מאַכן אַ חשבון וועגן יעדן קינד באַזונדער, וואָס ער האָט אַלץ נישט געטון דערפאַר, קליינערהייט אויסגעריסן געוואָרן צוליב די קינדער און ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן, איז עס געווען ווי מען זאָגט: — קליינע קינדער, קליינע צרות און גרויסע קינדער — גרויסע צרות... פונדעסטוועגן, דאַנקען גאָט, געמאַכט פון זיי לייט, חתונה געמאַכט, געהאָלפן זיי איינאָרדענען, אַוועקגעשטעלט זיי אויף אַ פעסטן באָדן, טאָ וואָס ווילן זיי פון אים? וואָס איז זיי דער טאַטע שולדיק געבליבן? צי דאַרף טאַקע אַ טאַטע זיך אָפּזאָגן אינגאַנצן פון לעבן, בלויז דערפאַר ווייל זיינע קינדער ווילן אַזוי?..

פאַרטיק געוואָרן מיט די קינדער, האָט ער זיך גענומען חשבונען אין געדאַנק מיט זיין ווייב:

— מאַטילדע? זי דאַרף זיכער האָבן די קלענסטע טענות... צי האָט זי דען נישט אַלץ וואָס זי דאַרף? צי טראַכט איך דען זי צו פאַרלאָזן? זי האָט גענוג דאָס וואָס זי האָט און וואָס זאָל איך טון אַז איך דאַרף עפּעס מער און איך קאָן זיך עס פאַרגינען, טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך אָפּזאָגן פון לעבן? אפשר דערפאַר ווייל עס קאָסט געלט? וואָס טויג מיר דאָס געלט, אויב איך קאָן נישט לעבן דערפאַר און געניסן דערפון... און אפשר גייט עס טאַקע מאַטילדען פיל מער אין דעם געלט וואָס ער גיט אויס, ווי וועגן אים אַליין... זי האָט אים אַלעמאָל געשטערט אויסצוגעבן אַן איבעריקן סענט... דאָ גיב נישט, דאָרט דאַרף מען נישט און זיי דאָרט, וועלן זיך באַגיין אָן דיין ביי־שטייערונג...

נייך, נישט זיין ווייב און נישט זיינע קינדער האָבן געקאָנט אויף אים אַזוי שטאַרק ווירקן, אַז ער זאָל אַ גאַנצע נאַכט נישט קענען כאַפּן אַ דרימל,

כאַטש אויף איין מינוט; אין בעסטן פאַל האָט מאַטילדע אין חלום געווירקט אויף אים ער זאָל זיך צעווײנען שלאָפנדיקערהייט.

געווירקט אַז ער זאָל נישט קענען כאַפּן דעם שלאָף אויף קיין סעקונדע האָט פלאָראַ און דער יונגער פראַנט מיט די דינע שוואַרצע וואָנצעלעך, וואָס האָט אַמאָל אינטערוועניִרט ביי אים אין פלאָראַס נאָמען, ער זאָל איר שיקן געלט קיין מאַר־דעל־פּלאַטאַ...

.2

ווי שטאַרק עס האָט געברענט אין דאָן סאַמועלס געמיט די ליידנשאַפט פון זיין שפּעטער האַרבסט־ליבע צו דער ראַפינירטער קאָקאָטע פלאָראַ, האָט עס פאַרט, פריִער צי שפּעטער, געמוזט צוקומען צו אַ געוויסן גרענעץ־פּונקט, ווען דאָן סאַמועל וואָלט זיך געמוזט אָפּשטעלן און אַ פרעג־טון ביי זיך אַליין — און וואָס ווייטער?...

און עס קאָן זיין, אַז ווען דאָ זאָל זיין אין שפּיל בלויז אַ פלאָראַ, וואָלט זיך נאָך דאָס שפּיל געצויגן און געצויגן, ביז די פּיפּיקע קאָקאָטע וואָלט ביי דעם נאַרישן יאָלד אַרויסגעצויגן זיין גאַנץ ביסל האָב־און־גוטס ביז איין סענט; אָבער דאָ איז אַריין אין שפּיל אויך דער יונגער פראַנט מיט די דינטשיקע וואָנצעלעך און מיט דעם אייביקן שמייכעלע אויף זיינע ליפּן, אַ שמייכעלע פון וועלכן עס האָט זיך אַלעמאָל אויסגעקרייזלט אַ מין אָנצוהערעניש פון אַ דראָונג און אַט־אָ־דעם יונגן פראַנט איז שוין, ווייזט אויס, מיאוס געוואָרן דאָס לאַנגע שפּילן זיך פאַר „קלייניקייטן" און ער האָט באַשלאָסן צו פאַר־שנעלערן די „אָפּעראַציע", אויסקוועטשן פון דער אַלטער לימענע ביז צום לעצטן טראָפּן און אַוועקוואַרפן און פּטור אַן עסק...

די קליינע שוואַרץ־אויגיקע פלאָראַ, די שכנה וואָס האָט זיך באַוויזן אין דעם ראַם פון פענצטער, פּונקט קעגנאיבער דעם פענצטער פון דאָן סאַמועלס דעפּאַרטאַמענט, בעת זי האָט צעקעמט איר וואַלד פון פּעך־שוואַרצע האָר, האָט טאַקע די ערשטע צייט פון זייערע ראַנדעוווען נישט געוואָלט אָננעמען פון אים אַפילו קיין קליינע מתנה, אָבער דערפאַר האָט זי דערנאָך אָפּגענומען אַ גוטן לוין פאַר איר אָפּגעשפּילטער באַשיידנקייט...

דורך די עטלעכע חדשים זייט דאָן סאַמועל האָט אָנגעקניפּט די זינדיקע באַציִונגען מיט דער קליינער מכשפה, האָט ער שוין פאַרקויפט עטלעכע אייגנטומס און וויפל ער האָט זיך איינגעשאַפט באַרעס געלט איז אַלץ אַוועק, צעגאַנגען זיך אַזוי ווי שניי, אַוועק ווי רויך, אָבער דאָ איז דער רויך, דער טשאַד געבליבן, דער טשאַד וואָס האָט אים, דעם אַלטן דאָן סאַמועל, כסדר געהאַלטן אין דעם פאַרטשאַדעטן צושטאַנד.

פלאָראַ האָט שוין נישט געוווינט קעגנאיבער סאַמועלס דעפּאַרטאַמענט. זי האָט שוין געוווינט אין אַ שיינער הייזקע אויסער דער שטאָט און ראַפינירט

ווי זי איז געווען, האָט זי פאַרשטאַנען אַז דער „וויעכאַ ווערדע" טאָר זיך נישט צופיל איבערעסן מיט איר גוטסקייט און זי האָט אים אין איר בייער וווינונג נישט געוואָלט אויפנעמען; עס האָט געהייסן אַז איר מאַן איז צוריק־געקומען און זי מוז זיין פאָרזיכטיק און אַזוי האָט זי אָנגעהאַלטן מיט אים אַ שטרענגע, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן — „ליבעס דיעטע", וואָס האָט דעם אין תוך־גענומען, נאַיוון, דאָן סאַמועל, געזעטיקט מיט גליק, אָבער קיינמאָל נישט איבערגעזעטיקט...

דאָן סאַמועל האָט געברענט און כאָטש ער האָט שוין אָנגעהויבן איינזען, אַז „אַפילו אַ ברונעם שעפּט זיך אויך אויס" — און ער האָט געציטערט פאַר דעם מאָמענט וואָס קאָן קומען, אַז ער וועט זיך מוזן אָפּזאָגן פון דעם ביסל פאַרשפּעטיקטן גליק, האָט ער פונדעסטוועגן געזוכט אָפּצולייגן, אָפּצושטויסן דעם ביטערן מאָמענט אויף שפּעטער, אויף ווייטער און זאָל דאָס ביסעלע פרייד אים צודינען נאָך אַ ביסל, נאָך אַביסל, נאָך, נאָך...

אָבער דאָ האָט זיך אונטערגערוקט דער פראַנט און געקומען איז ער נאָך אַ רייע קליינע פּאַסירונגען און ער האָט אים געעפנט די אויגן און אים מיטאַמאָל געוויזן די זאַכן אין זייער אמתן שיין...

.3

די „קליינע" פּאַסירונגען וואָס זענען לעצטנס פאָרגעקומען מיט דאָן סאַמועל און זיין קליינע רייצנדער דאַמע, זענען געווען פּשוטע אומאַנגענעמלעכקייטן, וועלכע פלאָראַ האָט נישט געוואָלט צו ווייט פאַרלאָזן.

עס איז נישט געווען בלויז דער פאַקט, וואָס דאָן סאַמועל האָט אָנגעהויבן אונטערהינקען מיט זיינע מתנות וועלכע זענען געוואָרן מאָגערער און אָרעמער, נאָר פיל מער, דער לעצטער פאָרפאַל מיט דער אַטאַקע אויף אַסטמאַ וואָס האָט איר „וויעכאַ־ווערדע" שיעור דערוואָרגן און זי האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט מיט קלאַפּן אים מיט אירע פויסטן אויף דער פּלייצע און ענדלעך, מיטן אַרויסרופן צו אים אַ דאָקטער...

אינמיטן צערטלען זי האָט אים אַטאַקירט די אַסטמאַ; צוערשט האָט ער מיט זיין שטאַרקן הוסטן אַרויסגעשטויסן דעם אָטעם און באַלד האָט ער מיט אַ פּייף צוריק אַריינגעצויגן אַ ביסל פרישע לופט, נאָר אָט האָט ער זיך פאַר־קייכט, נישט געקאָנט אָפּהוסטן און עס האָט אים גענומען אַזוי שטיקן, אַז ער האָט געמיינט אַז שוין, אויס מיט אַלץ, ער עקט זיך...

אַריבער צוויי שעה האָט זיך פלאָראַ מיט אים געמוטשעט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען זיינס אַ קראַנקנשוועסטער, ביז זי האָט זיך קוים מיט צרות דערלעבט צו זען מיט אים אין דעם טאַקסי־אויטאָ, זי איז מיט אים אָפּגעפאָרן עטלעכע געסלעך און איז אַראָפּ, לאָזנדיק אים אַליין ווייטער פאָרן ביז צו זיך אַהיים...

שוין אין הויז, פאַרן אַריינגיין אין דער ווינדע, האָט עס אים ווידער אַ פּאַק־געטון, ער האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, אָבער איצט איז ער שוין געווען ביי זיך אין הויז. דער הויז־אויפזעער האָט אַרויסגעבראַכט אַ שטול און באַלד האָט מען אַראָפּגערופן מאַטילדען, אַ וויינענדיקע האָט זי זיך אָנגעהויבן פּאָרען אַרום אים, געהאָלפן אים אַריינגעמען מיטן שטול אין דער ווינדע און ענדלעך איז ער געלעגן אויף זיין בעט, אַ דאָקטער האָט אים געגעבן אַן אינזשעקציע און עס איז אַריבער.

נאָך אָט־אָ דער פּאַסירונג האָט ער זיך נאָך געטראָפן מיט פלאָראַן צוויי מאָל, אָבערביידע מאָל האָט זי אויסגעמיטן צו גיין מיט אים פאַרברענגען אַ „גליקלעכע שעה", ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען אַז זי דאַרף בלויז זיין געלט, זיינע מתנות, אָבער נישט זיינע אַסטמאַטישע אָנפאַלן מיט זיין קייך־הוסט, ער האָט זיך אָבער בשום־אופן נישט פאַרגעשטעלט, אַז זי וועט זוכן ביי אים אַרויסבאַקומען נאָך געלט, דורך איר פראַנטישן פריינט, אָט־אָ דעם זעלבן, וואָס האָט זיך אָנגענומען פלאָראַס עוולה, ווען זי איז געהאַט פאַרבליבן אין מאַר־דעל־פּלאַטאַ...

פלאָראַס שאַנטאַזשירן איבּ דורך אונטערשיקן צו אים דעם כיטרע שמייכלענדיקן אַלפאָנס, האָט אים געעפנט די אויגן ער זאָל דערזען דעם תהום אין וועלכן ער האָט זיך אַליין אַריינגעוואָרפן און ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי ער קאָן זיך פון דעם תהום אַרויסהייבן און אָט־אָ דאָס טראַכטעניש האָט ביי אים אינגאַנצן צוגערויבט דעם שלאָף.

די אַבסאָלוטע שלאָפלאָזע נאַכט האָט דעם דאָן סאַמועל טאַקע זייער שטאַרק אָפּגעשוואַכט אָבער בלויז פיזיש; גייסטיק פאַר זיין געמיט, זיין גע־וויסן, פאַר זיין פליכט־באַוווסטזיין אַלס מאַן, פאָטער און זיידע איז די שלאָפ־לאָזע נאַכט אונטער דער געטרייער אויפזיכט פון מאַטילדען, געווען פאַר אים אַן אמתע רפואה שלימה!...

די טראַכטענישן וואָס האָבן זיך אין דער לאַנגער שלאָפלאָזער נאַכט גע־באַמבלט אין זיין מוח, האָבן אים באַגלייט אַלע טעג פון זיין ווייטערדיקן לעבן, ווי איר וועט עס זען אין דעם קומענדיקן לעצטן עפּיזאָד מיט וועלכן עס ווערט פאַרענדיקט די אויטענטישע געשיכטע פון דעם היינטצייטיקן פאָוסט, דעם עקאָנאָמיש אַרויפגעאַרבעטן דאָן סאַמועל...

### צענטער קאַפּיטל

## דאָן סאַמועלס גענעזונג...

.1

דאָס באַקאַנט ווערן, דאָס טרעפן זיך און די הייסע פאַרליבעניש אין דער קליינער, שיינער, שוואַרץ־אויגיקער שכנה פלאָראַ, איז דעם דאָן סאַמועל אַ סך לייכטער אָנגעקומען ווי דאָס פּטור ווערן פון איר.

מיט זיין מוח, מיט זיין שכל, האָט ער שוין לאַנג פאַרשטאַנען, אַז אַט־אָ די יונגע שיינע און גוט־ראַפּינירטע קאָקאָטע, די פלאָרא, וועט אים דערפירן צום אָפּגרונט, אויב ער וועט זיך נישט באַצייטנס באַפרייען פון איר שליטה און נאָך שטאַרקער האָט ער עס פאַרשטאַנען, ווען זי אַליין, פלאָרא, האָט אויפגעהערט קומען אַזוי אָפט אויף זיינע אַרויסרופן, נאָר זי האָט אים אונטערגעשיקט דעם פּאַמאַדירטן פראַנט מיט די דינע שוואַרצע וואָנצעלעך...

אָבער נישט אַלעמאָל דאָמינירן איבער דעם מענטשן זיינע העכערע אינסטינקטן און דער יצר־הרע האָט זיך זיינע טויזנטער פאָרטלען און שפּיצלעך ווי אַזוי צו וועקן דווקא די נידעריקע אינסטינקטן און אָבי איינמאָל אַריינגעפאַלן אין דעם שפּיל פון שטן, איז זיך שוין נישט אַזוי לייכט אַרויסצודראַפּען און דאָן סאַמועל האָט טאַקע אַ סך, אַ סך געליטן, און עס קען זיין, אַז ער וואָלט ווייטער געפאַלן און געפאַלן ביז ער וואָלט זיך טאַקע צום איבעריקן אַליין רויִנירט און אומגעבראַכט, ווען עס קומט נישט די שלאָפלאָזע נאַכט וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער זיין גאַנצן געמיט און אים געוויזן אַזעלכע בילדער און אים געגעבן אַזעלכע לאָגישע וואָרענונגען, וואָס האָבן אויף דעם דאָן סאַמועל געווירקט שטאַרקער ווי די שטאַרקסטע מוסר־ספרים האָבן אַמאָל געווירקט אויף די פרומע ייִדן...

עס איז אמת, אַז די זינדיקע ליבעס־אַוואַנטורע האָט דעם דאָן סאַמועל עפּעס ווי יונגער געמאַכט, ער האָט זיך געפילט פלינקער און באַוועגלעכער און כאָטש זיין ווּעלן אַרויסווייזן קאַוואַלערישע יוגנטלעכע מאַנירן, זענען פּשוט געווען ווי אַ חוזק, האָט ער אַליין אָבער דעם חוזק נישט געזען און נישט געפילט, ביז ענדלעך, ער האָט זיך דערזען אָפּגענאַרט, באַשווינדלט, אַלט, אַזוי געבראָכן אַלט, נאָך עלטער ווי ער איז אין דערווירקלעכקייט...

די שלאָפלאָזע נאַכט האָט אים אויפגעדעקט די קאָרטן פון זיין געפערלעכן אַזאַרט־שפּיל און ער האָט זיך דערזען אַלס פאַרשפּילטן, וואָס האָט שוין אַפילו נישט מער וואָס איינצושטעלן כדי צו קענען עפּעס אָפּגעווינען אויף צוריק; ער האָט געזען, אַז נישט נאָר אַ גאָר גרויסער טייל פון זיין דורך יאָרנלאַנג אויסגעהאָרעוועטן האָב־און־גוטס האָט ער שוין פאַרשפּילט אין דעם געפערלעכן ליבעס־אַזאַרט, נאָר אויך זיין ערע, זיין כבוד שטייט אין קאָן און אויב ער וועט זיך נישט אָנטון אַ כוח און זיך אַרויסרייסן פון דער זינדיקער נעץ פון ליידנשאַפטן, וועט ער פאַרלירן דאָס לעצטע ביסל ערע צוזאַמען מיט זיין לעבן...

.2

נישט אויף פּאַפּיר און פעדער, האָט ער געמאַכט די חשבונות וויפל דאָס טראַגישע שפּיל האָט אים אָפּגעקאָסט און נישט אין קיין ספר־הזכרונות האָט ער געלייענט וועגן זיינע מעשים אין משך פון די לעצטע חדשים, נאָר

די לאַנגע וואָך־נאַכט האָט אים דאָס אַלץ געוויזן ממש ווי שוואַרץ אויף ווייס און כסדר מיט דראָענדיקע אויסרוף־צייכנס...

דער חשבון פון דער שלאָפלאָזער נאַכט האָט אים געוויזן, אַז ווייניק זענען געווען די שעהן פון פרייד וואָס ער האָט געגאַסן אין חברותא מיט דער קליינער קאָקאָטע און דערפאַר זענען אַ סך די טעג און שעהן פון צער און פּיין, פון שרעק אַריינגעצוויגן צו ווערן אין אַן אַפערע מיט דעם פּראַנט. פלאַראַס „באַשיצער" און אין דער שלאָפלאָזער נאַכט האָט ער נישט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי ער, דער אַלעמאָל אַרבעטזאַמער און פּראַקטישער דאָן סאַמועל, האָט געקענט מאַכן אַזאַ אומגליקלעך „געשעפט" פון קויפן זיך אַביסעלע פאַרגעניגן פאַר אַזאַ שוידערלעך טייערן פּרייז; ווי אַזוי עס איז געשען, אַז ער זאָל אַזוי מיאוס אַריינפאַלן...

די שלאָפלאָזע נאַכט האָט אים געוויזן, אַז דאָ גייט עס נישט בלויז אין זיין געלט; אַז געלט איז נישט אַלץ; אַז עס איז פאַראַן עפּעס העכערס פון געלט און דאָס איז דער מענטש גופא, זיין לעבן, דאָס לעבן פון זיין פאַמיליע, פון ווייב און קינדער און דער גאָלדענער פּראָצענט פון דעם נאַטירלעכן קאַפּיטאַל — די טייערע אייניקלעך; דאָ גייט עס אין דעם כבוד, אין דעם גוטן נאָמען פון דריי דורות, טאַטע־מאַמע, קינדער און אייניקלעך און דאָס טאָר ער נישט פאַרשפּילן, דאָס טאָר ער נישט וואַרפן אין קאָן פון זיינע ליידנשאַפטן; אָ, גאָט!...

אין דער שלאָפלאָזער נאַכט האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די גאַנצע שרעק וואָס ער האָט געהאַט צוליב דעם פּראַנט; ווידער האָט ער געזען זיין שמייכלדיק פּנים פון וועלכן עס האָט זיך ווי אַרויסגעקרייזלט אַ דראָונג. דער פּראַנט האָט ביי אים געפאָדערט געלט פאַר פלאָראַן, ווייל זי געפינט זיך אין אַזאַ מצב, וואָס איר מאַן, וועלכער דאַרף אין עטלעכע טעג אַרום צוריקקומען, טאָר זי אַזוי נישט טרעפן...

דער שאַנטאַזש איז געווען אַזוי בולט, אַז ווייטער האָט ער עס נישט געקענט אַזוי לאָזן, און אָט זעט ער זיך ביי זיין אַדוואָקאַט, ער שטייט פאַר דעם אַדוואָקאַט אַזוי ווי אַ פאַרשולדיקט שול־ייִנגעלע און מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ דערציילט ער פאַר אים ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן און געמאַכט אין פּעלער נאָכן אַנדערן...

— אָ, דער אַדוואָקאַט האָט שוין געמוזט האָבן אַ סך אַזעלכע ענינים... ווי ער האָט דאָס דעם פּראַנט אַ נעם־געטון מיט פעסטן וואָרט!... ווי דער פּראַנט האָט זיך דאָס פאַרענטפערט... ער האָט נישט געוווסט... ער האָט גע־מיינט אַז דער אַלטער האָט זי טאַקע ליב... ער האָט פאַרזיכערט אַז ער וועט זיך מער נישט מישן און איז אַוועק פון אַדוואָקאַט ווי אַן אָפּגעשמיסענער...

.3

צווײ מאָל האָט אים אין דער שלאָפלאָזער נאַכט אַטאַקירט דער אַסטמאַ־טישער הוסט אַזוי שטאַרק, אַז ער, דער דאָן סאַמועל, האָט געמײנט אַז עס איז מיט אים אױס...

אָבער איצט איז נעבן זײן בעט געזעסן מאַטילדע, זײן װײב, װאָס האָט אים באַלד אונטערגעטראָגן אַ טרונק לימאָנאַד און אים געגעבן אַ פּיל, און ער האָט זיך באַלד אָנגעהױבן פּילן בעסער.

בעת דער צװײטער אַטאַקע, האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט און װען עס איז אים געװאָרן גרינגער, האָט ער גענומען מאַטילדעס האַנט אין זײנער און ער האָט אױף איר געקוקט מיט אַזױ פּיל ליבשאַפט און דאַנקבאַרקײט און געטראַכט האָט ער בשעת־מעשה, אַז איצט װאָלט נישט געשאַדט, װען דער הוסט װאָלט אים אינגאַנצן דערשטיקט... ער איז איצט אין דערהײם... בײ זיך אין דערהײם... נישט װי יענער דאָרט... אַ טאַטע פון קינדער, אַן אָנגעזעענער מענטש, האָט מען אים באַדאַרפט אַרױסנעמען אינמיטן העלן טאָג פון אַזאַ מין האָטעל... אַ האַרצשלאַג און פּטור און זײן טױט האָט אַרױסגערופן לײטיש געלעכטער...

און עס קען זײן, אַז אין דער לאַנגער שלאָפלאָזער נאַכט, האָט דאָן סאַמועל פאַרט געכאַפּט אַ דרימל אױף אַ סעקונדע, װײל טראַכטנדיק װעגן יענעם װאָס איז געשטאָרבן אױף אַזאַ מיאוסן אופן, האָט ער פּלוצים דערזען זיך אַלײן מיט פלאָראַן אױף אַזאַ פּלאַץ און עס האָט אים אַ דישע־געטון דער הוסט און באַהערשט פון אַ פּאַנישער שרעק האָט ער װי פון שלאָף, אױסגע־שריגן: — נײן! נײן! נאָר נישט דאָ!...

װי דאַנקבאַר ער איז איצט מאַטילדען װאָס זי זיצט אַזױ נעבן אים און זי היט אים אָפּ... — דאָ מעג שױן געשען מיט אים װײס איך װאָס... אין מײן הײם בין איך...

מאַטילדע װישט אים דעם שװײס פון שטערן, דערלאַנגט אים נאָך אַ שלונג לימאָנאַד און זעענדיק אַ שמײכל אױף זײן פּנים, הײבן איר אָן רינען די טרערן פון די אױגן, זי װײנט אָן אַ קול, זי װײסט אַז סאַמועל האָט זי פּײנט צו הערן װײנען, אָבער די טרערן צוריקהאַלטן קען זי נישט און ער זעט אַז זי װײנט, אָבער ער װערט איצט נישט בײז, ער גלעט איר די האַנט און זאָגט איר אַז ער פּילט זיך שױן גוט, אַז זי קען זיך שױן לײגן אין בעט אַרײן, ער װעט שױן אפשר קענען שלאָפן... אָבער זי װיל נישט אָפּ־טרעטן, זי װאַכט נעבן אים, זי פּילט מיט איר גאַנצן ערלעכן געמיט, אַז אין איר מאַנס האַרץ און מוח קומט פאָר אַ גרױסער איבערברוך, אין זײן דאַנק־באַרן און מחילה־בעטנדיקן שמײכל דערקענט זי עס און זי װיל אים איצט

נישט לאָזן אַליין אויף זיין גורל, זי מוז אים באַוואַכן, זי וועט נישט פריער גיין שלאָפן, ביז זי וועט אים זען אַ געראַטעוועטן...

.4

אַ חוץ דער געשיכטע מיט דעם אַנגעזעענעם סוחר וואָס איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־שלאַג אויף אַ נישט־פיינעם פּלאַץ, האָט זיך דער דאָן סאַמועל אין דער גאַנצער שלאָפלאָזער נאַכט נאָך דערמאָנט אַ סך זאַכן, וואָס זענען פאַר זיין געמיט געווען ווי אַ גוטע היילונג.

לאַנגע רייען פּנימער זענען פאַר אים פאַרבייגעשוועבט און יעדעס פּנים האָט אים דערמאָנט אָן עפּעס אַנדערש, וואָס איז אין זיין מוח באַלד אויסגעטייטשט געוואָרן פאַרן אייגענעם געברויך.

אָט זעט ער די געשיכטע פון זיין אַמאָליקן פריינט פעדעריקאָ; דער דאָקטער האָט אים געוואָרנט אַז ער טאָר נישט עסן קיין פּיקאַנטע זאַכן, האָט ער נישט געפאָלגט, נו, ליגט ער שוין זינט צוועלף יאָר אונטער אַ שווערער מצבה און זיין ווייב, בעלאַ, פראַווועט שוין אַ יום־טוב צום צענטן אַניווערסאַר פון דער חתונה מיט איר צווייטן מאַן...

אַזוי פיל פריינט זיינע, אָט שוועבן זיי פאַרביי זיינע אויגן, די מערסטע פון זיי האָבן זיך „אַריבערגעפּעקלט" צוליב זייער אייגענער שולד, פון נישט אָנהאַלטן אַ נאָרמאַלן לעבנסשטייגער און נישט אויסהיטן זיך פון פאַרבאָטענע פּיקאַנטע מאכלים...

און דאָן סאַמועל כאַפּט זיך פּלוצים, אַז אַ פּיקאַנטע ליבע אויף די עלטערע יאָרן, איז פיל געפערלעכער פון דעם פּיקאַנטסטן מאכל און דאַנקען גאָט, נאָך די ביטערע דערפאַרונגען זיינע, וועט ער שוין וויסן ווי זיך אויסצוהיטן דערפון...

און נאָך אַ זאַך, אַ גאָר אַלט בלעטל געשיכטע האָט דער יצר־טוב אין זיין מוח אויפגעמישט און ער האָט זיך דערמאָנט אַ שמועס צווישן פרומע ייִדן נאָך אין דער אַלטער היים, אין פּוילן, ווען ער איז געווען נאָך אַ חדר־ייִנגל:

— דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ קעראָסין־לאָמפּ מיט אַ קנויט; אויב מען דרייט דעם קנויט צופיל אַרויס, ברענט טאַקע דער לאָמפּ אַ סך ליכטיקער, אָבער שנעל ווערט דערפאַר דער קעראָסין אויסגעברענט און דער לאָמפּ הייבט אָן טשאַדען און קאָפּטשען און לעשט זיך אויס...

אויב מען וויל, אַז דער לאָמפּ זאָל ברענען לענגער, דאַרף מען דעם קנויט נישט צופיל אַרויסדרייען; אַביסעלע ווייניקער ליכטיקער, אָבער דערפאַר, אַ לאַנגע נאָרמאַלע ליכטיקייט... ביי פלאַראַס שטאַרקער ליכטיקייט, האָט ער זיך, ווי אַ פליג, אָפּגעזענקט די פליגל און איז שיעור אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן...

די מעשה מיט דעם לאָמפּ, האָט ער אין דער שלאָפלאָזער נאַכט פאַר־גליכן צו די פּיקאַנטע מאכלים און צו זיין אייגענער פּיקאַנטער ליבע אויף דער עלטער און זעענדיק ווי מאַטילדע שמייכלט צו אים דורך טרערן, האָבן זיך אויך זיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן און גלעטנדיק איר האַנט, האָט ער זי געבעטן: — זע, מאַטילדע, עס נעמט שוין טאָגן אינדרויסן... דריי אוין די ליכט... מען דאַרף נישט גלאַט לאָזן ברענען...

מאַטילדע האָט געפאָלגט. זי האָט זיך צו־ערשט צוגעבויגן און סאַמועלן אַ קוש־געטון אין שטערן, איינגעדרייט די עלעקטרישע ליכט און זיך געלייגט אין בעט אַריין נעבן איר מאַן.

דורך די טיולענע פאָרהאַנגען אויפן ברייטן פענצטער האָט זיך דורכ־געריסן די ערשטע גרויע פרימאָרגן־ליכטיקייט וואָס האָט מאַט באַלויכטן די אידיליע פון דעם אין בעט־ליגנדיקן איבערגעבעטענעם אַלטן פּאָרפאָלק...



## טייטש און באַדייטונג פון די שפּאַנישע ווערטער

א) — אַבועליטאַ — **זיידעשי**; אַסענסאָר — **אַ ווינדע**; אָפּיציאַלן — (**אין דעם פּרט**: — )**מייסטער, געזעלן און מעדיאָ־אָפּיציאַלן — האַלבע מייסטער**; אַפּלאַכירט — **לויז געוואָרן**...

ב) — באַרדאַדאָראַ — **אַ האַפּטשאַרקע (אַ שטיקערן)**.

ג) — גואַפּאַ — **אַ דרייסטער (אַ געוואַגטער)**.

ב) — דאָנאַציאָנען — **באַשטייערונגען**.

ו) — וויעכאָ — **אַלטער**, וויעכאָ־ווערדע — **גרינער, אָדער נאַרישער אַלטער, אַ יאָלד, אַ פּרייער**...

ז) — זשאַמאַדע — **אַרויספאָדערונגס־פּאַפּירן**.

ט) — טאַזשער — **אַ וואַרשטאַט**; טאַרכעטלעך — **אַזעלכע קאַרטלעך אויף וועלכע עס ווערן פאַרשריבן די נעמען און אַדרעסן און די חובות פון די קליענטן וואָס קויפן אויף ראַטן־אָפּצאָלונגען**.

ל) — ליאַס — **צרות, אומאַנגענעמלעכקייטן**; ליסעאָ — **אַ מיטל־שול**.

מ) — מאַקאַנעס — **אָפּנאַרערייען**; מאַראַטשאַ — **אַ ברונעטקע**; מעדידע — **צו דער מאָס (באַשטעלט אָדער גענייט, אויסגעפּאַרטיקט לויט מאָס)**.

ס) — סאַלטאַ־דע־קאַמאַ — **אַ שלאָפּראָק**; סי — **יאָ**; סעדולאַ — **אַן אידענטיטעט־צייגעניש**; סעניע — **האַנט־געלט**.

ע) — ען־בלאַנקאָ — **אין ווייסן**; ענקאַרגאַדאָ — **הויז־אויפזעער**; עסקרי־טאָריאָ — **ביוראָ**; עסקריבאַנאָ — **אַ נאָטאַר**.

פּ) — פּאָברע — **אָרימער**; פּאַטראָן — **באַלעבאָס**; פּיטשעס — **מעטאַלענע אָדער ביינערנע אָפּצייכן וואָס מען שטעלט איין ביים שפּיל אַנשטאָט געלט**.

ק) — קאָמעדאָר — **עס־צימער**; קאָמפּראַ־ווענטאַ — **אַ געשעפט פון קויף און פאַרקויף פון אַלטע אָדער נייע זאַכן**; קאָנווענטיזשע — **אַ גרויסער הויף מיט קליינע שטיבלעך איינס נעבן אַנדערן, ווו עס וווינען אָרימע פאַמיליעס**; קאָנטאַדאָרן — **בוכהאַלטערס**; קאַפּאַטאַז — **אַן אַרבעטס־אויפזעער**; קומפּלעאַניאָס — **אַ געבורטס־טאָג**; קוענטע־קאָריענטע — — **אַ לויפנדיקער חשבון אין באַנק**; קוראַנדעראָ — **אַ זנאַכער(קע)**; קע סעי זשאַ — **וואָס ווייס איך...**; קליענטעלא — **קונים (קונדשאַפט)**.

# דערשינענע ביכער פון נחמיה צוקער

## חליצה

דראַמע אין דריי אַקטן מיט אַ פּראָלאָג, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „דאָס ביכל" — קראָקע, 1922 (אויספאַרקויפט).

## איינאַקטערס

1) ווען די נאַכט פאַלט צו...; 2) אויפן קאַמף (פאַרלאַג „אַרטיסטיש ווינקעלע" — בוענאָס איירעס, 1924. (אויספאַרקויפט).

## דער רעצענזענט

קיבעץ אין איין אַקט, אַרויסגעגעבן פון דראַמקרייז ביים גאַליציאַנער פאַר־באַנד — בוענאָס־איירעס, 1926. (אויספאַרקויפט).

## שפּאַס און ערנסט

געגראַמטע הומאָרעסקעס, לידער און פּאַראָדיעס, פאַרלאַג „דער קונדאָס" — בוענאָס־איירעס, 1933. (אויספאַרקויפט).

## פאַר דראַמקרייזן

(צען איינאַקטערס):

1) אין רעדאַקציע; 2) אַן עצה; 3) דער רעצענזענט (צווייטע אויפלאַגע); 4) ווען די נאַכט פאַלט צו... (צווייטע אויפלאַגע); 5) אויפן קאַמף (צווייטע אויפלאַגע); 6) אין פעלד־שפּיטאָל; 7) די קליאַטשע (סצענירונג); 8) מקובלים (סצענירונג); 9) דער קונסט־מאָלער (סצענירונג); 10) ברידער (פראַגמענט פון י. ל. פּרעצעס „ביים פרעמדן חופּה־קלייד" (סצענירונג). אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „דער קונדאָס", בוענאָס־איירעס, 1935 (אויספאַרקויפט).

## פון אַלץ צו ביסלעך

מיט פאָלגנדיקע דערציילונגען און הומאָרעסקעס:

1) דער יורד; 2) את יום חג הפּראָלעטאַריאַט הזה; 3) מי בחרב ומי ברעב; 4) דער זשורנאַליסט; 5) זיין ערשטע ליבע; 6) דאָס אָרימע ייִנגעלע; 7) וויל־טעטיקייט; 8) דער שבת־לייכטער; 9) לעבן; 10) ליידנשאַפט; 11) עס ווילט זיך הייִנט נישט דערציילן...; 12) אַזוי איז עס שוין און פּטור... (מאָנאָלאָג) 13) דריי עפּיזאָדן; 14) די מוטער און דאָס קינד; 15 צוליב אַ טראַמוויי־בילעט; 16) אַ נישטקשהדיקער איינפאַל; 17) מיין פריינט, דער זייגער־מאַכער; 18) צרות מיט דער גראַנדע; 19) אַ ווייב אויף „פּלאַסע״ (צום אויסצאָלן...); 20) דער טעאַטער־דירעקטאָר. (פאַרלאַג „דער קונדאָס״, בוענאָס־איירעס — 1935). (אויספאַרקויפט).

## אין נאָמען פון גערעכטיקייט

טראַגעדיע אין דריי אַקטן (זעקס בילדער מיט אַ פּראָלאָג) — ב. איירעס, 1936 (אויספאַרקויפט).

## פאַבריקאַנטן

קאָמעדיע אין איין אַקט, בוענאָס־איירעס, 1937.

## פיר דורות יידיש טעאַטער

ביאָגראַפישער ראָמאַן לויט אָנגעגעבענע דאַטעס פון דער אַקטריסע זינאַ ראַפּעל — אין צוויי בענד, 512 זייטן (32 זייטן פאָטאָ־אילוסטראַציעס) אייגענער פאַרלאַג, בוענאָס־איירעס, 1944. (אויספאַרקויפט).

## פנקס גאַליציע

640 זייטן, גרויסער פאָרמאַט, רעדאַקטירט פון נחמיה צוקער, אַרויסגעגעבן פון גאַליציאַנער פאַרבאַנד אין אַרגענטינע, צום צוואַנציקסטן אַניווערסאַר זייט דער גרינדונג — בוענאָס־איירעס, 1945.

## יאָרבוך

פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע, פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפט־לעכקייט, רעדאַקטירט פון נחמיה צוקער, אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידיש״, בוענאָס־איירעס, 1945—46.

## מוטער און קינד

ערשטער ראָמאַן פון יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין אַרגענטינע — און

## צווישן נעכטן און מאָרגן

אַ בוך דערציילונגען און אַ דראַמע מיט פאָלגענדיקן אינהאַלט:
1) ר׳ יוסף ענגל און זיין זון; 2) דער ליידנס־וועג פון דוד האַלצמאַן; 3) מען דאַרף רחמנות האָבן; 4) אַ זון אַ דאָקטאָר; 5) דער אונטערגאַנג פון אַרטיסט יאָזעף אונגער; 6) דאַן כעראַנימאָ; 7) צווישן נעכטן און מאָרגן און

## אין בלוטיקן געראַנגל

(דראַמאַטישער מלחמה־רעפּאָרטאַזש אין אַכט בילדער מיט אַ פּראָלאָג). די צוויי ביכער זענען אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט, צום פופציקסטן געבורטסטאָג פון מחבר; בוענאָס־איירעס, 1946. (אויספאַרקויפט).

## שיף אַטלאַנטאַ

ראָמאַן פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע, אין פיר טיילן, באַנד 1, (ערשטער און צווייטער טייל) 244 זייטן, בוענאָס־איירעס, 1952.

## שיף אַטלאַנטאַ

צווייטער באַנד (דריטער און פערטער טייל) 256 זייטן, בוענאָס־איירעס, 1954.

## אויף נייע רעלסן

צוואַנציק דערציילונגען, יובליי־אויסגאַבע, אַרויסגעגעבן דורך אַ געזעלשאַפט־לעכן קאָמיטעט, צום זעכציקסטן געבורטסטאָג פון מחבר; ב. איירעס, 1957.

---

**עס איז אַרייך אין דרוק:**

### צו זינגען און צו זאָגן

**פֿאַרטיק צום דרוק:**

## די אייביקייט פֿון ישראל

(טעאַטער־שטיק אין פֿופֿצן בילדער)

## דאָס לעבן פֿון אַ פּראָסטן ייִד

(ראָמאַן אין פֿיר טיילן)

**און**

## דערציילונגען

NECHEMIAS ZUCKER

# SOBRE RIELES NUEVOS

NARRACIONES
DE LA VIDA JUDIA EN
LA ARGENTINA



Editado por el
**COMITE DE HOMENAJE AL AUTOR**
en el 60º Aniversario de su nacimiento
BUENOS AIRES, 1958